# פון
# הערצלס טאָג־ביכער

איבערזעצונג און קאָמענטאַרן
פון
א. אַלפּערין



הספריה הציונית
על יד הנהלת ההסתדרות הציונית
ירושלים תשכ״ה

הערצלס טאָג־ביכער זענען די מעמואַרן, וואָס דער גרינדער פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און טרוימער פון דער ייִדישער מדינה האָט איבערגעלאָזט, וועגן זיין גרויסן היסטאָרישן קאַמף פאַר דער ווידעראויפריכטונג פון ייִדישן היימלאַנד.

דר. בנימין זאב (טעאָדאָר) הערצל האָט אָנגעהויבן זיינע טאָג־ביכער אין יוני 1895, בערך 2 יאָר פאַר דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, וועלכן ער האָט צונויפגערופן און ווו ער האָט געגרינדעט די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע, פּראָקלאַמירנדיק עפנטלעך די אידעע פון ייִדנשטאַט.

אויף די ערשטע זייטן פון זיינע טאָג־ביכער באַשרייבט דר. הערצל, וואָס ער האָט איבערגעלעבט, ווען ער האָט זיך פאַרטראַכט טיפער וועגן דער לאַגע פון די ייִדן אין דער וועלט, און ווי עס האָט אין אים אויפגעוואַכט די אידעע וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ גרויסער פּאָליטישער אַקציע ביי די פאַרשידענע מלוכות פאַר ווידעראויפריכטן די ייִדישע מדינה אין ארץ־ישראל. און ביז די לעצטע שורות פון זיינע טאָג־ביכער, ביים סוף פון הערצלס לעבן, איז יעדעס וואָרט אַ צייכן פון כסדרדיקן געראַנגל און געוואָגטע שריט פאַר דער רעאַליזירונג פון די ציוניסטישע אידעאַלן, ווי זיי האָבן וויזיאָנעריש דערוואַכט ביים יונגן הערצל.

[ א ]

די ערשטע מחשבה וועגן ווערק "דער יידנשטאַט"

צווישן הערצל און באַראָן הירש

די נישט־געהאַלטענע רעדע צו דער פאַמיליע ראָטשילד

פאַרצייכענונגען צום פּלאַן וועגן אַ יידנשטאַט

די ערשטע באַגעגעניש מיט מאַקס נאָרדוי

פאַרהאַנדלונגען מיט יידישע באַנקירן און עסקנים

ביים קאָלאָנעל גאָלדסמיט אין לאָנדאָן

קאָנפליקטן מיט דער "נייע פרייע פרעסע"

פאַר דער דערשיינונג פון "יידנשטאַט"

פּאַריז, אָנהייב יוני, 1895.

שוין אַ געוויסע צייט, ווי איך בין פאַרנומען מיט אַ ווערק, וואָס זיין באַדייט איז נישט אָפּצושאַצן. איך קאָן נישט זאָגן שוין איצט, צי איך וועל עס דערפירן ביז צום סוף; עס זעט אויס ווי אַ גיגאַנטישער חלום. אָבער זיבן טעג און נאַכן פילט עס מיך אָן אין גאַנצן. ס'האָט פאַרכאַפּט מיין אונטערבאַוווסטזיין און עס באַגלייט מיך אומעטום, ווו איך גיי. עס שוועבט איבער מיינע געוויינלעכע, טאָג־טעגלעכע געשפּרעכן און דער־הייבט זיך העכער, אַריבער מיין קליינלעכער, קאָמישער זשורנאַליסטישער אַרבעט. עס צערודערט מיך און באַרוישט מיך.

צו וואָס עס וועט ברענגען, איז נאָך איצט אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן, אָבער מיר דאַכט, אַז דאָס איז עפּעס וווּנדערלעכס, און אַפילו בלויז ווי אַ חלום, דאַרף איך עס אויפשרייבן — אויב נישט אַלס אַ ווערק צום זכרון פאַר דער מענטשהייט, איז פאַר מיין אייגענעם פאַרגעניגן, אָדער פאַר מיינע מחשבות אין די קומענדיקע יאָרן. און אפשר גאָר עפּעס אַזעלכעס, וואָס צווישןביידע מעגלעכקייטן — פאַר דער באַרייכערונג פון דער ליטע־ראַטור. אויב דער דאָזיקער ראָמאַן וועט נישט ווערן אַ פאַקט, קאָן דער פאַקט, לכל הפחות, ווערן אַ ראָמאַן.

דער נאָמען איז: ד אָ ס צ ו ג ע ז אָ ג ט ע ל אַ נ ד.

פון ווען אָן האָב איך זיך אָנגעהויבן צו באַשעפטיקן מיט דער יידן־פראַגע? געוויס זינט איך האָב געלייענט דירינגס * בוך. אין איינעם פון

* ע. ק. דירינג, אַ דייטשער פילאָזאָף, אַן אַנטיסעמיט, האָט אָנגעשריבן אַ בוך: "די יידן־פראַגע אַלס אַ פראַגע פון ראַסן־שעדלעכע פאַר דער עקזיסטענץ, זיטן און קולטור פון די פעלקער".

מיינע אַלטע נאָטיץ־ביכער, וואָס ליגן פּאַרפּאַקט ערגעץ ווו אין ווין, גע־
פונען זיך עטלעכע פון מיינע ערשטע באַמערקונגען וועגן דירינגס בוך.
אין יענער צייט האָב איך נאָך נישט געפונען קיין זשורנאַל וווּ צו פּאַר־
עפנטלעכן מיינע ליטעראַרישע אַרבעטן. איך גלייב, אַז דאָס איז געווען
אין 1881 אָדער 1882. אָבער איך ווייס, אַז אפילו היינט־צו־טאָג לאָז איך
אָפּט הערן די ווערטער, וועלכע איך האָב דעמאָלט פאַרצייכנט. און מיט
דער צייט, אין לויף פון די יאָרן, האָט די יידן־פראַגע זיך טיפער איינ־
געגעסן אין מיר, מיך אויפגעטרייסלט און מיר גורם געווען אַ סך צער.
און אין דער אמתן האָב איך זיך אומגעקערט צו איר נאָך אַ מאָל און
ווידער אַ מאָל, תמיד ווען איך האָב מיין אייגענע פערזענלעכע דער־
פאַרונג, פּיין און פרייד, צונויפגעפּירט מיטן כלל.

די יידן־פראַגע האָט נאַטירלעך אַרויסגעקוקט צו מיר פון יעדן ווינקל.
איך האָב געזיפצט וועגן איר און געשפּאָסט. איך האָב זיך געפילט אומ־
גליקלעך. אָבער זי האָט מיך קיין מאָל אין דער אמתן נישט אָנגערירט
שטאַרק, הגם, נאָך איידער איך בין געקומען אַהער קיין פּאַריז, האָב איך
שוין געוואָלט אָנשרייבן אַ יידישן ראָמאַן. איך האָב געהאַט בדעה צו
שרייבן דעם ראָמאַן בעת מיין רייזע איבער שפּאַניע, אין 1891. די הויפּט־
פיגור האָט געזאָלט זיין מיין טייערער פריינד היינריך קאַנאַ*, וועלכער
האָט זיך דערשאָסן אין בערלין, אין פעברואַר, 1891. איך גלייב, אַז איך
האָב געוואָלט זיך באַפרייען פון זיין געשפּענסט מיטן אָנשרייבן דעם
ראָמאַן.

דאַן האָט מיך די "נייע פרייע פּרעסע" גערופן קיין פּאַריז אַלס איר
קאָרעספּאָנדענט. אין פּאַריז בין איך אַריינגעגאַנגען — לכל הפּחות אַלס
אַ באַאָבאַכטער — אין פּאָליטישן לעבן. איך האָב געזען די וועלט, ווי זי
ווערט רעגירט. איך בין אויך געשטאַנען אַ פאַרחידושטער פאַר דער
דערשיינונג פון אַ גרויסן המון, נישט באַגרייפנדיק אים אַ לאַנגע צייט.
דאָ האָב איך זיך אויך באַקענט מיט אַ מילדערער און העכערער באַציונג
צום אַנטיסעמיטיזם, פון וועלכן איך אַליין האָב לכל הפּחות דירעקט נישט

* היינריך קאַנאַ איז געווען הערצלס פריינד פון די סטודענטן־יאָרן. ער האָט אים פאַר־
אייביקט אין דעם ראָמאַן "אַלט־ניי־לאַנד", אין זיין העלד פרידריך לעווענבערג.

געליטן. אין עסטרייך און אין דייטשלאַנד האָב איך שטענדיק געדאַרפט ציטערן, צי עמעצער וועט מיר נישט נאָכשרייען: ״העפּ! העפּ!״ * דאָ בין איך פאַרבייגעגאַנגען ״נישט דערקענט״ אין דער מאַסע.

אין דעם דאָזיקן וואָרט ״נישט דערקענט״ ליגט אַ שרעקלעכער פאַר־וווּרף קעגן די אַנטיסעמיטן.

דער ״העפּ! העפּ!״ האָט זיך צו מיינע אויערן דערטראָגן בלויז צוויי מאָל. צום ערשטן מאָל אין מיינץ, ווען איך בין געפאָרן דורך דער שטאָט אין 1888. אין די אָוונט־שעהן בין איך געקומען אין אַ ביליקן קאָנצערט־לאָקאַל, כ׳האָב דאָרט געטרונקען ביר און ווען איך בין אויפגעשטאַנען און זיך געלאָזט צו דער טיר דורכן טומל און רויך האָט אַ יונגער חברה־מאַן מיר נאָכגעשריִען: ״העפּ! העפּ!״.

דאָס צווייטע מאָל איז עס געווען אין באַדען, ווען עמעצער האָט מיר נאָכגעשריִען ״שווייניִשער ייד״, בעת איך בין דורכגעפאָרן אין אַ קאַ־רעטע — —

פון אָנהייב אָן האָב איך פאַרשטאַנען די פוסטקייט און די נוצלאָזיקייט פון די אָנשטרענגונגען פאַר דעם ״קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם״. מיט פּאַפּירענע דעקלאַמאַציע אָדער אַרגומענטן אין אַ געשלאָסענעם קרייז קאָן מען דאָ גאָרנישט אויפטאָן. עס ווירקט אַפילו קאָמיש. צוזאַמען מיט אַזעלכע, וואָס ווילן זיך שטופּן פאָרויס, און סתם קרענקלעכע באַשעפע־נישן, קאָן מען געפינען זייער ערלעכע מענטשן אין אַזעלכע ״הילפס־קאָ־מיטעטן״. זיי זענען ענלעך צו די ״הילפס־קאָמיטעטן״, וואָס ווערן געשאַפן נאָך — און אויך פאַר! — פאַרפלייצונגען, און טוען אויף פונקט אַזוי פיל. די אידעאַלע בערטאַ פאָן זוטנער ** מאַכט אַ טעות — אמת טאַקע אַזאַ טעות, וועלכער פאַרשאַפט איר כבוד — ווען זי מיינט, אַז אַזאַ קאָמיטעט קאָן איר העלפן.

* אַ זידל־אויסרוף קעגן יידן, וואָס שטאַמט נאָך פון מיטלאַלטער. ״העפּ״ זאָל מיינען די ערשטע אותיות פון די ווערטער: ״היעראָזאָלימאַ עסט פּערדיטאַ״ — ירושלים פאַרלוירן.

** באַוווּסטע עסטרייכישע שריפטשטעלערין און פּאַציפיסטין. זי האָט דערנאָך אַ סך גע־האָלפן הערצלען צו מאַכן זיינע פּאָליטישע פאַרבינדונגען לטובת דעם יידנטום.

הערצל דערציילט ווייטער, ווי אַזוי ער האָט זיך באַמיט צו געווינען דעם הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער „נייע פרייע פּרעסע" פאַר דער אידעע פון אַ יידישער מדינה און ווי אַזוי דאָס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן. און דאַן — ווען ער זיצט און פּאָזירט פאַר דעם סקולפּטאָר בער אין פּאַריז, וועלכער האָט געמאַכט זיין ביוסט, ווערט ער ווידער אינספּירירט פון זיין אידעע:

דאָס געשפּרעך איז אַריבערגעגאַנגען צו דעם פאַקט, אַז עס העלפט נישט דעם יידן, ווען אפילו ער ווערט אַ קינסטלער און האָט נישט קיין פּרוטה אין טאַש. די קללה יאָגט אים נאָך סיי־ווי־סיי. מיר קומען נישט אַרויס פון געטאָ, רעדנדיק אַזוי, האָב איך זיך זייער צעהיצט און אין אַזאַ עקסטאַז בין איך אויך פאַרבליבן נאָכן אַוועקגיין פון דאָרט. מיט דער שנעלקייט פון אַ חלום אין אַראַבישן מעשהלע איז אַנטשטאַנען אין מיר דער פּלאַן פאַר מיין ווערק. איך מיין, אַז איך בין קוים דערגאַנגען דעם וועג פון רי דע קאָמב ביז פּלאַס פּערעיד — און אַלץ איז שוין געווען אין גאַנצן פאַרטיק אין מיין געדאַנק.

צומאָרגנס האָב איך זיך אַוועקגעזעצט שרייבן. דריי וואונדערלעכע וואָכן פון באַגייסטערונג און אַרבעט.

איך האָב געמיינט, אַז דורך דעם דאָזיקן דראַמאַטישן אויסברוך וועל איך אָנשרייבן די זאַך און פּטור ווערן. געשען איז פּונקט דער היפּוך, איך בין אַריינגעשלעפּט געוואָרן וואָס אַ מאָל טיפער און טיפער. עס האָט זיך פאַרשטאַרקט אין מיר דער געדאַנק, אַז איך מוז עפּעס טאָן פאַר די יידן.

צום ערשטן מאָל בין איך אַוועקגעגאַנגען אין דער סינאַגאָגע אויף רי דע לאַ וויקטואַר. די תפילות זענען געווען פייערלעך און רירנדיק. אַ סך האָט מיך דאָרט דערמאַנט אין מיין יוגנט, וועגן טעמפּל אויף דער טאַבאַקגאַס אין פּעסט (בודאַפּעסט).

איז דאָס דעמאָלט געשען, אָדער איך האָב שוין פריער געהאַט דעם פּלאַן אָנצושרייבן "דער צושטאַנד פון די יידן"?

איך דערמאָן זיך איצט, אַז דאָס איז געווען ביי אַ פריערדיקער געלעגנהייט. איך האָב שוין וועגן דעם גערעדט אין ווין, נאָך אין האַרבסט. איך האָב געפּלאַנט צו שטודירן די ערטער, וווּ דער צופאַל פון דער וועלט־

געשיכטע האָט צונויפגעזאַמלט די יידן אין גרעסערע גרופּעס — רוסלאַנד, גאַליציע, אונגאַרן, בעהמען, דאַן דעם מיזרח, די נייע קאָלאָניעס אין ציון, און ענדלעך ווידער אַ מאָל — מערבֿ־אייראָפּע. מיינע געטרייע שילדע־רונגען זאָלן באַווייזן קלאָר דאָס אומגליק פון די יידן, און אַז זיי האָבן דאָס נישט פאַרדינט.

פאַר פּסח האָב איך אין אַ געוויסן טאָג געהאַט אַ געשפּרעך מיט אַלפאָנס דאָדע *. אין דעם שמועס זענען מיר אויך אַרויפגעקומען אויף דער טעמע וועגן יידן. ער האָט צוגעגעבן, אַז ער איז אַן אַנטיסעמיט. איך האָב אים דערקלערט מיין שטאַנדפּונקט, און איך האָב זיך ווידער אַ מאָל צעהיצט, ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב געוואָלט אָנשרייבן אַ בוך פאַר און וועגן די יידן. ער האָט מיך געפרעגט: "אַ ראָמאַן?" — "ניין — האָב איך אים געענטפערט — אַ בוך פאַר מענער". ער האָט אָבער ווייטער גע־זאָגט: אַ ראָמאַן דערגייט אַ סך ווייטער, איר זעט "אַנקעל טאָמס ביידל".

איך האָב פאַר אים ווייטער פאַרגעשטעלט מיינע אידעען און האָב אַזוי לאַנג גערעדט, ביז אויך ער איז באַווירקט געוואָרן פון דעם און ער האָט ענדלעך אויסגערופן: "ווי שיין דאָס איז, ווי שיין!"

ווי אַזוי איך בין פון די אידעען, וועלכע איך האָב געהאַט בדעה אויס־צודריקן אין דעם ראָמאַן, געקומען צו די פּלענער פאַר פּראַקטישער אַר־בעט, איז נאָך אַלץ אַ סוד פאַר מיר אַליין, ווען אפילו דאָס איז געשען ערשט אין די לעצטע עטלעכע וואָכן. דאָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין מיין אונטערבאַוווסטזיין.

פלוצעם האָב איך אין איין טאָג געשריבן אַ בריוו צו באַראָן הירש, וועלכער האָט זיך אַליין באַשעפטיקט מיט די יידן אויף אַזאַ באַזונדערן אופן און לויט דעם שטייגער פון אַ גרויסן מיליאָנער. נאָך דעם ווי איך האָב פאַרענדיקט דעם בריוו, האָב איך אים געלאָזט ליגן און איבער־שלאָפן פערצן טעג און פערצן נעכט. און ווען דער בריוו האָט מיר אויך נאָך דער דאָזיקער צייט נישט אויסגעזען צו זיין נאַריש און זינלאָז, האָב איך אים אַוועקגעשיקט.

* באַרימטער פראַנצויזישער שריפטשטעלער, ראָמאַניסט, אַ פירער פון די ראַיאַליסטן.

הערצלס ערשטער דראַמאַטישער שריט פֿאַר פֿאַרווירקלעכן די יידנשטאַט־אידעע איז געווען זיין באַגעגעניש מיט באַראָן מאָריס דע הירש, דעם גרעסטן יידישן פילאַנטראָפּ אין 19טן יאָרהונדערט, וועלכער האָט געגרינדעט די יידישע קאָלאָניעס אין אַרגענטינע.

נאָך אַ לענגערער קאָרעספּאָנדענץ, וואָס הערצל האָט געפירט מיט באַראָן הירשן, און וואָס ער האָט אַריינגעשריבן אין זיינע טאָג־ביכער, האָבןביידע זיך באַגעגנט אין פּאַריז, אין באַראָן הירשס פּאַלאַץ, דעם 2טן יוני, 1895. די דאָזיקע באַגעגעניש ווערט באַטראַכט פֿאַר אַ היסטאָרישע ביזן היינטיקן טאָג, און האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף הערצלס גאַנצער וייטערדיקער אַרבעט פֿאַר דער אידעע פֿון דער יידישער מדינה.

דר. הערצל האָט זיך שטאַרק צוגעגרייט צו דעם געשפּרעך מיט באַראָן הירשן. ער האָט אָנגעשריבן עטלעכע און צוואַנציק זייט־לעך נאָטיצן און האָט זיי געהאַלטן פֿאַר זיך, בעת ער האָט פֿאַר דעם באַראָן פֿאַרגעשטעלט זיינע פּלענער וועגן גרינדן די באַנייטע יידישע מדינה.

הערצל האָט שפּעטער פֿאַרשריבן אין זיינע טאָג־ביכער דעם דראַמאַטישן פֿאַרלויף פֿון זיין היסטאָרישן געשפּרעך מיט באַראָן הירש:

„אַ טייל פֿון דעם, וואָס איך וויל אייך באַלד זאָגן, וועט איר באַטראַכטן פֿאַר צו איינפֿאַך, און אַן אַנדערן טייל פֿאַר צו פֿאַנטאַסטיש. אָבער מענטשן ווערן געפֿירט פֿון דעם, וואָס איז פּשוט און פֿאַנטאַסטיש. עס איז צום שטוינען — און אויך גוט באַקאַנט — מיט וויפֿל ווייניק פֿאַרשטענדעניש די וועלט ווערט רעגירט.

אמת, איך האָב קיין מאָל נישט געהאַט די קלענסטע נייגונג צו באַ־שעפֿטיקן זיך מיט דער יידן־פֿראַגע. אויך איר האָט אין אָנהייב נישט געטראַכט וועגן ווערן אַ באַשיצער פֿון יידן. איר זענט געווען אַ באַנקיר, פֿאַרנומען מיט וויכטיקע און גרויסע געשעפֿטן. און איצט גיט איר ענדלעך אַוועק אייער צייט און אייער געלט פֿאַר דעם יידישן ענין. אַזוי בין איך אויך געווען פֿון מיין באַרוף אַ שרייבער און אַ זשורנאַליסט, און האָב נישט געטראַכט וועגן יידן. אָבער מיינע דערפֿאַרונגען, באַאָבאַכטונגען און דער

וואַקסנדיקער דרוק פון אַנטיסעמיטיזם האָבן מיך געצוווּנגען אָפּצוגעבן זיך מיט דעם ענין.

איך וועל נישט אַריינגיין אין דער געשיכטע פון די יידן, מיט וואָס איך האָב געוואָלט אָנהייבן. זי איז גוט באַקאַנט. אָבער איין זאַך מוז איך באַטאָנען, אין פאַרלויף פון די צוויי טויזנט יאָר פון אונדזער צעזייטקייט האָבן מיר קיין מאָל נישט געהאַט קיין פאַראייניקטע פירערשאַפט אין אונדזער פּאָליטישן לעבן. איך באַטראַכט דאָס פאַר אונדזער הויפּט־אומגליק. דאָס האָט אונדז געבראַכט מער שאָדן, ווי אַלע פאַרפאָלגונגען. דאָס האָט אונדז אינערלעך רויִנירט און דעמאָראַליזירט. ווייל עס איז נישט געווען קיינער, וועלכער זאָל אונדז דערציִען פאַר מענטשן, וואָס זאָלן גיין גלייך און שטאָלץ זייער וועג. פּונקט להיפּוך. מיר זענען אַריינגעשטופּט געוואָרן אין אַלע אַרטן פון שלעכטע פּרנסות. מען האָט אונדז געהאַלטן פאַרשפּאַרט אין געטאָס, ווו מיר האָבן פאַרמיאוסט איינער דעם אַנדערנס לעבן. און ווען מען האָט אונדז אַרויסגעלאָזט פון די געטאָס, האָט מען פּלוצעם געוואָלט, אַז מיר זאָלן מיט אַ מאָל האָבן אַלע געוווינהייטן פון דער פרייהייט.

ווען מיר וואָלטן אָבער געהאַט אַ פאַראייניקטע פּאָליטישע פירערשאַפט, וועמענס נויטווענדיקייט מען דאַרף מער נישט באַווייזן, און וועלכע זאָל בשום אופן נישט פאַרטרעטן קיין געהיימע געזעלשאַפט — ווען מיר וואָלטן געהאַט אַזאַ פירערשאַפט, וואָלטן מיר אַליין געקאָנט צוטרעטן צו לייזן די יידנפראַגע. און מיר וואָלטן דאָס געקאָנט טאָן סיי פון אויבן און סיי פון אונטן, פון אַלע ריכטונגען.

און דער ציל, וועלכן מיר וועלן זיך שטעלן, ווען מיר וועלן האָבן אַזאַ צענטער, אָדער אַזאַ אָנפירונג, וועט באַשטימען די מיטלען.

צוויי צילן קאָנען זיין. אָדער בלייבן, אָדער אויסוואַנדערן.

פאַרביידע וועט זיין נייטיק אין אַ געוויסער מאָס דער זעלבער אופן פון פאָלקס־דערציִונג. ווייל אויב אפילו מיר זאָלן אויסוואַנדערן, וועט עס דויערן אַ לאַנגע צייט, ביז מיר וועלן קומען אין צוגעזאָגטן לאַנד. משה האָט געדאַרפט האָבן פערציק יאָר. מיר וועלן זיך נייטיקן אפשר אין צוואַנ־

ציק אָדער דרייסיק. אין יעדן פאַל וועלן אין צווישן אויפשטיין נייע דורות, וועלכע מיר וועלן דאַרפן דערציִען פאַר אונדז אַליין.

און פאַר דער דאָזיקער דערציִונג וויל איך גלייך אין אָנהייב איינפירן אַנדערע מעטאָדעס, ווי איר האָט.

קודם־כל איז דאָ פאַראַן דער פּרינציפּ פון פילאַנטראָפּיע, וועלכן איך האַלט דורכאויס פאַר פאַלש. איר מאַכט אויפוואַקסן שנאָרערס. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז קיין שום אַנדער פאָלק האָט נישט אַזוי פיל פילאַנ־טראָפּיע און אַזוי פיל שנאָרערס, ווי די יידן. און עס מוז זיך שאַפן ביי וועמען דער איינדרוק, אַז עס דאַרף זיין אַ צוזאַמענהאַנג צווישן ביידע דערשיינונגען. אַזוי, אַז צוליב דער פילאַנטראָפּיע ווערט דעמאָראַליזירט דער כאַראַקטער פון פאָלק".

ער האָט מיך איבערגעריסן: "איר זענט אין גאַנצן גערעכט".

איך האָב פאָרגעזעצט:

"מיט יאָרן צוריק האָב איך געהערט, אַז אייערע עקספּערימענטן מיט יידן אין אַרגענטינע האָבן נישט געבראַכט קיין שום רעזולטאַטן, אָדער בלויז שלעכטע.

אָבער אין יעדן פאַל האָט אייער פּראָיעקט קיין מאָל נישט געדאַרפט אָנגעהויבן ווערן אַזוי, ווי איר האָט דאָס געטאָן. איר האָט אַוועקגעשלעפּט אַהין אָט די יידן, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט לאַנדווירטשאַפט. און זיי מוזן גלייבן, אַז זיי האָבן ווייטער דאָס רעכט צו באַקומען פון אייך שטיצע. און גראָד דאָס העלפט נישט צו פאַרשטאַרקן זייער חשק צו אַרבעטן. וויפל אַזאַ עקספּאָרט־ייד זאָל אייך נישט קאָסטן, איז ער עס נישט ווערט. און וויפל אַזעלכע עקזעמפּלאַרן קאָנט איר בכלל אַריבערפירן אַהין? פופצן, צוואַנציק טויזנט! אין איין גאַס פון לעאָפּאָלד־שטאָט * וווינען מער. ניין, מען קאָן בכלל נישט אָנווענדן קיין דירעקטע מיטלען פאַר באַוועגן גרויסע מאַסן מענטשן. איר קאָנט ווירקן בלויז מיט אומדירעקטע מיטלען.

מיט צוואַנציק טויזנט אַרגענטינער יידן האָט איר נאָך גאָרנישט באַ־וויזן, ווען אפילו עס וועט זיי גיין גוט. אָבער ווען עס וועט זיין אַ דורכפאַל, וועט איר האָבן צוגעשטעלט אַ שרעקלעכן באַווייז קעגן די יידן.

* יידישע געגנט אין ווין.

גענוג מיט קריטיק. וואָס דאַרף מען טאָן?

צי זיי זאָלן בלייבן אָדער אויסוואַנדערן, דאַרף מען די יידישע מאַסן קודם־כל אויסבעסערן אויף די זעלבע ערטער, ווו זיי געפינען זיך איצט. מען דאַרף זיי מאַכן קאָמפּספּעיִק, אַריינגעבן אין זיי די פרייד פון אַרבעט, און זאָלן זיי זיך אָנהייבן פירן מיט שענערע מידות. און דערנאָך זאָלן זיי אויסוואַנדערן, אויב עס וועט זיין נייטיק.

פאַר דער דאָזיקער אויסבעסערונג קאָנט איר אייערע מיטלען פאַר־ווענדן מיט מער נוצן, ווי איר האָט געטאָן ביז איצט.

אַנשטאָט איר זאָלט קויפן פאַר זיך יידן איינעם נאָכן אַנדערן, פירט בעסער איין אין די הויפט־לענדער פון אַנטיסעמיטיזם גרויסע פּרעמיעס פאַר גוטע, אויסגעצייכנטע מעשׂים: פאַר האַנדלונגען פון גרויסער מאָ־ראַלישער שיינקייט, פאַר מוט, פאַר ברענגען אַליין קרבנות, פאַר עטישער אויפפירונג, פאַר גרויסע אויפטועך אין דער קונסט און וויסנשאַפט; פאַר דעם דאָקטער אין צייטן פון עפּידעמיעס; פאַר דעם קעמפער; פאַר דעם דערפינדער פון אַ הייל־מיטל; פאַר אַרבעט לטובת הכלל — אַלץ איינס. בקיצור, פאַר יעדער גרויסער טאַט.

צוויי זאַכן וועלן דערגרייכט ווערן מיט די דאָזיקע פּרעמיעס: ערשטנס, די אַלגעמיינע פאַרבעסערונג. און צווייטנס — די פּאָפּולאַריטעט. טאַקע דערפאַר, ווייל דער דאָזיקער פּראָיעקט איז אַזאַ אומגעווייִנלעכער און גלענצנדיקער, וועלן אַלע רעדן וועגן אים אומעטום. אויף דעם אופן וועט מען זיך דערוויסן, אַז עס זענען אויך פאַראַן גוטע יידן, און אַ סך אַזעלכע.

אָבער דאָס ערשטע איז וויכטיקער: די פאַרבעסערונג. די פראַגע איז דאָ נישט וועגן דעם איינצלנעם יערלעכן געווינער פון דער פּרעמיע. פאַר מיר זענען וויכטיקער די אַנדערע, וועלכע וועלן זיך רייסן צו קריגן די פּרעמיע. אַזוי אַרום וועלן אַלע זיך דערהייבן צו אַ העכערער מאָראַלי־שער מדרגה".

איצט האָט ער זיך שוין אָנגערופן צו מיר אין אַ מילדן טאָן, ווי איך וואָלט אים געהאַט געבעטן, אַז ער זאָל מיר געבן אַ שטעלע אין זיין באַנק־הויז:

"איך קאָן זען, אַז איר זענט אַן אינטעליגענטער מענטש".

איך האָב בלויז געשמייכלט צו זיך אַליין. אַזעלכע ענינים, ווי מיין פּלאַן שטייען העכער פון אייגנליבע. איך וועל נאָך זען און הערן פאַר־שידענע זאַכן.

און באַראָן הירש האָט פאַרענדיקט זיין לויב:

"אָבער איר האָט אַזעלכע פאַנטאַסטישע איינפאַלן".

דאָ בין איך שוין אויפגעשטאַנען:

"האָב איך דען אייך פריער נישט געזאָגט, אַז דאָס וועט אייך אויסזען צו זיין אָדער צו־פשוט אָדער צו־פאַנטאַסטיש? איר ווייסט נישט, וואָס עס איז דאָס פאַנטאַסטישע, און אַז די גרויסע כאַראַקטער־שטריכן פון מענטשן, קען מען באַטראַכטן נאָר פון אַ געוויסער הייך".

ער האָט געזאָגט:

"אויסוואַנדערן וואָלט געווען דאָס איינציקע, עס זענען פאַראַן גענוג לענדער צו קויפן".

איך האָב כמעט ווי אויסגעשריגן:

"יאָ, אָבער ווער האָט אייך געזאָגט, אַז איך וויל נישט מען זאָל אויס־וואַנדערן. דאָ שטייט עס אין די דאָזיקע נאָטיצן".

הירש האָט געזאָגט:

"פון וואַנען וועט איר קריגן דאָס געלט? ראָטשילד וועט אונטערשרייבן אויף 500 פראַנק".

"דאָס געלט — האָב איך געזאָגט, לאַכנדיק און רעדנדיק אים אַנט־קעגן — איך וועל צונויפזאַמלען אַ נאַציאָנאַלע יידישע הלוואה פון צען ביליאָן מאַרק".

"אַ פאַנטאַזיע!" — האָט דער באַראָן געשמייכלט — די רייכע יידן וועלן גאָרנישט געבן. די רייכע זענען שלעכטע מענטשן. זיי אינטערעסירן זיך נישט מיט די ליידן פון די אָרעמע".

"איר רעדט ווי אַ סאָציאַליסט, באַראָן הירש!"

"איך בין טאַקע אַ סאָציאַליסט. איך בין גרייט אין איין מאָמענט אַלץ אַוועקצוגעבן, אויב אויך די אַנדערע וועלן דאָס מוזן טאָן" — —

נאָך דער היסטאָרישער באַגעגעניש האָט הערצל ווייטער פאַר־געזעצט זיינע באַציונגען מיטן באַראָן הירש דורך בריוו.

3טן יוני, 1895.

איך האָב גערעדט וועגן אַן אַרמיי, און איר האָט מיך איבערגעריסן באַלד, ווי איך האָב אָנגעהויבן רעדן וועגן מאָראַלישער אויסשולונג צו קאָנען מאַרשירן. איך האָב זיך געלאָזט איבעררייסן, און דאָך האָב איך פאַר אייך פאָרגעשטעלט אויך דאָס ווייטערדיקע, דעם גאַנצן פּלאַן. איך ווייס וועגן אַלעם, וואָס געהערט צו דעם פּלאַן. געלט, געלט: מיטלען פאַר עוואַקואַציע; פאַרזאָרגן די גרויסע מאַסע מענטשן (און דאָס מיינט נישט בלויז מיט עסן און טרינקען, ווי אין משהס פּרימיטיווע צייטן); אויפהאַלטן דיסציפּלין; אָרגאַניזירן אָפּטיילונגען; שליסן עמיגראַציע־קאָנטראַקטן מיט די פירער פון די מלוכות; טראַנזיט־אָפּמאַכן מיט אַנדערע לענדער; גאַראַנטיע־פאַרשטענדיקונגען מיט אַלע; און שאַפן נייע, הערלעכע וווינונגס־ערטער. און פריער פאַר דעם אַלעם דאַרף קומען די פּראָפּאַגאַנדע, די פּאָפּולאַריזירונג פון דער אידעע דורך צייטונגען, ביכער, בראָשורן, לעקציעס וועגן עמיגראַציע, בילדער, לידער. אַלץ דאַרף ווערן אָנגעפירט פון איין צענטער מיט ווייטזיכטיקייט, און האָבנדיק שטענדיק דעם ציל פאַר די אויגן. און צום סוף דאַרף איך אייך זאָגן, וואָס פאַר אַ פאָן מיר וועלן האָבן און ווי אַזוי איך וויל זי פונאַנדערוויקלען. דאָ וועט איר מיך אַוודאי פרעגן מיט שפּאָט: אַ פאָן? וואָס איז דאָס? אַ שטעקן מיט אַ שטיקל טוך? — ניין, מיין הער, אַ פאָן איז אַ סך מער. מיט אַ פאָן פירט מען די מענטשן, וווהין מען וויל, אַפילו אין צוגעזאָגטן לאַנד.

ווייל פאַר אַ פאָן לעבן מענטשן און שטאַרבן; עס איז אַפילו דאָס איינציקע, פאַר וואָס זיי זענען גרייט צו שטאַרבן מאַסנווייז, ווען זיי ווערן צו דעם דערצויגן...

דאָס אַריבערקלייבן זיך פון גרויסע מאַסן אין צוגעזאָגטן לאַנד, שטעלט פּראַקטיש מיט זיך פאָר אַן אומגעהייערע טראַנספּאָרט־אונטערנעמונג, וואָס האָט נישט איר גלייכן אין דער מאָדערנער וועלט. וואָס איז טראַנספּאָרט? — אַ קאָמפּלעקס פון אַלע מענטשלעכע אונטערנעמונגען, וועלכע זענען אַריינגעפּלאָנטערט איינע אין דער אַנדערער, ווי די ציין פון רעדער. און שוין אין די ערשטע סטאַדיעס פון דער דאָזיקער אונטער־

נעמונג וועלן גרויסע מאַסן פון אונדזער שטרעבנדיקער יוגנט געפינען באַשעפטיקונג: די אַלע אינזשענירן, אַרכיטעקטן, טעכניקער, כעמיקער, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, וועלכע זענען אין די לעצטע דרייסיק יאָר אַרויס־געקומען פון געטאָ און האָבן געגלייבט, אַז זיי וועלן געפינען זייער ברויט און זייער ביסל כבוד מחוץ דעם אָרעמען יידישן האַנדל־וואַנדל. זיי, וועלכע מוזן איצט אַריינפאַלן אין פאַרצווייפלונג און הייבן איצט אָן צו שאַפן אַ שרעקלעכן פּראָלעטאַריאַט פון געבילדעטע מענטשן. צו זיי געהערט אָבער מיין גאַנצע ליבע, און איך וויל, אַז זייער צאָל זאָל פאַרגרעסערט ווערן, בעת איר ווילט, אַז זיי זאָלן ווערן ווייניקער. זיי, אין וועלכע איך זע די צוקונפטיקע קראַפט פון די יידן; די קראַפט, וועלכע איז נאָך איצט פאַרדרעמלט. מיט איין וואָרט — זיי זענען, אַזוי ווי איך.

און אָט פון די דאָזיקע געבילדעטע פּראָלעטאַריער וועל איך שאַפן דעם גענעראַל־שטאַב און די רייען פון אַן אַרמיי, וועלכע וועט זוכן לאַנד, געפינען לאַנד און דעראָבערן דאָס לאַנד. — — —

יאָ, די נאַציאָנאַלע פאַנטאַזיע מוז האָבן אַ פעסטן באָדן אונטער זיך. אָבער ווער זאָגט עס, אַז איך האָב נישט קיין דורך־און־דורך פּראַקטישע אידעען, ווען עס וועט קומען צו די באַזונדערע מעטאָדן?

וואָס באַדייטן צען ביליאָן מאַרק פאַר די יידן? פאַקטיש וואָלטן מיר אונטערן דרוק פון דער נויטווענדיקייט געקאָנט אָנהייבן אויך מיט איין ביליאָן. ווייל דאָס וועט זיין דער אַרבעטס־קאַפּיטאַל, די באַזע פאַר אונ־דזערע שפּעטערדיקע באַנען, פאַר אונדזער אימיגראַציע־פּלאַט און אונ־דזער קריגס־פלאָט. מיט די מיטלען וועלן מיר קאָנען בויען הייזער, פּאַלאַצן, אַרבעטער־וווינונגען, שולן, טעאַטערס, מוזייען, רעגירונגס־בנינים, שפּיטאָלן, אַזילען פאַר קראַנקע — בקיצור: שטעט.

איר וועט געפינען גרויסע אוצרות יידיש געלט פאַר אַ כינעזישער הלוואה, פאַר נעגער־באַנען אין אַפריקע, פאַר די אַוואַנטוריסטישע אונ־טערנעמונגען. איז עס מעגלעך, אַז פאַר די טיפסטע, דרינגענדיקסטע און שרעקלעכסטע נויטן פון די יידן אַליין זאָל מען נישט געפינען קיין יידיש געלט?

די אונטערהאַנדלונגען צווישן דר. הערצל און באַראָן הירש האָבן זיך נאָך פאַרצויגן אַ לענגערע צייט, אָבער זיי האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט.

אויך נאָך דער אַנטוישונג האָט הערצל זיך אין גאַנצן געוויד־מעט דער אידעע פון יידנשטאַט.

אין ווייטערדיקן טייל פון זיינע טאָג־ביכער האָט הערצל אָנגע־הויבן פאַרצייכענען זיינע געדאַנקען און איינפאַלן אין שייכות מיט זיין אידעע וועגן באַנייען די יידישע מדינה. אין די פאַרציי־כענונגען ווערן אויסגערעכנט די פאַרשידנסטע איינצלהייטן וועגן דעם אופן, ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן די באַוועגונג פאַרן יידנשטאַט, ווי אויך וועגן אויפבוי און איינאָרדענונג פון דער מדינה. פון די נאָטיצן איז צו זען, אַז הערצל האָט געהאָפט אויף דער גיכער פאַרווירקלעכונג פון דער יידנשטאַט־אידעע.

איך בין אַזוי איבערפולט מיט דער אידעע, אַז איך פאַרטרוי זיך מיט אַלעם צו איר, ווי אַ פאַרליבטער פאַרטרויט אַלץ זיין געליבטער.

מיר וועלן האַנדלען אין פאָלגנדיקן סדר:

1. שאַפן די מיטלען (דעם סינדיקאַט).

2. אָנהייבן באַקאַנט מאַכן דעם ענין (וואָס וועט גאָרנישט קאָסטן, ווייל די אַנטיסעמיטן וועלן זיך פרייען, און דעם ווידערשטאַנד פון די ליבעראַלן וועל איך ברעכן דורך דראָען זיי מיט קאָנקורענץ).

3. אַנגאַזשירן לאַנד־זוכער.

4. פאָרזעצן די פובליצירונג אין דעם גרעסטן מאַסשטאַב. זאָל איראָפּע לאַכן וועגן דעם, אָנפאַלן און זידלען — אַבי מען זאָל וועגן דעם רעדן.

5. פאַרהאַנדלונגען מיט ציון.

6. אָנצייכענען די טעריטאָריעלע פונקטן, וועלכע דאַרפן אָפגעקויפט ווערן.

7. איינקויפן די ערשטע שטחים לאַנד (אין ביליאָן).

8. קויפן און בויען שיפן.

9. אַריינציען כסדר אַלע, וועלכע מעלדן זיך; רעקרוטירן, איינטיילן, אַוועקשיקן.

די פחדנותדיקע, אַסימילירטע, געשמדטע יידן זאָלן בלייבן. אַפילו זיי וועלן מיר ברענגען נוצן — זיי וועלן זיין שטאָלץ מיט זייער אָנגעהערי־קייט צו אונדז, מיט וועלכע זיי שעמען זיך איצט. אָבער מיר, די געטרייע יידן, וועלן ווידער ווערן גרויס.

מיר פּראָדוצירן צו פיל אינטעליגענץ און האָבן נישט מער קיין אָפּזאָץ־מאַרק פאַר איר.

די פּלענער פאַר שטעט: קודם־כל קאַנאַלן, וואַסער, גאַז אַאַז״וו, און דאַן בויען הייזער.

מיר וועלן נישט בלויז קאָפּירן פּאַריז, פלאָרענץ, נאָר מיר וועלן אויך זוכן אַ יידישן סטיל, וואָס זאָל אויסדריקן די פרייהייט און פאַרלייכטערונג פון אונדזער לעבן.

אָפענע, ליכטיקע געביידעס, וואָס זאָלן זיך שטיצן אויף זיילן, און אין וועלכע מען זאָל זיך פילן מונטער און גוט.

מאַכן לופט־זאָנעס צווישן די שטעט. יעדע שטאָט זאָל ווי אַ גרויס הויז זיך געפינען אין מיטן פון אַ גאָרטן.

מיין שטענדיקע זאָרג וועט מוזן זיין אַ געזונטע עקאָנאָמיע. קיין שום איבעריקע הוצאות, קיין שום פאַרשווענדונגען.

קיין שום שטייערן, אַזוי לאַנג ווי עס איז מעגלעך. דאָס מערסטע — אומדירעקטע שטייערן, וועלכע רירן נישט אָן דעם האָב־און־גוטס פון דעם קליינעם מענטשן.

אין דעם כתב־יד פון מיין בוך (״דער יידנשטאַט״) בין איך נאָך אַלץ אין מיטן פון מיין געשפּרעך מיט הירשן.

אָבער דאָס פאַרמערן זיך פון נייע איינפאַלן איז אַ סך וויכטיקער. ווער ווייס, ווי גיך דאָס וועט אויפהערן?

דערביי פיל איך דעם ציטער, וועלכן היינע האָט געשילדערט אין יענעם הערלעכן קליינעם ליד וועגן דעם קינסטלער:

„איך ציטער, עס קאָן קומען מיין סוף אין דער נאַכט,
מיין סוף — נאָך איידער איך האָב דאָס ווערק מיינס
דערפירט צו אַ סוף".

איך האָב געטראַכט וועגן דער פאָן. אפשר אַ ווייסע פאָן מיט זיבן גאָלדענע שטערן. דאָס ווייסע וועט זיין אַ צייכן פון אונדזער ניי, ריין לעבן. און די שטערן וועלן סימבאָליזירן דעם זיבן־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, וואָס מיר וועלן איינפירן. אונטער דעם צייכן פון אַרבעט וועלן מיר אַריינגיין אין דעם צוגעזאָגטן לאַנד.

אַ סך פון דעם, וואָס איז פאַרשריבן געוואָרן אין די נאָטיצן, וועט אויסזען לעכערלעך, איבערטריבן, ווילד. אָבער אויב איך זאָל דאָ אָנווענדן זעלבסט־קריטיק, ווי אין מיינע ליטעראַרישע אַרבעטן, וועלן מיינע געדאַנקען פאַרקריפּלט ווערן. קינסטלער וועלן פאַרשטיין, פאַר וואָס אין מיטן פון מיינע פּראַקטישע, פּאָליטישע און געזעץ־שאַפערישע אידעען דערלויב איך זיך — איך, וועלכער בין בכלל קלאָר אין מיין לאָגיק — אָנצוּוואַרפן אַזעלכע איבערטרייבונגען און חלומות, ווי גרינעם גראָז צווישן צעמענט־שטיינער. איך טאָר זיך נישט אַליין אַריינצווינגען אין אַ צושטאַנד פון אַבסאָלוטער ניכטערער פאַרזיכטיקייט. די דאָזיקע לייכטע פאַרשיכורונג איז געווען נייטיק.

יאָ, דער קינסטלער וועט דאָס זייער גוט פאַרשטיין. אָבער עס זענען פאַראַן ווייניק קינסטלער.

הערצל איז ווייטער ממשיך אין זיינע טאָג־ביכער די דאָזיקע פאַרצייכענונגען וועגן פאַרשידענע אידעען און איינפאַלן. זיי רירן אָן יעדן פרט, וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן, וועגן דער איינ־אָרדענונג און לעבנס־שטייגער אין דער יידישער מדינה: פּרע־מיעס פאַר גרויסע משפחות; אָרגאַניזירונג פון די נישט־קוואַלי־פיצירטע אַרבעטער; אַרכיטעקטור פון די הייזער; באַשטראָפונג פון פאַרברעכער; פּלענער וועגן אַלגעמיינער לעבנס־פאַרזיכע־רונג; מאָנאָפּאָל אויף טאַבאַק און שאַרפע משקאות; רעליגיעזע טאָלעראַנץ; בוי־קרעדיטן; זיבן־שעהדיקער אַרבעטסטאָג א"אַ.

אַרומטראַגנדיק זיך מיט די אַלע געדאַנקען און פאַרצייכע־נענדיק זיי אין זיינע טאָג־ביכער, האָט הערצל גלייכצייטיק זיך געשטעלט אַ נייעם דרייסטן ציל: צו דערגיין צו די ראָטשילדס און זיי פאָרשטעלן זיין אַלגעמיינעם פּלאַן וועגן יידנשטאַט. הערצל האָט געהאָפט, אַז עס וועט זיך אים איינגעבן דורכצופירן אַ צו־זאַמענטרעף פון דעם פאַמיליען־ראַט פון די פּאַריזער און לאָנדאָנער ראָטשילדס, פאַר וועלכע ער וועט אַרויסטרעטן מיט אַ גרויסן רעפעראַט. די דאָזיקע פאַרזאַמלונג פון דער ראָטשילד־משפחה איז נישט צושטאַנד געקומען, און הערצל האָט בלויז פאַרשריבן אין זיינע טאָג־ביכער די רעדע, וואָס ער האָט זיך געקליבן צו האַלטן פאַר דעם פאַמיליע־ראַט פון די ראָטשילדס:

13טן יוני, 1895.

——— יעדע פאַרבעסערונג אין דער לאַגע פון די יידן איז איצט אויסגעשלאָסן. אויב עמעצער זאָל מיך פרעגן, פון וואַנען איך ווייס דאָס, וועל איך אים זאָגן, אַז איך ווייס אויך, וווהין עס פאַלט סוף־כל־סוף אַ שטיין, ווען ער גליטשט זיך איבער אַ משופּעדיקן פעלדז. ער פאַלט אַראָפּ גאָר אונטן. נאָר אומוויסנדיקע אָדער משוגעים רעכענען זיך נישט מיט די געזעצן פון דער נאַטור.

אַזוי מוזן אויך די יידן סוף־כל־סוף אַראָפּפאַלן, און גאָר אונטן. געוויס, ווי אַזוי דאָס וועט געשען, וועלכע פאָרמען דאָס וועט אָננעמען — דאָס ווייס איך נישט. וועט דאָס זיין אַ רעוואָלוציאָנערע עקספּראָפּריאַציע פון אונטן? וועט דאָס זיין אַ רעאַקציאָנערע קאָנפיסקאַציע פון אויבן? וועלן זיי אונדז אַרויסטרייבן? וועלן זיי אונדז אויסהרגענען?

איך רעכן, אַז מער אָדער ווייניקער וועט דאָס אָננעמען אָט די אַלע און נאָך אַנדערע פאָרמען.

די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט אויסברעכן אין איין לאַנד, און אירע ערשטע קרבנות וועלן אומפאַרמיידלעך זיין די יידן.

אין רוסלאַנד וועט פּשוט געמאַכט ווערן אַ קאָנפיסקאַציע פון אויבן.

אין דייטשלאַנד וועלן קומען אויסנאַם־געזעצן, ווי נאָר דער קייזער וועט זיך נישט קאָנען קיין עצה געבן מיטן רייכסטאַג.

אין עסטרייך וועט מען זיך אונטערגעבן דעם ווינער המון און אים אויסליפערן די יידן. אין עסטרייך קאָן די גאַס אַליין דורכזעצן, אויב זי וויל נאָר. די גאַנצע זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס די גאַס אַליין ווייס עס נאָך נישט. אָבער די פירער וועלן זיי שוין אויפקלערן גאָר אין גיכן.

אַזוי וועלן זיי אונדז אַרויסטרייבן פון די דאָזיקע לענדער. און אין די אַנדערע לענדער, וווהין מיר וועלן לויפן, וועלן זיי אונדז הרגענען.

איז טאַקע נישט פאַראַן קיין רעטונג?

יאָ, מיינע הערן, עס איז פאַראַן אַ וועג, וואָס איז שוין איין מאָל אויסגעפּרווט געוואָרן. מיר דאַרפן איבערחזרן אַ זייער אַלטע, זייער באַרימטע און שטאַרק אויסגעפּרווטע דערפאַרונג, אָבער אין אַן אַנדערער, מאָדערנער און מער ראַפינירטער פאָרם. אַלע מיטלען פון אונדזער איצטיקער צייט קאָנען באַנוצט ווערן פאַר אָט דעם איינפאַכן און לייכטפאַרשטענדלעכן ציל.

אָט דער פשוטער אַלטער עקספּערימענט איז — יציאת מצרים.

דער יידנשטאַט איז אומפאַרמיידלעך, מיינע הערן, און ער וועט געשאַפן ווערן אָדער מיט אייך, אָדער אָן אייך.

אין צוגעזאָגטן לאַנד וועלן מיר האָבן קרומע נעז, רויטע אָדער שוואַרצע בערד און איינגעבויגענע פיס, אָן דעם, אַז מען זאָל אונדז דערפאַר פאַראַכטן.

אין צוגעזאָגטן לאַנד וועלן מיר ענדלעך לעבן אויף אונדזער אייגענער ערד און שטאַרבן רויק אין אונדזער אייגענעם היימלאַנד. אַלס פרייע מענטשן וועלן מיר זיך אויך דערשלאָגן צו רום און כבוד פאַר גרויסע מעשים און מיר וועלן לעבן בשלום מיט דער גאַנצער וועלט, וועלכע מיר וועלן האָבן באַפרייט דורך אונדזער פרייהייט, באַרייכערט דורך אונדזער עשירות און גרויס געמאַכט דורך אונדזער גרויסקייט.

און אַזוי אַרום וועט אָט דער פאַראַכטעטער עפּיטעט "ייד" ווערן אַ באַגריף פון כבוד, ווי "ענגלענדער", "פראַנצויז", "דייטש" — בקיצור, ווי די נעמען פון אַלע ציוויליזירטע פעלקער.

און אַזוי וועלן מיר, דורך אונדזער מדינה, קאָנען דערציען אונדזער

פאָלק צו אויפגאַבן, וועלכע ליגן היינט־צו־טאָג מחוץ פון דעם, וואָס מיר קענען זיך פאָרשטעלן.

דאָס ערשטע פון הערצלס 16 טאָג־ביכער דערנענטערט זיך צום סוף. הערצל גרייט זיך אַרויסצוגעבן זיין בראָשור "דער יידנשטאַט" און ער הייבט אָן זיינע באַמיונגען וועגן פאָרשטעלן דעם יידנשטאַט־פּלאַן פאַר די הערשער און פּאָליטישע פירער פון די אייראָפּעישע גרויס־מלוכות, ווי אויך וועגן פאַראינטערע־סירן דעם טערקישן סולטאַן אַבדול חאַמיד מיט דעם פּלאַן וועגן דער יידישער מדינה אין ארץ־ישראל.

הערצל באַשליסט אַרויסצוקומען אָפן פאַר דער וועלט מיט זיין אידעע וועגן ווידעראויפריכטן די יידישע מדינה. אין יאַנואַר 1896 האָט ער פאַרענדיקט שרייבן זיין בראָשור "דער יידנשטאַט", ווו ער האָט אויספירלעך דערקלערט און באַגרינדעט זיין פּלאַן. דעם כתב־יד, וואָס האָט אַנטהאַלטן 65 זייטן, האָט הערצל בייגע־לייגט צו זיינע טאָג־ביכער.

הערצלס ערשטער געדאַנק איז געווען — ווי עס איז שוין דער־מאָנט געוואָרן אין פריערדיקן קאַפּיטל — אָנצושרייבן אַ "רעדע צו די ראָטשילדס". פון דער דאָזיקער נישט־געהאַלטענער רעדע איז אויסגעוואַקסן שפּעטער די בראָשור "דער יידנשטאַט", וואָס האָט געמאַכט געשיכטע אין דער יידישער, ווי אין דער נישט־יידישער וועלט.

אין די לעצטע חדשים, ערב דער פאַרעפנטלעכונג פון "דער יידנשטאַט", האָט הערצל געהאַט אַ ריי וויכטיקע באַגעגענישן, פריער אין פּאַריז און דערנאָך אין ווין, מיט פּראָמינענטע יידישע פּערזענלעכקייטן, וועלכע ער האָט באַמיט צו געווינען פאַר דער אידעע צו באַגייען די יידישע מדינה. אין דער צייט האָט ער אויך געמאַכט זיין ערשטע רייזע קיין לאָנדאָן, פאַר דעם צוועק אַרויס־צורופן אַן אינטערעס פאַר דער יידנשטאַט־באַוועגונג, אירע אי־דעען און פּלענער.

גלייכצייטיק האָט הערצל זיך אויך אָנגעשטויסן אויף אַ שאַר־פער קעגנערשאַפט און גרויסע שטערונגען מצד די רעדאַקטאָרן און אַרויסגעבער פון דער ווינער "נייע פרייע פּרעסע", זיינע ברויט־געבער, וועלכע האָבן געוואָלט ווירקן אויף אים, אַז ער

זאָל נישט פאַרעפנטלעכן זיין בראָשור און זיך אָפּזאָגן פון דער גאַנצער יידנשטאַט־אידעע.

די אַלע געשעענישן, באַגעגענישן און איבערלעבונגען האָבן געפונען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין הערצלס טאָג־ביכער:

פּאַריז, 6טן יולי, 1895.

נעכטן בין איך געזעסן מיט נאָרדוין ביי אַ גלאָז ביר. נאַטירלעך האָבן מיר גערעדט וועגן דער יידן־פראַגע. קיין מאָל פריער זענען מיר נישט געווען אַזוי אין גאַנצן איינשטימיק. יעדער פון אונדז ביידע האָט גע־זאָגט דאָס, וואָס עס ליגט אויף די ליפּן פון צווייטן. איך האָב קיין מאָל נישט געפילט אַזוי פּשוט און שטאַרק, אַז מיר געהערן איינער צום אַנדערן——— מיר זענען פון דער זעלבער ראַסע. נאָרדוי און איך זענען געקומען צום הסכם, אַז דער אַנטיסעמיטיזם האָט געמאַכט פון אונדז יידן.

נאָרדוי האָט געזאָגט: "וואָס איז די טראַדיציע פון יידנטום? אַז דאָס דאָזיקע קאָנסערוואַטיווסטע פאָלק פון אַלע פעלקער, וואָס בענקט אַזוי שטאַרק זיך איינצוואָרצלען אין אַ פעסטן באָדן, האָט נישט געהאַט קיין היים פאַר די לעצטע צוויי טויזנט יאָר".

מיר האָבן אַזוי שטאַרק איינגעשטימט אין אַלע פּונקטן, אַז איך האָב שוין געגלייבט, אַז ווייל ער האָט די זעלבע געדאַנקען, איז ער אויך געקומען צו דעם זעלבן אויספיר וועגן אַ לייזונג, ווי איך. אָבער ער האָט געהאַט אַן אַנדערע קאָנקלוזיע: "די יידן וועלן געצוווּנגען ווערן דורך דעם אַנטיסעמיטיזם צו צעשטערן אומעטום די פאָטערלאַנד־אידעע" — אַזוי האָט ער געמיינט, און איך האָב מיר געטראַכט, אַז דאָס וועט צווינגען די יידן צו שאַפן אַן אייגן פאָטערלאַנד.

פּאַריז, 22סטן יולי, 1895.

אַ באַמערקונג וועגן נאַציאָנאַלער פּסיכאָלאָגיע.

אין קאָפּע־הויז "טאַווערן ראָיאַל" זענען פאַראַן פאַרוואַלטער, וועלכע פירן זיך אויף ווי הויפּט־קעלנערס. אַן אויסגעצייכנטע אָרגאַנזשירונג! ווען אַזאַ הויפּט־קעלנער, וועלכער טראָגט נישט דעם ראָק פון אַ קעל־

נער, דערלאַנגט דעם גאַסט די טאַץ, פילט זיך דער גאַסט געשמייכלט, ווי מען וואָלט פאַר אים ספּעציעל געמאַכט אַזאַ אויסנאַם. איך האָב דאָס באַמערקט אויף מיר אַליין. אויף דעם זעלבן אופן זאָלן אויך די אויס־וואַנדערער אין מיין היימלאַנד באַדינט ווערן מיט אַ ספּעציעלער אויפ־מערקזאַמקייט. יידן זענען הונגעריק נאָך כבוד — אַלס אַ פאָלק, וואָס האָט אַזוי פיל געליטן פון פאַראַכטונג. דאַרף מען זיי פירן אויף אַזאַ וועג.

הערצל מאַכט אַ רייזע קיין זאַלצבורג, עסטרייך, צו באַגעגענען זיך מיט איינעם פון די פירער פון דער "אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל", נאָרסיס לעווען, וועלכער איז אַהין געקומען פון פּאַריז. פון אים, דעם פירער פון דער פראַנצויזיש־יידישער גע־זעלשאַפט, וואָס האָט שוין דאַן געהאַט געגרינדעט די לאַנדווירט־שאַפטלעכע שול אין ארץ־ישראל, "מקוה ישראל", און האָט אויך געשטיצט די אַלטע קאָלאָניעס, האָט הערצל זיך דערוווּסט וועגן ענלעכע באַמיונגען, וואָס זענען שוין געמאַכט געוואָרן פריער, פאַר אים, צו באַנייען די יידישע מדינה, און וועגן איינעם פון זיי, "אַ געוויסער מאַן פינסקער".

ווין, 20סטן סעפּטעמבער, 1895.

לעווען האָט אין גאַנצן נישט אויפגעכאַפּט די פּאָליטיש־עקאָנאָמישע באַדייטונג פון מיין פּלאַן.

דאָך איז מיין געשפּרעך מיט נאָרסיס לעווען נישט געווען איבעריק. ער האָט מיר אָנגעוויזן, אַז דער הויפּט־ראַבינער פון פּאַריז, צדוק כהן, איז דער נאָענטסטער מענטש צו וועלכן איך דאַרף זיך ווענדן. צדוק כהן — האָט ער מיר געזאָגט — איז אַ הייסער ציוניסט. ער טיילט אַ סך פון מיינע אידעען — די אידעען, מיט וועלכע נישט איך איינער אַליין טראָג זיך אַרום.

דאָס איז געווען פאַר מיר די אָנגענעמסטע באַמערקונג, וואָס נאָרסיס לעווען האָט געמאַכט. "איך בין זייער ווייט פון וועלן זיין אַ מענטש, וואָס טוט אויף חידושים" — האָב איך אים געענטפערט — "וואָס מער עס זענען פאַראַן מענטשן, וועלכע האָבן די זעלבע אידעע, וואָס איך, אַלץ מער וועל איך זיין צופרידן".

לעווען איז ביי דער מיינונג, אַז איך דאַרף קאָנען געפינען אַ סך שטיצער אין רוסלאַנד. אַ געוויסער מאַן פינסקער * האָט געלעבט אין אָדעס און געקעמפט פאַר דער זעלבער אידעע — ווידעראויפבוי פון יידישן היימלאַנד. ליידער איז פינסקער שוין געשטאָרבן. לעווען זאָגט, אַז זיינע שריפטן זאָלן זיין מערקווערדיק. איך מוז זיי לייענען, באַלד ווי איך וועל האָבן צייט.

אַן אַנדערער ייד אין ענגלאַנד, קאָלאָנעל גאָלדסמיט ** איז אויך אַ באַז גייסטערטער ציוניסט. ער זאָל האָבן געוואָלט דינגען שיפן צו דעראָבערן ארץ־ישראל.

וויך, 18טן אָקטאָבער, 1895.

נעכטן האָב איך גערעדט דריי שעה נאָכאַנאַנד מיט דעם באַנק־דירעק־טאָר דעסאַוער און איך האָב אים געוווּנען! ער באַטראַכט פאַר מעגלעך צו פינאַנסירן די אויסוואַנדערונג פון יידן דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ באַנק. אויף די ראָטשילדס זאָל מען נישט רעכענען. ער וואָלט די "יידן־געזעלשאַפט" אָנגעהויבן בלויז מיט פיר מיליאָן פונט. שפּעטער זאָל מען אַרויסלאָזן ווייטערדיקע אַקציעס. אויך זאָל מען נישט איינ־קויפן מיט אַ מאָל דעם גאַנצן באָדן. ער וואָלט אָנגעהויבן קליין.

איך האָב אים געזאָגט: דאַן איז בעסער גאָרנישט צו טאָן. אַ לאַנג־זאַמע, בהדרגהדיקע אינפילטראַציע פון יידן וועט — ווי תמיד — אַרויס־רופן באַלד אַנטיסעמיטיזם.

17טן נאָוועמבער, 1895.

עס ווייזט אויס, אַז די פראַנצויזישע יידן וועט מען נישט קאָנען גע־ווינען פאַר דער אידעע. זיי לעבן נאָך אַלץ צו־באַקוועם.

* דר. לעאָ פינסקער, הערצלס פאָרגייער, מחבר פון דער באַרימטער בראָשור "אויטאָ־עמאַנסיפּאַציע", וווּ עס איז אַרויסגערוקט די פאָדערונג וועגן ווידעראויפריכטן די יידישע מדינה.

** קאָלאָנעל אַלבערט עדוואַרד גאָלדסמיט, פירער פון די חובבי־ציון אין ענגלאַנד, איז שפּעטער באַגייסטערט געוואָרן פאַר הערצלס יידנשטאַט־אידעע.

פּאַריז 19טן נאָוועמבער, 1895.

נאָרדוי איז, ווי עס ווייזט אויס, אין גאַנצן געוווּנען פאַר דער אידעע.

די דיסקוסיע מיט אים האָלט אָן אויף דעם העכסטן ניוואָ. "צי די יידן זענען נאָך אַנטראָפּאָלאָגיש געאייגנט פאַר שאַפן אַ נאַציע?" אאַז"וו. דאָס וועלן מיר שוין זען.

נאָרדוי מיינט, אַז עס וועט זיין נייטיק דריי הונדערט יאָר צו פאַר־ווירקלעכן דעם פּלאַן. איך גלייב, אַז דרייסיק יאָר — אויב די אידעע וועט זיך דורכברעכן דעם וועג.

נאָרדוי רעקאָמענדירט מיר, אַז ווען איך וועל זיין אין לאָנדאָן, זאָל איך זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט "המגיד" און מיט "דזשואיש קראָניקל". איך זאָל מיין בראַשור "דער יידנשטאַט" לאָזן איבערזעצן פאַר די רוסישע ציוניסטן.

דער צענטער פון דער אַקציע טראָגט זיך אַריבער קיין ענגלאַנד.

הערצל פאָרט קיין לאָנדאָן. ער באַזוכט דעם באַרימטן ענגליש־יידישן שריפטשטעלער ישראל זאַנגוויל, וועלכן ער געווינט גלייך פאַר זיין אידעע. הערצל האָלט דאָן זיין ערשטע האַלב־עפנטלעכע רעדע וועגן יידנשטאַט אין דעם מכבייער־קלוב אין לאָנדאָן. אַ קורצער אינהאַלט פון "יידנשטאַט" ווערט פאַרעפנט־לעכט אין לאָנדאָנער "דזשואיש קראָניקל".

הערצל פאָרט קיין קאַרדיף צו פאַרהאַנדלען מיט דעם פירער פון די חובבי ציון אין ענגלאַנד, קאָלאָנעל אַלבערט עדוואַרד גאָלדסמיט, וועלכער געפינט זיך מיט זיין רעגימענט אין דער שטאָט. ביי דער באַגעגעניש מיט גאָלדסמיט שפּילט זיך אָפּ אַ רירנדיקע דראַמע.

25טן נאָוועמבער, 1895.

אין קאַרדיף, ביים קאָלאָנעל גאָלדסמיט.

ווען איך בין אָנגעקומען, האָט דער קאָלאָנעל מיך אָפּגעוואַרט אויפן וואָקזאַל, אין זיין אוניפאָרם. ער איז פון מיטל־הויכן וווּקס, מיט שוואַר־צע וואָנסעס, אַנגליזירט יונג פּנים, מיט גוטע, קלוגע, טונקעלע אויגן.

ער האָט מיר געזאָגט מיט אַן אויסדרוק פון גרויס פאַרגעניגן: "מיר וועלן אַרבעטן פאַר דער באַפרייונג פון ישראל".

אין הויז האָבן געוואַרט אויף אונדז פרוי גאָלדסמיט, אַ פיינע שלאַנקע ענגלענדערין, מיט אירע צוויי יונגע טעכטער, רחל און כרמל. אַן ענגלישע גאַסטפריינדלעכע באַגריסונג, וואָס איז באַלד גורם דאָס געפיל פון אַלטע באַקאַנטע.

נאָך מיטאָג האָב איך איבערגעלייענט דעם פּלאַן פאַר דעם קאָלאָנעל. ער פאַרשטייט נישט גוט די דייטשע שפּראַך. די דערקלערונג האָט זיך אַ ביסל פאַרשלעפּט. אָבער ער האָט מיר געזאָגט: "דאָס איז די אידעע פון מיין לעבן". — — —

נאָכן עסן, ווען די דאַמען און דער אַנדערער ענגלישער קאָלאָנעל, וועלכער איז געווען איינגעלאַדן, האָבן זיך געפונען אין סאַלאָן, בין איך אַריינגעגאַנגען אין דעם רויכער־צימער מיט גאָלדסמיטן. און דאָ איז געקומען די מערקווערדיקע דערציילונג:

"איך בין דניאל דעראָנדא" — האָט ער געזאָגט — "איך בין געבוירן געוואָרן אַ קריסט. מיין פאָטער און מוטער זענען געווען געשמדטע יידן. ווען איך האָב זיך דערוווּסט וועגן דעם, אַלס אַ יונגער מענטש, אין אינדיע, האָב איך באַשלאָסן צוריקצוקערן זיך צום שטאַם פון מיינע אבות. אַלס אַ לייטענאַנט בין איך אַריבערגעגאַנגען צום יידנטום. מיין פאַמיליע איז געווען דערפון שרעקלעך אויפגעבראַכט. מיין פרוי איז אויך אַ קריס־טין פון יידישער אָפּשטאַמונג. איך האָב זי אַוועקגעפירט קיין סקאָטלאַנד, ווו מיר האָבן צו ערשט ציוויל חתונה געהאַט. דאַן האָט זי געמוזט אַריבער־גיין צום יידנטום, און מיר האָבן חתונה געהאַט אין אַ סינאַגאָגע. איך בין אַן אָרטאָדאָקסישער ייד. דאָס האָט מיר נישט געבראַכט קיין שאָדן אין ענגלאַנד. מיינע קינדער רחל און כרמל זענען שטרענג רעליגיעז דער־צויגן. זיי האָבן געלערנט העברעיש אין פריִען עלטער". — — —

ווין, 24סטן דעצעמבער, 1895.

דער יידישער אַרויסגעבער קראַנבאַך אין בערלין וויל נישט הערן וועגן פאַרעפנטלעכן מיין בראָשור. זי איז קעגן זיינע אָנשויונגען. איך האָב זיך

געטרייסט, ווען איך האָב באַמערקט אויף דעם קאָנוועריט פון זיין בריוו, אַז ער גיט אַרויס אַ זשורנאַל פאַר פריזירערס און ענלעכע.

איך האָב דאַן געשריבן צו דונקער און הומבאָלט, וועלכע ווילן אויך גאַרנישט האָבן צו טאָן מיט דעם.

זאָל איך מיין בראַשור אַליין אַרויסגעבן? אויב זי וועט זיך גוט פאַר־קויפן, וועל איך אויסזען ווי אַ געשעפטסמאַן.

ווין, 19טן יאַנואַר, 1896.

איך האָב געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דעם אַרויסגעבער מאַקס ברייטענ־שטיין.

ער איז געוואָרן זייער ענטוזיאַסטיש, ווען איך האָב אים איבערגעלייענט עטלעכע ערטער פון דעם טעקסט, וואָס איז נאָך אַ שווערער אַרבעט ענד־לעך פאַרענדיקט.

איך האָב געענדערט דעם נאָמען. די בראַשור הייסט איצט: "דער יידנ־שטאַט".

און איך פיל די פאַרלייכטערונג, וואָס קומט נאָכן פאַרענדיקן אַ שווערע אויפגאַבע.

איך דערוואַרט נישט קיין דערפאָלג. איך קער זיך אום רויק צו מיין ליטעראַרישער אַרבעט, און קודם־כל צום איבערשרייבן מיין דראַמע "דאָס נייע געטאָ".

מאָריץ בענעדיקט, רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער פון דער "נייע פרייע פרעסע", ווו הערצל איז געווען איינער פון די אָנגעזע־ענסטע מיטאַרבעטער, דער רעדאַקטאָר פון דער פעליעטאָנען־אָפּטיילונג, פרוווט אויסאיבן אַ דרוק אויף הערצלען, אַז ער זאָל זיך צוריקציען פון פאַרעפנטלעכן דעם "יידנשטאַט". בענעדיקט און דער צווייטער אַרויסגעבער פון דער צייטונג, עדוואַרד באַ־כער, האַלטן, אַז די הויפּט־געפאַר אין הערצלס בראַשור באַשטייט אין דעם, וואָס ער שרייבט דאָרט, אַז יידן וועלן קיין מאָל נישט קאָנען אין גאַנצן זיך אַסימילירן.

ווין, 3טן פעברואַר, 1896.

ווי גערעכט איך בין געווען, ווען איך האָב היינט נאָך מיטאָג געזאָגט מיינע עלטערן, אַז איך בין איצט שוין אין מיטן פון דעם קאַמף. דער קאַמף איז צווישן מיר און די "נייע פרייע פרעסע", צווישן דעם אָנגעשטעלטן און דעם באַלעבאָס. ער האָט די מאַכט פון זיין העכערער פּאָזיציע. איך האָב אויף מיין זייט דאָס גוטע און גערעכטע.

אויב זיי וועלן מיך אַרויסשטופּן פון דער רעדאַקציע, מוז איך באַלד האָבן אין מיין רשות אַן אַנדערע צייטונג.

איך שטעל איין אַ סך, מיין גאַנצע פּאָזיציע — אָבער דאָס זעלבע טוט אויך די "נייע פרייע פרעסע"!

[ ב ]

די דערשיינונג פון ״ייִדנשטאַט״ און זיין השפּעה

דער גייסטלעכער העכלער

הערצל ביי דעם גרויסהערצאָג פון באַדען

נאָרדויס באַמיונגען ביים באַראָן עדמאָנד ראָטשילד

ערשטע פּאָליטישע שריט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל פאַר אַ ״טשאַרטער״

ביי סער מאָנטעגיו אין לאָנדאָן

הערצלס באַזוך ביים באַראָן עדמאָנד ראָטשילד

אַנטוישונג אין די פילאַנטראָפּן, שאַפונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג

די טרעפונג מיטן פירשט פערדינאַנד פון בולגאַריע

קרעמענעצקיס פּלענער וועגן דער אַנטוויקלונג פון ארץ־ישראל

אָנהייבן פון אַ ציוניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע

פּאָליטישע באַמיונגען אין ענגלאַנד

דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל

דעם 15טן פעברואַר, 1896, באַווייזן זיך אין די בוך־האַנדלונגען אין ווין די ערשטע עקזעמפּלאַרן פון הערצלס בראָשור. זי אַנטהאַלט 86 זייטן. אויף דעם שער־בלאַט פון דער בראָשור לייענט זיך:

"דער יידנשטאַט", אַ פּרווו פון אַ מאָדערנער לייזונג פון דער יידן־פראַגע, פון טעאָדאָר הערצל, דר. יורי, לייפּציק און ווין, 1896. מ. ברייטענשטיינס פאַרלאַג־בוכהאַנדלונג. ווין, וועריגנער־שטראַסע 5".

דאָס פאַרעפנטלעכן די בראָשור "דער יידנשטאַט" עפנט אויף פאַר הערצלען דעם וועג פאַר דער גרויסער פּאָליטישער אַקציע לטובת זיין אידעע — צו וועלכער ער האָט זיך לאַנג געגרייט.

הערצלס בראָשור "דער יידנשטאַט", איז דורך אַ סך איינפלוס־רייכע שריפטשטעלער אין ווין אויפגענומען געוואָרן מיט שפּאָט און אויך מיט אויפרעגונג. אָבער צווישן די פּאָליטישע פירער האָט די אידעע פון "יידנשטאַט" געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג.

באַלד אין די ערשטע וואָכן האָט הערצל אַ דאַנק דעם, וואָס זיין בראָשור "דער יידנשטאַט", האָט אַרויסגערופן אַן אינטערעס דווקא אין נישט־יידישע קרייזן, באַקומען די הילף פון אַן אינטע־רעסאַנטער פערזענלעכקייט, דעם פּראָטעסטאַנטישן גייסטלעכן ווי־ליאַם ה. העכלער, וועלכער איז געוואָרן אַ שטאַרקער אָנהענגער פון דער אידעע צוריקצושטעלן די יידישע מדינה. רעווערענד העכלער איז געווען דער גייסטלעכער פון דער ענגלישער אַמבאַ־סאַדע אין ווין. ער האָט געשאַפן הערצלען די פאַרבינדונג מיט דעם גרויסהערצאָג פון באַדען, און דאָס האָט אויך געהאָלפן הערצלען צו דער באַגעגעניש מיט דעם דייטשן קייזער ווילהעלם דער צווייטער.

העכלער איז פאַרבליבן אַ נאָענטער פריינד פון הערצלען. אַ דאַנק אים האָט דער גרינדער פון פּאָליטישן ציוניזם אונטער־גענומען די ערשטע דיפּלאָמאַטישע שריט פאַר דער יידנשטאַט־אידעע.

אין די וייטערדיקע טיילן פון הערצלס טאָג־ביכער ווערן גע־שילדערט די וויכטיקע אַנטוויקלונגען, וואָס זענען געקומען באַלד נאָך דעם, ווי דער "יידנשטאַט" איז דערשינען.

ווין, 2טן מערץ, 1896.

הערמאַן באַהר (אַ באַוווסטער עסטרייכישער שריפטשטעלער) איז געווען ביי מיר. די יידן פון די העכערע געבילדעטע קרייזן, וועלכע פלעגן שאַפן אין אַלטן ווין די ליטעראַרישע סאַלאָנען, די באַווערנפעלד־נעסט, די גריל־פּאַרצער־קאַפּעליע, זענען אויפגעבראַכט קעגן מיר — ווי באַהר דערציילט.

דאָס איז געווען צו דערוואַרטן.

ווין, 10טן מערץ, 1896.

רעווערענד וויליאַם ה. העכלער, דער גייסטלעכער פון דער היגער ענג־לישער אַמבאַסאַדע, איז געווען ביי מיר.

העכלער האָט דערקלערט, אַז מיין באַוועגונג איז אַ "ביבלישע". הגם איך באַהאַנדל אַלע פראַגן אויף אַ ראַציאָנעלן אופן.

ער וויל, אַז מיין שריפט זאָל געשיקט ווערן צו עטלעכע דייטשע פירשטן. ער איז געווען דערציער אין הויז פון גרויסהערצאָג פון באַדען. ער קען דעם דייטשן קייזער, און ער גלייבט, אַז ער וועט מיר קאָנען פאַרשאַפן ביי אים אַן אוידיענץ.

ווין, 10טן אַפּריל, 1896.

אַ "פּריוואַט־געלערטער" מיטן נאָמען קאַרל בלייכער איז געקומען צו מיר. איך האָב אים געהאַלטן אין אָנהייב פאַר אַ שנאָרער, וועלכער וויל אַ קליינע באַשטייערונג פאַר זיינס אַ בוך. אָבער ער האָט גאָרנישט גע־וואָלט נעמען פון מיר און האָט זיך געשטעלט צו מיין רשות אַלס אַגיטאַ־טאָר. איך נאָטיר דאָס, ווייל עס איז אַ צייכן פון דעם אופן, ווי אַזוי ס'האָט

אַרויסגערופן אינטערעס ביי די אָרעמע מענטשן. דער דאָזיקער אַלטער מאַן, וועלכער לעבט פון געשענקטע גראָשנס, האָט געעפנט זיין בייטל, מיר געוויזן וויפל ער האָט, און זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען מיין נדבה. דאָס איז דער וויכטיקסטער אונטערשיד צווישן מיין ווירקונג אויף מענטשן און דער השפּעה פון באַראָן הירש. ביי אים בעט מען, און מען האָט אים נישט ליב. מיך האָבן די בעטלער ליב. דערפאַר בין איך דער שטאַרקערער.

ווין, 14טן אַפּריל, 1896.

דער ענגלישער פּאַסטאָר העכלער איז געקומען צו מיר נאָך מיטאָג אַ שטאַרק אויפגערעגטער. ער איז געווען אין הויף, ווו דער דייטשער קייזער איז היינט אָנגעקומען. ער האָט גערעדט מיט דעם גענעראַל־סופּער־אינטענדענט דריאַנדער און מיט נאָך עטלעכע פון דעם קייזערס סוויטע. ער איז געגאַנגען מיט זיי שפּאַצירן אין שטאָט צוויי שעה און האָט זיי איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פון מיין בראָשור, וואָס האָט זיי זייער איבער־ראַשט. ער האָט זיי געזאָגט, אַז עס איז געקומען די צייט "ווען די נבואה דאַרף מקוים ווערן".

ווין, 21סטן אַפּריל, 1896.

איך האָב געהאַט בדעה צו פאָרן קיין פּעסט (בודאַפּעסט) מאָרגן אין דער פרי. אָבער שפּעט אין אָוונט האָב איך באַקומען העכלערס רוף קיין קאַרלסרוהע. (אויף אַ באַגעגעניש מיט דעם גרויסהערצאָג פון באַדען).

הערצל האָט אָנגעהויבן זיין גרויסע פּאָליטישע אַקציע. נאָך דעם ווי זיינע באַמיונגען ביי די רייכע יידן, ביים באַראָן מאָריס דע הירש און אויך ביי די ראָטשילדס, האָבן זיך נישט איינגע־געבן, האָט ער זיך געווענדט צו די הערשער און רעגירונגס־פי־רער פון יענער צייט אין די גרויסע מלוכות אין אייראָפּע. ער האָט געזוכט אַ וועג, ווי אַזוי צו פאַראינטערעסירן די דעצידירנ־דיקע שטאַטסלייט אין אייראָפּע מיט דער אידעע ווידעראויפצו־ריכטן די יידישע מדינה אין ארץ־ישראל און אַריינבנעמען דעם דאָזיקן פּלאַן אין דער פּאָליטישער סטראַטעגיע, וואָס די גרויסע אייראָפּעישע מלוכות האָבן דאַן געפירט אין באַצוג צו טערקיי.

הערצל האָט דאַן געזען די מעגלעכקייט אַריינצוציען אין זיין פּאָליטישער אַקציע פאַר דער יידנשטאַט־אידעע דעם דייטשן קייזער ווילהעלם דעם צווייטן, די רעגירונג פון דער בריטישער אימפּעריע, די רעגירונג פון צאַרישן רוסלאַנד, דעם איטאַליע־נישן קעניג, אויך אַ טייל פון די איינפלוסרייכע הערשער פון די באַלקאַן־מלוכות.

נאָך טויזנטער יאָרן איז צום ערשטן מאָל אין דער יידישער געשיכטע אויפגעשטאַנען אַ יידישער שטאַטסמאַן, וועלכער האָט זיך פאַרמאָסטן אָנצוהייבן אַזאַ גרויסע פּאָליטישע אַקציע, אין דעם פאַרנעם פון פּאָליטישע פירער פון אַלטע מעכטיקע מלוכות. הערצל האָט געהאָפט אויף דעם וועג צו דערגרייכן צו דער באַנייונג פון דער יידישער מדינה.

זיין ערשטן שריט האָט הערצל געמאַכט ביים גרויסהערצאָג פרידריך דעם ערשטן פון באַדען, וועלכער האָט געהאַט זייער אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דעם דייטשן קייזער ווילהעלם דעם צווייטן. הערצל איז אָנגעקומען צום גרויסהערצאָג פון באַדען אַ דאַנק דער הילף און פאַרמיטלונג פון דעם פּראָטעסטאַנטישן גייסטלעכן וויליאַם ה. העכלער פון דער ענגלישער אַמבאַסאַדע אין ווין.

זונטיק, דעם 22סטן אַפּריל, 1896, האָט הערצל זיך געפונען אין באַן־וואַגאָן פון אָריענט־עקספּרעס אויפן וועג צו זיין ערשטער באַגעגעניש מיט אַן איראָפּעיִשן פירשט, דעם גרויס־הערצאָג פון באַדען, צו פאַרהאַנדלען מיט אים וועגן דער לאַגע פון די יידן און וועגן באַנייען די יידישע מדינה. דעם 23סטן אַפּריל, 1896, איז הערצל געקומען קיין קאַרלסרוהע און דער געשפּרעך, וואָס ער האָט געהאַט מיטן גרויסהערצאָג, האָט שפּעטער געבראַכט וויכטיקע רעזולטאַטן פאַר דער יידנשטאַט־אידעע.

22סטן אַפּריל, 1896.

אַ ליבער, הערלעכער טאָג. גרינס צעוואָרפן אַרום און אַרום אויף די רייצנדיקע פעלדער. אויף דעם וואַלדיקן בערגל קומען אַרויס דיביימער איינער נאָכן אַנדערן, אַזוי אַז עס זעט אויס, ווי אַ ברייטער שייטל. דורך זיי קאָן מען זען דעם צאַרטן הינטערגרונט פון דעם בלאַסן פרילינגס־

הימל — און אין דעם אויגנבליק מוז איך טראַכטן וועגן פאַרשטאָרבענעם באַראָן דע הירש*.

קאַרלסרוהע, 23סטן אַפּריל, 1896.

איך בין אָנגעקומען אַהער נעכטן, עלף אַ זייגער אין אָוונט. העכלער האָט מיך אָפּגעוואַרט אויף דער באַן־סטאַציע.

ער האָט מיר דערציילט וועגן די אומשטענדן. דער גרויסהערצאָג האָט קודם־כל געוואָלט קריגן אַ באַריכט פון זיין געהיימען ראַטגעבער וועגן מיין "יודענשטאַאַט".

איך האָב געזאָגט צו העכלערן אין אַן אויסגעצייכנטער שטימונג: "געדענקט אָט דעם וואונדערלעכן טאָג, דעם ליבלעכן פרילינגס־הימל איבער קאַרלסרוהע! פון היינט אין אַ יאָר אַרום וועלן מיר אפשר זיין אין ירושלים".

העכלער האָט מיר דאַן דערקלערט, אַז ער וועט בעטן דעם גרויסהערצאָג צו באַגלייטן דעם קייזער אין קומענדיקן יאָר צו דער איינווייונג פון דער קירך אין ירושלים. איך זאָל אויך דאָרטן זיין, און העכלער וועט מיטפאָרן אַלס וויסנשאַפטלעכער באַגלייטער פון גרויסהערצאָג.

ביים אַריינגיין אין פּאַלאַץ (צום גרויסהערצאָג) האָב איך זיך באַמיט אָפּצולענקען מיין צו־שטאַרקן איינדרוק דורך אויפנעמען ווי אַ רעפּאָרטער אַלץ, וואָס איך האָב געזען: גרין־סאַמעטענע מעבל; דאָס ברוינע אויסגעשניטענע האָלץ פון די שטולן־פּיסלעך, מיט די לייכט־גאָלד־באַדעקצן; פּאָטאָגראַפיעס פון די דריי דייטשע קייזערס.

צום גליק האָט העכלער געהאַלטן אין איין פּלוידערן.

פלוצעם האָט זיך געעפנט די טיר, און אַן אַלטער, קרעפטיקער, אָבער נישט צו פעט אויסזעענדיקער, גענעראַל איז אַריינגעקומען — דער גרויסהערצאָג. ער איז אַלט זיבעציק יאָר, אָבער ער זעט אויס מיט אַ זעקסאַכט יאָר יינגער.

* באַראָן מאָריס דע הירש איז געשטאָרבן פלוצעם, דעם 20טן אַפּריל, 1896, אין זיין גוט, אין אונגאַרן.

קאַרלסרוהע, 23סטן אַפּריל, 1896.

אין אָנהייב בין איך געווען אַ ביסל צערודערט ביים רעדן. איך האָב געגלייבט, אַז עס איז בעסער אָנצוהייבן אין אַ האַלבן טאָן, און אַזוי אַרום אויסמיידן דאָס פאַרלירן זיך ביי אַזעלכע פאַלן. אויף די ערשטע פריינד־לעכע פראַגן וועגן מיין רייזע און מיין ווין־אַרט, האָב איך געזאָגט דעם גרויסהערצאָג, ווער איך בין, וואָס עס איז מיין פּראָפעסיע, און האָב אים דערציילט וועגן מיין פריערדיקער פּאָזיציע אין פּאַריז פאַר דער דאָזיקער צייטונג.

דער גרויסהערצאָג האָט דאַן געזאָגט: ״איך באַקום די ״נייע פרייע פּרעסע״ און ער האָט זיך אויסגעפרעגט וועגן פּאַריז.

נאָך עטלעכע מינוט האָט ער מיך איבערגעריסן: ״מיר האָבן דאָך גע־וואָלט רעדן וועגן עפּעס אַנדערש״.

דערויף בין איך גלייך אַריינגעגאַנגען אין דער טעמע פון אונדזער גע־שפּרעך און האָב אים געבעטן מיך איבערצורייסן מיט פראַגן, ווען מיינע אויספירונגען וועלן זיך אים אויסווייזן צו זיין נישט קלאָר.

און אַזוי האָב איך פאַר אים אַנטוויקלט דאָס גאַנצע פּראָבלעם. ליידער האָב איך ביים רעדן זיך געמוזט אַזוי שטאַרק קאָנצענטרירן, אַז איך האָב אים נישט געקאָנט גוט אָבסערווירן. העכלער האָט שפּעטער געזאָגט, אַז אונדזער געשפּרעך וואָלט געדאַרפט סטענאָגראַפירט ווערן. נאָך דער שטאַרקער אָנשטרענגונג פון צוויי און אַ האַלבער שעה בין איך געוואָרן אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז איך קען זיך מער נישט דערמאָנען דעם גענויעם גאַנג פון דעם געשפּרעך.

בכל אופן האָט דער גרויסהערצאָג פון אָנהייב אָן אויפגענומען מיט דער פולער ערנסטקייט מיין אידעע וועגן דער גרינדונג פון דער יידישער מדינה.

זיין עיקר־צוגאַנג איז געווען, אַז אויב ער אַליין זאָל זיך אַרויס־זאָגן לטובת דער אידעע, וועט מען עס אויסטייטשן אַלס אַנטיסעמיטיזם.

איך האָב אים דערקלערט, אַז נאָר אַזעלכע יידן וועלן אויסוואַנדערן, וואָס וועלן אויסדריקן דערצו זייער ווילן.

דעם גרויסהערצאָגס מיינונג איז געווען, אַז די רעגירונגען וועלן ערשט

דאַן קאָנען אויפנעמען די פראַגע ווי געהעריק, ווען זיי וועלן האָבן פאַר זיך די "יידן־געזעלשאַפט" * מיט וועלכער זיי זאָלן פאַרהאַנדלען.

איך האָב אים באַטירלעך געענטפערט אין דעם פאַרקערטן זין. זאָלן עטלעכע פירשטן פריער זיך אַרויסזאָגן גינסטיק וועגן דעם. און ווען דאָס וועט געשען, וועט די "יידן־געזעלשאַפט" גלייך פון אָנהייב אָן קאָנען אַרויסטרעטן מיט מער אויטאָריטעט. און אויטאָריטעט איז נייטיק, אויב מען וויל די דאָזיקע גרויסע באַוועגונג דורכפירן אין אָרדענונג. די יידן דאַרפן ווערן דערצויגן און דיסציפּלינירט צו דער אידעע פון זייער אי־בערוואַנדערונג.

דער גרויסהערצאָג האָט זיך דאַן געווענדט צו העכלערן: "די קאָפּע־ראַציע פון ענגלאַנד מיט דייטשלאַנד אין דער פראַגע איז זיכער ווייניק וואַרשיינלעך. די באַציונגען זענען איצט לײדער זייער אָנגעשטרענגט. וועט ענגלאַנד העלפן?"

איך האָב געזאָגט: "וועגן דעם וועלן אונדזערע ענגלישע יידן דאַרפן זאָרגן".

"אויב זיי וועלן קאָנען"... — האָט דער גרויסהערצאָג זיך אָנגערופן מיט אַ ביסל אומצוטרוי. אויף דעם האָב איך געענטפערט: "אויב עס וועט זיין באַקאַנט, אַז דער גרויסהערצאָג פון באַדען אינטערעסירט זיך מיט דער פראַגע, וועט דאָס מאַכן אַ טיפן איינדרוק".

ער האָט זיך גיך אָנגערופן: "דאָס איז נישט אמת. מיין פּאָזיציע איז נישט גענוג גרויס. יאָ, ווען דער דייטשער קייזער, אָדער דער קעניג פון בעלגיע וואָלט דאָס געטאָן".

איך בין געבליבן פעסט ביי מיינע ווערטער: "ווען אַ דערפאַרענער פירשט, וועלכער האָט מיטגעהאָלפן צו שאַפן די דייטשע אימפּעריע און ביי וועמען דער דייטשער קייזער פרעגט אָפט אַן עצה, וועט דערקלערן, אַז ער שטייט אויף דער זייט פון דער נייער אונטערנעמונג, וועט דאָס

* דאָס איז געווען דער ערשטער נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע הערצל האָט געפּלאַנט צו שאַפן פאַר פאַרווירקלעכן די אידעע פון ווידעראויפריכטן די יידישע מדינה. פון דעם ערשטן פּלאַן וועגן אַ "יידן־געזעלשאַפט", איז הערצל שפּעטער געקומען צו דער מחשבה וועגן גרינדן די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע, וואָס ער האָט דורכ־געפירט, צונויפרופנדיק דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל.

מאַכן אַ זייער גרויסן איינדרוק. אייער קעניגלעכע הויכקייט איז דער ראַטגעבער פון קייזער".

ער האָט געשמייכלט: "איך גיב אים עצות, אָבער ער טוט וואָס ער וויל".

דאַן האָט ער מיך געפרעגט, צי איך האָב שוין אונטערגענומען וועלכע עס איז שריט ביים סולטאַן.

איך האָב געענטפערט, טראַכטנדיק וועגן נעווולינסקין *, אַז עמעצער האָט זיך מיט מיר שוין אָנגעבאָטן צו רעדן פאַר מיר מיט דעם סולטאַן.

איך האָב אים גענומען דערקלערן דעם נוצן, וואָס דער פּלאַן קאָן האָבן פאַר דעם אָריענט, אויב טערקיי זאָל ווערן צעטיילט אין משך פון אַ צייט, וואָס קאָן פאָרויסגעזען ווערן, וואָלטן מיר געקאָנט שאַפן אין ארץ־ישראל אַ "עטאַ טאַמפּאָן" (אַ פאַקטישע מדינה). אין פאַל, ווען די גאַנצ־קייט פון טערקיי זאָל אויפגעהאַלטן ווערן, קאָנען מיר נאָך אַלץ פיל ביישטראָגן. מיר וואָלטן געקאָנט דעפיניטיוו לייזן דאָס פּראָבלעם פון נאַציאָנאַלן בודזשעט פון סולטאַן, אַלס אויסטויש פאַר דער טעריטאָריע, וועלכע האָט נישט פאַר אים קיין גרויסן ווערט.

דער גרויסהערצאָג האָט געפרעגט, צי עס וואָלט נישט געווען בעסער צו ברענגען פריער קיין ארץ־ישראל עטלעכע הונדערט טויזנט יידן און ערשט דערנאָך אויפהייבן די פראַגע.

איך האָב געענטפערט אין אַן אַנטשלאָסענעם טאָן: "איך בין קעגן דעם. דאָס וואָלט געמיינט, אַז די יידן זאָלן זיך אַריינכאַפּן אין לאַנד. און שפּע־טער וואָלטן די יידן געדאַרפט מאַכן אַן אויפשטאַנד קעגן דעם סולטאַן. אָבער איך וועל אַלץ אַדורכפירן אָפן און קלאָר, אין דער פולסטער גע־זעצלעכקייט".

* פיליפ מיכאַעל נעוולינסקי, אַ דיפּלאָמאַט, זשורנאַליסט און פּאָליטישער אַגענט, וועל־כער האָט אַ לאַנגע צייט געאַרבעט אין דער עסטרייכישער געזאַנדשאַפט אין קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל און געהאַט באַציונגען מיטן טערקישן סולטאַן אַבדול חאַמיד און זיינע ראַט־געבער. הערצל האָט זיך פיל באַנוצט מיט נעוולינסקיס הילף און פאַרמיטלונג אין זיינע באַמיונגען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל פאַר באַקומען דעם "טשאַרטער" אויף ארץ־ישראל. נעוולינסקי ווערט פיל מאָל דערמאָנט אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען פון הערצלס טאָג־ביכער.

צופרשט האָט דער גרויסהערצאָג מיך אָנגעקוקט אַ ביסל איבערראַשט פון דעם, וואָס איך רעד אַזוי ענערגיש. דאַן האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַלס צייכן, אַז ער איז איינשטימיק מיט מיר. ער האָט געזאָגט: ״דאָס וועט אויך לייזן די עגיפּטישע פּראָגע. ענגלאַנד האַלט זיך אָנגעהאָנגען אין עגיפּטן נאָר דערפאַר, ווייל זי מוז דאָרט זיכערן איר וועג קיין אינדיע. פּאַקטיש קאָסט עגיפּטן מער, וויפל זי איז ווערט״.

צום סוף האָט דער גרויסהערצאָג געזאָגט נאָך אַ מאָל: ״איך וואָלט געוואָלט, אַז דאָס זאָל געשען. איך גלייב, אַז דאָס וועט זיין אַ ברכה פאַר אַ סך מענטשן״.

הערצל פאָרט צוריק פון קאַרלסרוהע קיין ווין, נאָך זיין געשפרעך מיט דעם גרויסהערצאָג פון באַדען, און ער פאַרשרייבט אין זיין טאָגבוך:

ווין, 26סטן אַפּריל, 1896.

ווען איך בין נעכטן נאָך מיטאָג אַריינגעקומען אין צוג פון אָריענט־עקספּרעס, אין מינכען, איז דאָרט געזעסן העכלער.

ער האָט פאַר מיר אין וואָגאָן, פונאַנדערגעוויקלט די מאַפּע פון ארץ־ישראל און האָט שעהן־לאַנג איינשטודירט מיט מיר. אין צפון זאָל די גרענעץ זיך ציען ביז די בערג אַקעגן איבער קאַפּאַדאָציע, און אין דרום זאָל די גרענעץ זיין דער סועץ־קאַנאַל. דער רוף, וואָס מיר וועלן אַרויסגעבן, וועט זיין: ארץ־ישראל ווי אין די צייטן פון דוד המלך און שלמה המלך!

הערצל האָט שפּעטער צוגעשיקט אַ וויכטיקן און זייער אינטערעסאַנטן בריוו צום גרויסהערצאָג פון באַדען. אין דעם בריוו האָט הערצל געבראַכט דעם באַקאַנטן פּסוק פון תהילים: ״בשוב ה׳ את שיבת ציון״ (תהלים, קכ״ו, א).

הערצל האָט געשריבן אין דעם בריוו צום גרויסהערצאָג:

״דער געדאַנק, אַז איך זיץ אַקעגנאיבער איינעם פון די מיטגרינדער פון דייטשן רייך, דעם ראַטגעבער און פריינד פון דריי קייזערס, האָט

מיך באַרוישט און צעטומלט, אָבער די אידעע אַליין דאַרף נישט ליידן צוליב דער שוואַכקייט פון איר פּאַרטרעטער.

אַז גאָט וועט וועלן, און מיר וועלן צוריקקומען אין אונדזער היסטאָרישן פּאָטערלאַנד, וועט זיין אונדזער באַגער אַריינצוברענגען, אַלס קולטור־טרעגער פון מערב, די ריינקייט, אָרדענונג און קולטורעלע מנהגים פון מערב אין דעם איצט פאַרפעסטעטן און פאַרוואָרלאָזטן ווינקל פון מיזרח.

די איינצלהייטן זענען אָנגעדייט אין מיין שריפט "דער יידנשטאַט". דאָרט ווערט אויך אָנגעוויזן, ווי אַזוי מען קאָן און מען דאַרף פאַרהיטן דעם ווירטשאַפטלעכן שאָדן פון די לענדער, פון וואַנען עס וועט זיין די אויסוואַנדערונג.

אַ פולשטענדיקע עוואַקואַציע ווערט, איבעריקנס, נישט גענומען אין באַטראַכט. די יידן וועלכע זענען שוין אין גאַנצן איינגעאָרדנט, אָדער קאָנען זיך נאָך איינאָרדענען, וועלן בלייבן. די אויסוואַנדערונג וועט זיין אַ פריייוויליקע. און יידן מיט שכל הישר וועלן קוקן אויף איר נישט ווי אויף אַ גירוש, נאָר ווי אויף אַן אַקט פון חסד, וועלכן דער פירשט וועט טאָן מיט זיי".

איין זיינע ווייטערדיקע געדאַנקען וועגן יידנשטאַט האָט הערצל אַריינגעשריבן אין זיין טאָגבוך די פאָלגנדיקע באַמערקונג:

ווין, 12טן מיי, 1896.

גרויסע זאַכן דאַרפן נישט האָבן קיין פעסטן פונדאַמענט. אַן עפּל מוז מען אַרויפלייגן אויפן טיש, אַז ער זאָל נישט אַראָפּפאַלן, אָבער די ערד שוועבט אין דער לופט.

אויף דעם זעלבן אופן וועל איך אפשר קאָנען גרינדן און באַפעסטיקן דעם יידנשטאַט אָן יעדן זיכערן אינהאַלט.

דער סוד ליגט אין דער באַוועגונג. איך גלייב, אַז לויט דעם זעלבן פּרינציפּ וועט מען אויך סוף־כל־סוף דערפינדן די לופט־שיף, וועלכע מען וועט קאָנען לענקען אין אַלע ריכטונגען. די משא וועט באַהערשט ווערן דורך דער באַוועגונג. נישט די שיף, נאָר איר באַוועגונג וועט מען דאַרפן לענקען.

איידער ער איז צוגעטראָטן צו שאַפן אָט די באַוועגונג — מיט וואָס הערצל האָט געמיינט די ציוניסטישע מאַסן־באַוועגונג — האָט ער געמאַכט אַ נייעם פּרווו צו פּאַראינטערעסירן דעם פּאַריזער באַראָן עדמאָנד דע ראָטשילד (וועלכער איז שפּעטער באַרימט געוואָרן אַלס דער "נדיב הידוע" און האָט גענומען אַ זייער גרויסן אָנטייל אין אויפבוי פון יידישן היימלאַנד) מיט דער יידנשטאַט־אידעע.

דר. מאַקס נאָרדוי, הערצלס נאָענטסטער פריינד האָט אַ געשפּרעך מיט באַראָן ראָטשילד. אָבער אויך די נייע באַמיונגען ברענגען נישט די געוווּנטשענע רעזולטאַטן.

ווין, 18טן מיי, 1896.

נאָרדוי טיילט מיר מיט, אַז ער מיט צדוקן (צדוק הכהן, אויבער־ראַבינער פון פּאַריז) זענען געוועזן ביי עדמאָנד ראָטשילד. די "אוידיענץ" האָט געדויערט דריי און זעכציק מינוט, בעת וועלכער ראָטשילד האָט גערעדט דריי און פופציק מינוט, און נאָרדוי "מיט מי און אומהעפלעכקייט" — בלויז צען מינוט.

ראָטשילד וויל אַבסאָלוט גאָרנישט וויסן וועגן דעם פּראָיעקט. ער גלייבט נישט, אַז מען זאָל קאָנען עפּעס דערגרייכן ביים סולטאַן. בכל אופן וויל ער נישט מיטהעלפן. ער האַלט, אַז דאָס וואָס איך טו איז געפערלעך, ווייל איך שטעל אונטער אַ פאַרדאַכט דעם פּאַטריאָטיזם פון די יידן. עס איז אויך שעדלעך פאַר זיינע קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל.

מען קען זיך גוט פאַרוויילן, ווען מען לייענט דערנאָך די היינטיקע דעפּעשן פון פּאַריז, וועלכע גיבן איבער וועגן גאַסן־דעמאָנסטראַציעס קעגן די יידן, און באַזונדערס קעגן די ראָטשילדס. פאַר דעם זעלבן הויז אויף רי לאַפיט, ווו ראָטשילד האָט פריטיק אָפּגעזאָגט די ביטע פון מיין פריינד נאָרדוי, האָט דער המון געשריגן זונטיק: "נידער מיט די יידן!".

דערווייל הייבט אָן הערצל זיינע ערשטע פאַרהאַנדלונגען מיטן טערקישן סולטאַן אַבדול חאַמיד דעם צווייטן. ער פאָרט קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. דער צוג שטעלט זיך אָפּ אין סאָפיאַ, ווו עס קומט אים באַגעגענען אַ גרויסער עולם בולגאַרישע יידן. הערצלס

פּאָליטישע אַקציע וועגן ווידעראויפריכטן די יידישע מדינה ווערט שוין באַקאַנט איבער דער ברייטער יידישער וועלט, און מען הייבט שוין אָן קוקן אויף אים, ווי אויף דעם מנהיג, וואָס האָט זיך אונטערגענומען צו ברענגען די גרויסע ישועה פאַרן יידישן פאָלק.

אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל שטויסט זיך אָן הערצל אויף גרויסע שוועריקייטן. דעם סולטאַנס ערשטער סעקרעטאַר און הויפּט־ראַט־געבער איזעט בעי איז קעגן הערצלס אידעע וועגן יידנשטאַט. נישט געקוקט אויף אַלע אָנשטרענגונגען, געלינגט נישט הערצלען צו קריגן אַן אוידיענץ ביים סולטאַן, און ער פאָרט אַוועק פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל, נאָך זיין ערשטן באַזוך אין דער הויפּשטאָט פון טערקיי מיט גאָר ווייניק דערגרייכונגען.

הערצל איז געפאָרן קיין טערקיי צוזאַמען מיט דעם דיפּלאָמאַט פיליפּ נעווולינסקי, וועלכער האָט געהאַט פאַרבינדונגען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

באַדען, ביי ווין, 1טן יולי, 1896.

נאָך אין לעצטן טאָג, אין וואַגאָן פון צוג, איז נעווולינסקי געווען פול מיט אידעען.

ער האָט געהאַט אַזאַ איינפאַל: מען וואָלט געדאַרפט מאַכן אַ פאַר־שלאַג דעם סולטאַן, אַז ער זאָל באַפולמעכטיקן די ציוניסטישע באַוועגונג אָנצוזאָגן אין זיין נאָמען די בשורה צו אַלע יידן, אַז ער וועט עפענען פאַר זיי ארץ־ישראל אַלס אַ פירשטנטום, מיט זייערע אייגענע געזעצן, אַרמיי אאַז״וו אונטער זיין פּראָטעקטאָראַט. די יידן וועלן דערפאַר צאָלן אַ שטייער פון בערך אַ מיליאָן פונט יערלעך.

איך האָלט די דאָזיקע אידעע פאַר אויסגעצייכנט. איך האָב שוין גע־טראַכט וועגן עפּעס ענלעכס אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אָבער איך האָב גאָרנישט גערעדט וועגן דעם, ווייל עס איז אַ פאָרשלאַג, וואָס קאָן אָנ־גענומען ווערן. און איך האָב ביז איצט געדאַרפט מאַכן בלויז אַזעלכע פאָרשלאָגן, וועלכע קאָנען נישט ווערן אָנגענומען, צוליב דעם וואָס איך בין נישט געווען זיכער, צי די לאָנדאָנער חובבי ציון וועלן מיך אין לעצטן מאָמענט נישט שטעלן אין אַ פאַרלעגנהייט.

Die Judensache

Erstes Buch

Begonnen.
Paris um Pfingsten 1895

הערצלס טאָג־ביכער

יעקב הערצל,

דער פאָטער פון טעאָדאָר הערצל





הערצל ביי זיין אַרבעטסטיש און זיין מוטער זשאַנעט

הערצל פאָרט גלייך קיין לאָנדאָן צו באַריכטן זיינע פריינד, מיט וועלכע ער האָט זיך פאַרבונדן בעת דעם פריערדיקן באַזוך אין דער ענגלישער הויפּט־שטאָט, וועגן זיינע באַמיונגען ביים סול־טאַן. הערצל האָפט אויך, אַז די חובבי ציון אין ענגלאַנד וועלן העלפן שאַפן די נייטיקע סומע פון צוויי מיליאָן פונט, מיט וועלכער ער וועט קאָנען אָנהייבן פּראַקטישע פאַרהאַנדלונגען מיטן סולטאַן.

הערצל האָט צוויי וויכטיקע געשפּרעכן מיט סער סעמיועל מאָנטעגיו — אַ פּראָמינענטע פּאָליטישע פּערזענלעכקייט אין ענג־לאַנד, מיטגליד פון פּאַרלאַמענט, פעטער פון לאָרד הערבערט סעמיועל (ערשטער בריטישער הוי־קאָמישיאָנער אין ארץ־יש־ראל). סער סעמיועל מאָנטעגיו איז געווען אַ פירער פון די חובבי ציון אין ענגלאַנד און האָט סימפּאַטיזירט מיט הערצלס אידעע. אָבער ער האָט געשטעלט באַדינגונגען פאַר געבן זיין הילף.

לאָנדאָן, 8טן יולי, 1896.

איך בין געפאָרן צו מאָנטעגיון אין "האַוז אָוו קאָמאָנס".

די גאָטישע סקולפּטור און די באַוועגונג אין אויפנאַם־זאַל האָבן מיך שטאַרק אינטערעסירט. ביים אָנבליק פון דער דאָזיקער אימפּאָזאַנטער פּאַרלאַמענט־מאַשינעריע — אויסערלעכקייטן האָבן זייער אַ שטאַרקן עפעקט — האָט מיך אַ ביסל אָנגעכאַפּט אַ קאָפּ־שווינדל. גלייכצייטיק האָב איך פאַרשטאַנען, פאַר וואָס די ענגלישע יידן האַלטן זיך אַזוי צוגע־בונדן צו זייער לאַנד, ווו זיי קענען אין אַט דעם הויז זיך אַריינציען ווי באַלעבאַטים.

מאָנטעגיו האָט זיך באַוויזן און האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ פּראַכט־פולן קליינעם קאָנפערענץ־צימער, מיט גאָטישע פענצטער, דורך וועלכע מען קוקט אַרויס אויף אַ גאָטישן הויף. איך האָב אים דערציילט די פּראַקטישע רעזולטאַטן, אָנהייבנדיק פון דעם גרויסהערצאָג פון באַדען ביז צום סולטאַן. אין אָנהייב איז ער געווען אַ ביסל באַאומרויִקט, אָבער באַלד איז ער ווידער געוואָרן וואַרעמער. אַ פּרעכטיקער אַלטער מאַן. זיין ערשטע און וויכטיקסטע איינווענדונג איז געווען וועגן סולטאַן — אַז ווען דער סולטאַן וועט אַריינקריגן דאָס געלט פון דער יידישער שטייער־הלוואה, וועט ער אָנהייבן מאַכן גרויסע צרות די איינגעוואַנדערטע יידן.

אַ שטאַרק קלינגען האָט גערופן מאָנטעגיון צו אַן אָפּשטימונג אין "האַוז אָוו קאָמאָנס".

לאָנדאָן, 11טן יולי, 1896.

געגעסן מיטאָג ביי מאָנטעגיון. נאָכן עסן איז פאָרגעקומען אַ קורצע פּראַקטישע דיסקוסיע. איך האָב דערקלערט, וואָס עס איז ביז איצט געטאָן געוואָרן, און אַז מיר ווילן באַוועגן ביסמאַרקן צו שרייבן צום סולטאַן און פאָרשלאָגן די אידעע פון אַ יידישער וואַסאַל־מדינה. מאָנ־טעגיו האָט געשטעלט דריי באַדינגונגען פאַר זיין אָפּענעם אָנשליסן זיך אין אונדזער אַקציע: 1) די צושטימונג פון די גרויסע מלוכות; 2) אַז באַראָן הירש פאָנד זאָל שטעלן אין אונדזער רשות די סומע מיט וועל־כער ער קאָן דיספּאָנירן — צען מיליאָן פונט; 3) אַז איינער פון די ראָט־שילדס, וואָס מיינט עדמאָנד, זאָל אַריינטרעטן אין קאָמיטעט.

לאָנדאָן, 15טן יולי, 1896.

נאָך אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג אין איסט־ענד.

ווען איך בין געזעסן זונטיק אויף דער טריבונע, בין איך געווען אין אַ מאָדנער שטימונג. איך האָב געזען און געהערט, ווי עס הייבט זיך אָן צו וועבן די לעגענדע וועגן מיר. דאָס פאָלק איז סענטימענטאַל. די מאַסן זענען מטושטש. איך גלייב, אַז אַפילו איצט האָבן זיי נישט קיין קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן מיר. עס הייבט זיך אָן אַרומוויקלען אַרום מיר אַ לייכטער רויך, וואָס וועט זיך אפשר פאַרוואַנדלען אין אַ וואָלקן, אין וועלכן איך וועל שטעלן טריט און גיין. אָבער אַפילו איצט, ווען זיי זעען שוין מער נישט דייטלעך די שטריכן פון מיין פּנים און מיינע באַוועגונגען, פאַרשטייען זיי פון דעסטוועגן, אַז מיינע כוונות לגבי זיי זענען גוטע, און אַז איך בין דער מאַן פון די אָרעמע־לייט.

הערצל פאָרט פון לאָנדאָן קיין פּאַריז און האָט ענדלעך אַ באַ־געגעניש מיט באַראָן עדמאָנד דע ראָטשילד. ער האַלט פאַר ראָטשילדן די רעדע, וועלכע ער האָט שוין געהאָט צוגעגרייט כמעט אַ יאָר פריער.

פּאַריז, 19טן יולי, 1896.

נעכטן האָב איך געהאַלטן די "רעדע צו די ראָטשילדס".

איך האָב אָנגעהויבן: "אַ קאָלאָניע איז אַ קליינע מדינה. אַ מדינה איז אַ גרויסע קאָלאָניע. איר ווילט אַ קליינע מדינה. איך וויל שאַפן אַ גרויסע קאָלאָניע".

און ווידער אַ מאָל, ווי שוין אַזוי אָפט פריער, האָב איך דערקלערט דעם גאַנצן פּלאַן. ער האָט זיך צוגעהערט מיט איבערראַשונג צו אַ טייל פון מיינע אויספירונגען. און עטלעכע מאָל האָב איך געזען אַ באַוווּנדערונג אין זיינע אויגן.

אָבער ער גלייבט נישט אין די צוזאָגן פון די טערקן.

נאָך צוויי שעה פון דעם קעמפערישן געשפּרעך האָב איך אויפגעהויבן מיין שירעם און בין אויפגעשטאַנען:

"בכדי צו פאַרענדיקן דעם שמועס, וואָס מיר האָבן געפירט מיט דער גאַנצער ערנסטקייט און נישט פאַר אונטערהאַלטן זיך, וויל איך זאָגן אַט־וואָס: ווי אַזוי איז מעגלעך צו דערקענען די מאַכט פון אַן אידעע? דורך דעם פאַקט, וואָס מען נעמט אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו זאָגן "יאָ". און מען ווערט אויך פאַראַנטוואָרטלעך, ווען מען זאָגט "ניין".

דער באַראָן האָט געמאַכט אַ פּריקרע און זויערע מינע.

איך האָב ווייטער גערעדט:

"איר זענט געווען דער הויפּט־שליסל פון דער גאַנצער קאָמבינאַציע. אויב איר זאָגט זיך אָפּ, וועט אַלץ, וואָס איך האָב ביז איצט אויפגעשטעלט, זיך פונאַנדערפאַלן. און דאַן וועל איך עס דאַרפן טאָן אויף אַן אַנדערן אופן. איך וועל אָנהייבן אַ גרויסע אַגיטאַציע, וועלכע וועט מאַכן נאָך שווערער צו האַלטן די מאַסן אונטער אַ קאָנטראָל. איך האָב געוואָלט איבערגעבן דעם גאַנצן פּלאַן צו אייך, דעם פילאַנטראָפּישן ציוניסט, און אַליין וואָלט איך זיך דאַן צוריקגעצויגן, באַלד ווי דער ענין מיטן סולטאַן וואָלט געווען דערליידיקט. וואָלט איר געקאָנט פאַרעפנטלעכן וועגן דעם, וויפל אייך וואָלט זיך געגלוסט, און איר וואָלט אויך געקענט האַלטן בסוד, וויפל איר וואָלט געפונען פאַר נייטיק.

"די רעגולירונג פון אַ מאַסן־איינוואַנדערונג איז אַ פראַגע פאַר דער

רעגירונג. אויב עס וואָלט, צום ביישפּיל, געקומען אַ שטערונג, וואָלט מען געקאָנט פֿאַרשפּרייטן נישט־גינסטיקע באַריכטן וועגן די מעגלעכ־קייטן צו קריגן אַ דאַך איבערן קאָפּ אָדער וועגן די אויסזיכטן צו באַ־קומען אַרבעט, און דורך דעם וואָלט דער שטראָם געוואָרן לאַנגזאַמער. דאָס זענען נישט מער ווי אַדמיניסטראַטיווע איינצלהייטן. איר האַלט, אַז עס וואָלט געווען אַן אומגליק צו אָפּערירן מיט אַזעלכע מאַסן. אָבער לייגט זיך גוט איבער, צי עס וועט נישט זיין קיין גרעסערער אומגליק, אויב איך וועל די דאָזיקע מאַסן ברענגען אין באַוועגונג דורך אַ גרויסער אַגיטאַציע, ביי וועלכער מען קען אַ סך נישט אויסרעכענען און וויניקער פּלאַנירן.

"און גראָד דאָס האָב איך טאַקע געוואָלט אויסמיידן. איך האָב געוויזן מיין גוטן ווילן, און אַז איך בין נישט קיין איינגעשפּאַרטער קאָפּ. איר זאָגט אָפּ — איך האָב דאָס מייניקע געטאָן".

און דאַן האָב איך זיך געזעגנט. מיר האָבן זיך ביידע דערקלערט איינער דעם אַנדערן, אַז מיר זענען זייער צופֿרידן פֿון דער באַקאַנטשאַפֿט, וואָס מיר האָבן געשלאָסן, און איך בין אַוועקגעגאַנגען.

הערצל מאַכט די ערשטע שריט צו שאַפֿן די ציוניסטישע וועלט באַוועגונג, נאָך דעם ווי זיינע באַמיונגען צו געווינען די הילף פֿון באַראָן עדמאָנד דע ראָטשילד אין פּאַריז האָבן זיך דערווייל פֿאַרענדיקט אָן רעזולטאַט. ער וויל אויפֿהייבן די יידישע פֿאָלקס־מאַסן און אַריינגעבן אין זיי דאָס באַוווסטזיין, אַז זיי זאָלן נעמען זייער גורל אין זייערע אייגענע הענט און מיט פֿאַראייניקטע כּוחות צוטרעטן צו פֿאַרווירקלעכן די אידעע וועגן באַנייען די יידישע מדינה אין ארץ־ישראל.

צוויי טעג נאָך זיין שאַרפֿן געשפּרעך מיט באַראָן ראָטשילדן אין פּאַריז, איז הערצל שוין צוגעטראָטן צו דער נייער אויפֿגאַבע, וועלכע ער האָט זיך געשטעלט.

זיין ערשטע ווענדונג האָט ער געמאַכט צו יעקב דע־האַז, דער פּראָמינענטער זשורנאַליסט און שריפֿטשטעלער, דר. יעקב דע־האַז, אַ געבוירענער אין לאָנדאָן אין 1872, איז געווען איינער פֿון הערצלס ערשטע תּלמידים אין ענגלאַנד. ער האָט אים געהאָלפֿן

גרינדן די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע. אויף הערצלס ביטע און אָנווייזונג האָט דר. יעקב דע־האַז דערנאָך זיך אַריבערגע־קליבן קיין אַמעריקע און איז געווען דער סעקרעטאַר פון דער פעדעראַציע פון אַמעריקאַנער ציוניסטן פון 1902 ביז 1905. שפּעטער איז ער געווען סעקרעטאַר פון פּראָוויזאָרישן עקזעקו־טיוו־קאָמיטעט פאַר ציוניסטישע ענינים אין אַמעריקע, פון 1916 ביז 1918, און האָט זיך באַטייליקט אין פאָרמולירן די פאָדערונגען פון די אַמעריקאַנער ציוניסטן צו דער ווערסיילער שלום־קאָנפע־רענץ. פון 1916 ביז 1921 איז יעקב דע־האַז אויך געווען עקזע־קוטיוו־סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמע־ריקע און האָט געהאַט אַ גרויסן פאַרדינסט אין צוציען ריכטער לואי בראַנדייסן צו דער ציוניסטישער אַרבעט. אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איז דע־האַז געווען איינער פון די פירער פון דער ציוניסטיש־רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע. ער איז געשטאָרבן אין 1937.

פּאַריז, 20סטן יולי, 1896.

איך האָב געשריבן צו יעקב דע־האַזן קיין לאָנדאָן, אַז די אָרגאַניזירונג פון די מאַסן קאָן זיך איצט אָנהייבן. דאָס וועט זיין מיין ענטפער (אויף דעם אָפּזאָג פון ראָטשילדן).

אין דער איסט־ענד אין לאָנדאָן שטייען אויף ספּאָנטאַן קאָמיטעטן פאַר אָנפירן די אַגיטאַציע. זייער פּראָגראַם: דער יידנשטאַט.

די פּאַרטיי־פירער ראַבינאָוויטש (חובבי ציון פירער אין לאָנדאָן); אפּ־רים איש־כישור (העברעיש־יידישער שריפטשטעלער און ציוניסטישער רעדנער, האָט געלעבט אַ לאַנגע צייט אין אַמעריקע); יעקב דע־האַז און אַנדערע בראַווע, באַגייסטערטע מענטשן!

פּאַריז, 21סטן יולי, 1896.

נעכטן האָב איך נאָך גערעדט מיט נאָרדוין און בער. איך האָב זיי מיטגעטיילט דעם ענטפער, וואָס איך האָב געפונען אויף ראָטשילדס איינ־ווענדונג: די אָרגאַניזירונג פון אונדזערע מאַסן שוין איצט. — — — נאָרדוי האָט דערקלערט, אַז ער איז אין גאַנצן מיט מיר איינשטימיק, און

אַז ער וועט אויך אַריינטרעטן אין פּאַריזער קאָמיטעט אַלס שעף פון דער באַוועגונג אין פראַנקרייך — ווי איך האָב אים געזאָגט. ער האָט זיך אַ ביסל אַנטקעגנגעשטעלט דעם טיטל "שעף". ער האָט אָבער אָנגענומען מיין פאָרשלאָג.

גלייכצייטיק מיט די צוגרייטונגען צו שאַפן די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע פירט אַן הערצל ווייטער זיין פּאָליטישע אַרבעט פאַרן יידנשטאַט. ער האָט אַ נייע וויכטיקע באַגעגעניש — מיט דעם פירשט פערדינאַנד פון בולגאַריע.

קאַרלסבאַד, 22סטן יולי, 1896.

היינט אין דער פרי האָב איך געגעסן פרישטיק מיט נעווולינסקין אין גאָרטן פון האָטעל. פירשט פערדינאַנד פון בולגאַריע האָט זיך אַוועק־געזעצט צוזאַמען מיט זיין סוויטע ביי אַ טיש ווייט פון אונדז. איך האָב באַמערקט, אַז מען האָט אים אָנגעוויזן אויף מיר. דאַן האָט ער געשיקט צו מיר צו זאָגן, אַז ער וועט מיך אויפנעמען שפּעטער אין דער אַרקאַדע פון גאָרטן.

איך האָב פאַר אים פאָרגעשטעלט מיין אידעע אין לאַקאָנישע קורצע ווערטער. ער איז גלייך פאַרכאַפּט געוואָרן פון מיין פּלאַן.

"עס איז אַן אויסגעצייכנטע אידעע" — האָט ער געזאָגט. "קיינער האָט נאָך מיט מיר קיין מאָל אַזוי בישט גערעדט וועגן דער יידן־פראַגע". — — "אייער אידעע האָט מיין פולע סימפּאַטיע, אָבער וואָס קאָן איך טאָן דערפאַר?".

"איך וואָלט געוואָלט בעטן אייער עקסעלענץ צוצוגרייטן דעם צאַר פאַר מיין פּלאַן, און אויב מעגלעך צו באַקומען אַן אוידיענץ פאַר מיר".

"דאָס איז זייער שווער", האָט ער מיר געזאָגט מיט דעם אויסדרוק פון זאָרג אויף זיין פּנים.

ער האָט מיר נאָך אַ מאָל באַטאָנט, אַז ער איז אַ פריינד פון יידן, און אַז ער איז געוועזן זייער צופרידן צו הערן פון מיר, וואָס איך האָב אים געהאַט צו זאָגן וועגן סולטאַן און וועגן דעם גרויסהערצאָג פון באַדען.

דער אָפּקלאַנג פון דער יידנשטאַט־אידעע אין פאָלק ברענגט אויך מיט זיך נייע דערשיינונגען אויפן געביט פון ממשותדיקער ציוניסטישער פּלאַנירונג. יוחנן קרעמענעצקי, אַ באַקאַנטער אינזשעניר און גרויס־אינדוסטריעלער אין ווין, אַן אָפּשטאַמיקער פון אָדעס (געבוירן אין 1850, געשטאָרבן אין 1934), איינער פון די נאָענטסטע פריינד פון הערצלען, דירעקטאָר פון יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד זינט דער גרינדונג אין 1901 ביז 1907, קומט צו הערצלען מיט די ערשטע פּלענער וועגן יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד.

באַדען, 23סטן אויגוסט, 1896.

געהאַט אַ לאַנגן געשפּרעך מיט דעם עלעקטראָטעכניקער קרעמענעצקי. ער איז אַ גוטער ציוניסט מיט גרויסע אידעען. גרויסע כעמישע אינדוסטריעס קאָנען געגרינדעט ווערן אַרום דעם ים המלח, וואָס איז פול מיט זאַלצן.

די טייכן, וואָס פליסן אַריין אין ים המלח און ברענגען אַריין זיס וואַסער, דאַרפן אָפּגעלענקט ווערן פון דאָרט אין אַן אַנדער ריכטונג און באַנוצט ווערן פאַר וואַסער צום טרינקען. זיי וועלן פאַרטראָטן ווערן דורך אַ קאַנאַל פון מיטללענדישן ים. אַ טייל פון דעם קאַנאַל וועט דאַרפן געמאַכט ווערן אַלס אַ טונעל צוליב די בערג (דאָס וועט זיין אַ פּראַכטפולער פונקט, וואָס וועט ציען טוריסטן פון דער גאַנצער וועלט). און דער אונטערשיד צווישן די אויבערפלאַכן פון די צוויי ימען (וואַסערפאַל) וועט קאָנען אויסגענוצט ווערן פאַר טרייבן מאַשינען מיט פיל טויזנטער פערד־קראַפט.

אויך אַחוץ דעם איז פאַראַן אין ארץ־ישראל גענוג וואַסער־קראַפט, וואָס קאָן פאַרוואַנדלט ווערן אין עלעקטריציטעט.

מיר מוזן גרינדן אַ ״פאַראיין צו פלאַנצןביימער״ פאַר דער באַוואַלדונג פון לאַנד. יעדער זאָל געבן אַ געשאַנק צו פלאַנצן אַ בוים אָדער מערערע ביימער. צען מיליאָן ביימער!

פאַר הערצלען הייבט זיך איצט אָן אַ צייט פון גרויסע עגמת־נפשן. ער גייט אָן ווייטער מיט דער אַרבעט, אָבער ער האָט מאָמענטן, ווען ער ווערט פאַרצווייפלט. ער שרייבט צום הויפּט־ראַ־

בינער פון פאַריז, צדוק כהן, און בעט אים צו מאַכן אַ נייעם פרווו צו געווינען דעם באַראָן עדמאָנד דע ראָטשילד. זייער אָנגעשטרענגטע באַציונגען האַלטן אָן כסדר צווישן הערצלען און די יידישע בעלי־בתים פון זיין צייטונג „נייע פרייע פרעסע". ער זעט פאַר זיך די געפאַר, אַז ער וועט זיין געצוווּנגען צו פאַרלאָזן זיין פאָסטן אין „נייע פרייע פרעסע" צוליב זיין ציוניסטישער אַרבעט.

אין מיטן פון די אַלע שווערע איבערלעבענישן אַרבעט הערצל ווייטער פאַר זיין אידעע. ער שרייבט אָן אַ שיער בריוו. ער באַמיט זיך אָנצוקומען צום בריטישן פּרעמיער־מיניסטער לאָרד סאָלסבורי, דורך זיין קריסטלעכן פריינד און פאַרערער, דעם פּראָטעסטאַנטישן גייסטלעכן וויליאַם העכלער.

הערצל שרייבט אַ בריוו צו העכלערן וועגן ווערן אויפגענומען דורכן בריטישן פּרעמיער־מיניסטער לאָרד סאָלסבורי:

וויך, 1טן דעצעמבער, 1896.

זייער געערטער פריינד (וויליאַם העכלער)!

אייער פאָרשלאָג, אַז איך זאָל דערקלערן מיין פּלאַן וועגן די יידן פאַר לאָרד סאָלסבורי, ווייזט זיך מיר אויס צו זיין ריכטיק. אָבער איך וויל זיך נישט ווענדן צו אים דירעקט. אויב איר האַלט, אַז עס וועט זיין גוט אַזוי, קאָנט איר אים אינפאָרמירן וועגן דעם אינהאַלט פון דאָזיקן בריוו.

פאַר אייך, מיין זייער געערטער פריינד, איז די יידן־פראַגע אַ טעאָלאָגישע, אָבער זי איז אויך אַ פּאָליטישע און דערצו אַ זייער אַקטועלע. איר ווייסט, אַז רעליגיעזע געפילן און דער אַנטיסעמיטיזם, וועלכער באַווייזט זיך לעצטנס אומעטום, האָבן אויפגעוועקט די שטאַרקע בענקשאַפט נאָך ארץ־ישראל צווישן די ברייטע מאַסן פון די יידן אין אַלע לענדער. איר ווייסט, אַז הונדערטער טויזנטער יידן זענען גרייט פאַר באַלדיקער אויסוואַנדערונג, און מען דאַרף אָננעמען, אַז נאָך מער הונדערטער טויזנטער וועלן קומען שפּעטער, נאָך זיי.

דאָס איז אַן עלעמענט — אין אַלע הינזיכטן אַ גאַנץ נייער — מיט וועלכן די ענגלישע פּאָליטיק אין אָריענט וואָלט געקאָנט און געדאַרפט זיך רעכענען. לאָרד סאָלסבורי וואָלט געקאָנט מיט דעם דורכפירן אַ מייס־

טערהאַפטן אויפטו. ביי דער איצטיקער וועלט־לאַגע, וועלכע איז באַ־הערשט דורך דער רוסיש־פראַנצויזישער פאַראייניקונג, וואָלט אַ צע־טיילונג פון טערקיי געווען זייער נישט־גינסטיק פאַר ענגלאַנד. די צע־טיילונג פון טערקיי וואָלט איצט פאַר ענגלאַנד געמיינט אַ פאַרלוסט. זי דאַרף זיך דעריבער ווינטשן דעם סטאַטוס־קוואָ. דער סטאַטוס־קוואָ וועט קאָנען אויפגעהאַלטן ווערן בלויז דאַן, אויב מען וועט רעגולירן די טערקישע פינאַנצן. דעריבער טאַקע האָט רוסלאַנד נאָר־וואָס נישט דער־לאָזט צו דער פינאַנציעלער אָרגאַניזירונג, וואָס איז פאָרגעשלאָגן גע־וואָרן. רוסלאַנד וויל זען די צעברעקלונג פון טערקיי אַזוי, אַז די טער־קישע גרויס־מלוכה זאָל זיך אַליין אויפלייזן.

נו, איז איצט פאַראַן אַ מיטל צו רעגולירן די טערקישע פינאַנצן און מיט דעם אויך אויפהאַלטן דעם סטאַטוס־קוואָ אויף אַ געוויסער צייט. גלייכצייטיק וואָלט דערמיט געעפנט געוואָרן פאַר ענגלאַנד אַ נייער וועג קיין אינדיע, דער קירצסטער. און דאָס קאָן דערגרייכט ווערן אָן דעם, אַז ענגלאַנד זאָל דאַרפן אויסלייגן אַ פעני אָדער זאָל אויף וועלכן עס איז אָנזעעוודיקן אופן זיך דאַרפן אַנגאַזשירן.

דאָס דאָזיקע מיטל איז אויפצושטעלן אַן אויטאָנאָמע יידישע וואַסאַל־מדינה אין ארץ־ישראל. ענלעך צו עגיפטן, אונטער דעם פּראָטעקטאָראַט פון סולטאַן. ווי איר ווייסט, האָב איך צו דעם אויסגעשפּינט די ערשטע פעדעם, ווען איך בין דעם זומער געווען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. די זאַך איז מעגלעך, אויב מיר וועלן האָבן די שטיצע, און איך באַטאָן נאָך אַ מאָל: די נישט־אָנזעעוודיקע שטיצע פון אַ גרויסמאַכט. אַזוי ווי דער סולטאַן איז דערווייל נאָך אַ סוּווערענער הערשער, אָן קיין שום קשיות, קאָן קיין שום מאַכט אים נישט שטערן איינצולאַדן די יידן, אַז זיי זאָלן איינוואַנדערן קיין ארץ־ישראל. מיר וועלן אים דערפאַר באַזאָרגן מיט אַ גרויסער הלוואה, וואָס וועט אָפּגעצאָלט ווערן דורך די יידן מיט באַ־שטייערונגען, וועלכע וועלן פריער געזיכערט ווערן.

ענגלאַנד וועט דערפון געניסן דורך דעם, וואָס עס וועט באַלד געבויט ווערן אַ באַן־ליניע, דורך ארץ־ישראל פון מיטללענדישן ים ביז צום פּערסישן גאָלף, אָדער דורך פּערסיע און בעלוטשיסטאַן (מעגלעך אָפּ־

גאַניסטאַן) קיין אינדיע, ווען דער שטאַרקער פּאַרקער וועט דאָס פאָדערן.

ענגלאַנד וועט קאָנען האָבן דעם דאָזיקן געווינס, נישט אויסגעבנדיק אויף דעם קיין פּעני, און אָן דעם, אַז די וועלט זאָל זיך דערוויסן וועגן איר באַטייליקונג. אין דער צייט, ווען רוסלאַנד גרייט צו אַ באַן־ליניע קיין אַזיע אין צפון, וואָלט ענגלאַנד געהאַט אין דרום אַ נייטראַלן רעזערוו־וועג קיין אינדיע, אין פאַל ווען עס זאָלן אַנטשטיין שוועריקייטן אַרום סועץ־קאַנאַל.

אויב לאָרד סאָלסבורי וויל זיך דערוויסן מער וועגן דער אידעע, שטיי איך אין רשות פון זיין אַמבאַסאַדאָר דאָ, אין ווין, אָדער פון אים אַליין, אין לאָנדאָן, ווען ער וועט מיך רופן.

אויב ער וועט האַלטן, אַז דער ענין איז צו־פאַנטאַסטיש, קאָן איך עס בלויז באַדויערן. אָבער די באַוועגונג עקזיסטירט שוין אין דער ווירקלעכקייט, און אַ געשיקטער און גרויסער שטאַטסמאַן וועט וויסן, ווי אַזוי זי צו באַנוצן.

הערצל הייבט אָן מאַכן די צוגרייטונגען צונויפצורופן דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס. דאָס האָט געדאַרפט זיין אַ גאַנץ נייע דערשיינונג אין יידישן לעבן. דורך דעם קאָנגרעס האָט הערצל געהאָפט צו שאַפן די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל גלייך אָנהייבן אַ פּאָליטישע און פינאַנציעלע אַקציע אין וועלט־פאַרנעם פאַר פאַרווירקלעכן די אידעע פון יידנשטאַט. די יידישע מאַסן אין דער גאַנצער וועלט האָבן געדאַרפט דערוועקט און אָרגאַניזירט ווערן פאַר דער באַוועגונג און די צילן פון פּאָליטישן ציוניזם.

אין דער זעלבער צייט האָט הערצל געהאָפט צו באַקומען דורך דעם אויך די נייטיקע פינאַנציעלע מיטלען, וואָס די גרויסע באַנקירן האָבן אים אָפּגעזאָגט צו געבן.

דער וועג צום ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס איז נישט געווען קיין לייכטער. פון דעם ערשטן פּלאַן אָפּצוהאַלטן דעם קאָנגרעס אין מינכען האָט הערצל זיך געמוזט אָפּזאָגן. די דייטשע "פּראָטעסט־ראַבינער" האָבן נישט צוגעלאָזט. נאָך פיל אַנדערע גרויסע שוועריקייטן, אויף וועלכע ער האָט זיך אָנגעשטויסן, האָט הערצל אויסגעקליבן די שטאָט באַזעל, אין דער שווייץ,

וואָס איז שוין געוואָרן די "היים־שטאָט" פון די ציוניסטישע קאָנגרעסן און איז אַריין אין דער געשיכטע פון ציוניזם.

חדשים־לאַנג האָט הערצל מיט עטלעכע פון זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער אָנגעפירט אַ גרויסע אויפקלערונגס־אַרבעט וועגן די אויפגאַבן פון ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס. פאַר דעם זעלבן צוועק האָט הערצל אויך געגרינדעט דאָס וואָכנבלאַט "די וועלט", וואָס איז געוואָרן דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. דער ערשטער נומער "די וועלט" איז דערשינען פרייטיק, דעם 4טן יוני 1897.

בעת זיינע צוגרייטונגען צום ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס האָט הערצל געהאַט נייע קאָנפליקטן מיט זיינע באַלעבאַטים אין דער "נייע פרייע פרעסע", עדוואַרד באַכער און מאָריץ בענע־דיקט, וועלכע האָבן אים גענומען דראָען, אַז ער וועט פאַרלירן זיין שטעלע אין דער צייטונג, אויב ער וועט צו־שטאַרק פאַר־בינדן זיין נאָמען מיט דער ציוניסטישער אידעע און מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג.

אָבער איין טאָג האָט הערצל געהאַט אַ מאָדנע איבערלעבעניש מיט זיין רעדאַקטאָר עדוואַרד באַכער, וועלכער איז געווען אַ שאַרפער אַנטי־ציוניסט און האָט מיט זיין מענטאַליטעט און מיט זיינע אידעען געשטעקט טיף אין דער עסטרייכיש־יידישער אַסימילאַציע.

ווין, 19טן מערץ, 1897.

ווידער אַ מאָל אַ געשפּרעך מיט באַכערן. מיר גייען איצט שטענדיק צוזאַמען אַרויס פון דער רעדאַקציע. ער וואָלט געוואָלט צוזאַמען מיט מיר אַ רייזע קיין ארץ־ישראל. און ווען איך האָב אים געוויזן דעם פּלאַן פון דער רייזע, וואָס די געזעלשאַפט קוק אָרדנט איין פאַר דעם טור פון מכּבייער־קלוב אין לאָנדאָן, האָט ער מיר דערציילט אַן אַלטע פּראַ־גער לעגענדע, וואָס ער האָט געהערט אין זיין יוגנט:

"אַ יידישע פרוי איז אַ מאָל געזעסן אין איר שטוב און האָט אַרויסגע־קוקט דורכן פענצטער. זי האָט דערזען אויפן דאַך אַקעגנאיבער אַ שוואַרצע קאַץ אין געבורטס־ווייען. זי איז אַריבערגעגאַנגען אַהין, האָט איינגענומען די קאַץ און האָט איר געהאָלפן, אַז זי זאָל לייכטער גע־

בוירן. דאַן האָט זי געמאַכט פאַר דער קאַץ און פאַרן קעצל אַ געלעגער פון שטרוי אויף דעם קאַסטן פון קוילן. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז די קאַץ, וואָס איז שוין געזונט געוואָרן, פאַרשוווּנדן. אָבער די קוילן, אויף וועלכע זי איז געלעגן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ריין גאָלד.

די פרוי האָט דאָס געוויזן איר מאַן, און דער מאַן האָט געטראַכט, אַז די קאַץ איז געשיקט געוואָרן פון גאָט. דעריבער האָט ער פאַרנוצט דאָס גאָלד אויף אויפצובויען אַ שול, די אַלט־נייע שול. אַזוי איז די דאָזיקע באַרימטע שול אַנטשטאַנען.

אָבער דער מאַן האָט געהאַט נאָך איין ווונטש: אַלס פרומער ייד האָט ער געוואָלט שטאַרבן אין ירושלים. און ער האָט אויך געוואָלט זען נאָך אַ מאָל די קאַץ, וויל ער האָט איר געוואָלט דאַנקען פאַר זייער וווילשטאַנד. אין איין טאָג האָט די פרוי ווידער אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און באַמערקט די קאַץ אויף דעם זעלבן אָרט. גיך האָט זי אַ רוף געטאָן איר מאַן: ״גיב אַ קוק, דאָרט זיצט ווידער אונדזער קאַץ!״ דער מאַן איז אַרויסגעלאָפן צו נעמען די קאַץ, אָבער די קאַץ האָט אַ שפּרונג געטאָן און איז אַריין אין דער אַלט־ניי־שול.

דער מאַן איז איר נאָכגעלאָפן און האָט פּלוצעם דערזען, ווי די קאַץ זינקט איין אין דעם באָדן פון דער שול. עס איז דאָרט געווען אַן עפענונג, ווי אַן אַראָפּגאַנג צו אַ קעלער. נישט קיין סך קלערנדיק, איז דער מאַן אַראָפּגעגאַנגען, און איז אַריינגעקומען אין אַ לאַנגן קאָרידאָר. די קאַץ האָט אים געלאָקט ווייטער און ווייטער, ביז ער האָט ענדלעך ווידער דערזען פאַר זיך דאָס העלע ליכט פון טאָג. אָבער ווען ער איז אַרויסגעקומען, האָט ער זיך געפונען אין אַן אָרט, וואָס איז אים נישט געווען באַקאַנט, און די מענטשן האָבן אים געזאָגט, אַז ער איז אין ירושלים. דאָ איז ער געשטאָרבן פון פרייד״.

די דאָזיקע געשיכטע, האָט באַכער געזאָגט, באַווייזט, אַז דאָס נאַציאָנאַלע באַוווסטזיין האָט זיך אומעטום און אין אַלע צייטן אויפגעהאַלטן אין דעם יידן. אייגנטלעך ליגט עס אונטער דער שוועל פון באַוווסטזיין און שלומערט אויך ביי אים. און ער האָט דאָס מיר דערציילט, וויל ער האָט אויך אַנטדעקט אין זיך דעם פאַרלאַנג צו פאָרן קיין ארץ־ישראל.

וואָס פאַר אַן אומוואַנדלונג אין פאַרלויף פון איין יאָר צייט!...

אין מיטן פון זיינע צוגרייטונגען פאַר צונויפרופן דעם ציוניסטישן קאָנגרעס האָט הערצל זיך אָנגעשטויסן אויף דער שטאַרקער קעגנערשאַפט פון די חובבי־ציון אין ענגלאַנד. דער קאָנגרעס האָט, ווי אויבן שוין דערמאָנט, זיך געוואָלט צונויפקומען אין מינכען. הערצל האָט אָנגעשריבן אַ לאַנגן, דראַמאַטישן בריוו צו דעם פירער פון די חובבי־ציון אין ענגלאַנד, קאָלאָנעל אַלבערט עדוואַרד גאָלדסמיט, מיט וועלכן ער האָט שוין פריער זיך געהאַט באַגעגנט עטלעכע מאָל אין קאַרדיף און אין לאָנדאָן, און מיט וועמען ער האָט געפירט אַן אָפטע קאָרעספּאָנדענץ.

הערצל האָט געשריבן צו קאָלאָנעל גאָלדסמיט:

ווין 14טן אַפּריל, 1897.

אַ דאַנק אייך פאַר דעם האַרציקן טאָן פון אייער בריוו. איך בין באמת אייך אַ סך שולדיק. איך באַדויער בלויז, וואָס איר פאַרשטייט מיך נישט.

דער קאָנגרעס אין מינכען איז שוין אַ באַשלאָסענע זאַך, און איך קאָן זיך דערפון מער נישט צוריקציען. אָבער דער קאָנגרעס איז אויך אַ בויטוועגדיקייט. זאָגט דעם ראַבינער גאַסטער *, ער זאָל אייך ווייזן דעם בריוו, אין וועלכן איך האָב רעקאָמענדירט דער יק״א (באַראָן מאָריס דע הירשס יידישע קאָלאָניזאַציע געזעלשאַפט), אַז זי זאָל זיך אונטערנעמען אָפּצוקויפן אַ שטח לאַנד, וואָס איז איצט מעגלעך צו טאָן, צוזאַמען מיט דער דערלויבעניש איינצוואַנדערן. מיין פאָרשלאַג איז — ווי צדוק כהן (אויבער־ראַבינער אין פראַנקרייך) שרייבט מיר — אַוועקגעלייגט געוואָרן אין אַ זייט צווישן די פּאַפּירן. די דאָזיקע הערן ווילן נישט און וועלן גאָרנישט טאָן.

* דר. מאָזעס גאַסטער, הויפּט־רב (חכם) פון די ספרדים אין ענגלאַנד, איז געווען איינער פון די ערשטע אין ענגלאַנד זיך אָנצושליסן אין הערצלס באַוועגונג. ער איז געווען וויצע־פּרעזידענט פון פיר ציוניסטישע קאָנגרעסן און האָט שפּעטער געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין די באַמיונגען צו באַקומען די באַלפור־דעקלאַראַציע.

איך האָב געגוג לאַנג געוואַרט. אין אויגוסט וועט ווערן צוויי יאָר, ווי איך האָב אונטערגענומען די ערשטע פּראַקטישע שריט אין דער יידן־פראַגע. איך האָב עס געוואָלט דורכפירן אַן אויפרעגן די מאַסן, מצד די פון אויבן, וועלכע האָבן ביז איצט זיך אַרויסגעשטעלט אין דער אַרבעט פאַרן ציוניזם. אָבער מען האָט מיך נישט פאַרשטאַנען, נישט אונטערשטיצט. איך מוז אַליין גיין ווייטער. אויף דעם קאָנגרעס אין מינכען וועל איך רופן די מאַסן צו זעלבסטהילף, ווייל קיינער וויל זיי נישט העלפן.

דער סולטאַן און זיינע ראַטגעבער זענען באַקאַנט מיט דעם יידן־פּלאַן. איך האָב גערעדט גאַנץ אָפן מיט די טערקישע מלוכה־מענער, און זיי האָבן מיר עס נישט געגומען פאַר אומגוט. זיי ווילן אונדז נישט געבן ארץ־ישראל אַלס אַן אומאָפּהענגיקע מדינה — פאַר קיין שום פּרייז נישט. אַלס אַ וואַסאַל־מדינה (אפשר אַזוי ווי עגיפּטן) קאָנען מיר באַקומען דאָס לאַנד פון אונדזערע אבות אין דער קירצסטער צייט. עס קאָן זיין, אַז מיר וואָלטן עס שוין איצט געהאַט, ווען מען וואָלט פאַראַיאָרן אין יולי איינגעגאַנגען אויף מיינע לאָנדאָנער און פּאַריזער פאָרשלאַגן. פאַרשטייט איר מיין צאָרן און מיין אומגעדולד?

איר, קאָלאָנעל, וואָלט געדאַרפט אַריינטרעטן אין טערקישן דינסט, אַלס אַ גענעראַל — אַזוי ווי ווודס, קאַמפּהעווענער, גאַלץ, און אַנדערע אויסלענדישע אָפיצירן. איר וואָלט דאַן געווען קאָמאַנדיר אין ארץ־ישראל אונטער דעם פּראַטעקטאָראַט פון סולטאַן. ארץ־ישראל וואָלט דאַן אַריבער צו אונדז אָדער צו אונדזערע קינדער אַלס אַן אומאָפּהענגיקע מדינה נאָך דעם, ווי טערקיי וועט צעפאַלן ווערן. איז דער דאָזיקער פּלאַן אַזוי אומזיניק? די פינאַנציעלע אָראַנזשירונג וואָלט געווען נאָך איינפאַכער, ווען די געלט־מאַגנאַטן וואָלטן מיט אונדז מיטגעגאַנגען, ווי איך האָב עס פאָרגעשלאָגן. מאָנטעגיו האָט באַשטעטיקט מיין פּלאַן וועגן אַ הלוואה.

צוליב דעם, וואָס עס איז נישט געגאַנגען אויף דעם וועג, וועט עס מוזן גיין אויף אַן אַנדערן. איך גלייב, אַז איר מאַכט אַ טעות, ווען איר דערוואַרט נישט קיין שום געלט פון די מאַסן. יעדער איינער דאַרף ברענ־

געגן בלויז אַ קליינעם קרבן, און די דערגרייכונג וועט שוין זיין זייער אַ גרויסע. דאָס וועט זיין די אויפגאַבע פון דער וועלט־פּראָפּאַגאַנדע, וועל־כע וועט אַרויסקומען פון מינכענער קאָנגרעס. וועגן דעם, אַלס אַ געלט־ענין, דאַרף איך זיך נישט זאָרגן. אין מינכען וועלן מיר אויך האָבן פּראָפּע־סיאָנעלע באַנקירן, וועלכע וועלן זיך פאַרנעמען מיט דעם דאָזיקן טייל פון דער אַרבעט.

אין מינכען וועט נאָך אַזוי פיל יאָרהונדערטער זיך ווידער צונויפ־קומען אַ יידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג!

איז דאָס נישט עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז אַזוי גרויס, אַז יעדעס יידיש האַרץ דאַרף קלאַפּן שטאַרקער ביי דעם דאָזיקן געדאַנק? היינט־צו־טאָג — נאָך אין דער פרעמד; לשנה הבאה — שוין אפשר אין אַלטן היימלאַנד?

איר, קאָלאָנעל גאָלדסמיט, וועלכער האָט מיך אַזוי טיף גערירט יענעם אָוונט אין קאַרדיף, ווען איר האָט מיר דערציילט אייער געשיכטע און אָנגעהויבן מיט די ווערטער: "איך בין דניאל דעראָנדאָ" — האָט איר נישט קיין חשק אָנטיילצונעמען אין דער דאָזיקער יידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג? איך וואָלט געקענט פאַרשטיין, ווען איר דאַרפט זיך רע־כענען מיט פערזענלעכע טעמים צוליב אייער פּאָזיציע אין דער אַרמיי. אָבער פון ציוניסטישן שטאַנדפּונקט קאָנט איר דאָך באמת גאָרנישט האָבן קעגן דעם.

זאָל מען מיך שטעלן פאַר אַ פּרווו. איך שלאָג אייך פאָר נאָך אַ מאָל אָט־וואָס: שטייט צו צו עדמאָנד ראָטשילדן, צו מאָנטעגיון און צו אַלע אַנדערע, וועלכע איר ווילט אַליין; גיט מיר אייער ערן־וואָרט, אַז איר וועט דערפירן ביז צום סוף דאָס, וואָס איך האָב אָנגעהויבן אין קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל — און איך גיב אייך מיין ערן־וואָרט, אַז איך וועל אויף אייביק זיך צוריקציען פון דער אָנפירונג פון דער אַרבעט פאַר יידן.

הערצל הייבט אָן באַקומען באַריכטן, אַז אויך אין אַמעריקע אָרגאַניזירט זיך די ציוניסטישע באַוועגונג. ער באַטראַכט דאָס פאַר באַזונדערס וויכטיק פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דער יידנשטאַט־אידעע. די ערשטע באַריכטן דערהאַלט הערצל פון דר. מיכאל זינגער, איינער פון די ערשטע ציוניסטישע עסקנים

אין ניו־יאָרק, אַ זשורנאַליסט. דר. מיכאל זינגער האָט אַ געַ־וויסע צייט אַרויסגעגעבן אין ניו־יאָרק אַ וואָכנבלאַט אין דער דייטשער שפּראַך "טאָלעראַנץ", וואָס ער האָט שפּעטער אַ נאָמען געגעבן "דער ציוניסט". אַחוץ די באַריכטן צו הערצלען וועגן דער אָרגאַניזירונג פון ציוניזם אין אַמעריקע האָט דר. זינגער אויך געשיקט קאָרעספּאָנדענצן אין "די וועלט".

ווין, 23סטן מײַ, 1897.

די באַוועגונג הייבט זיך אָן אין אַמעריקע.

מיכאל זינגער, אַרויסגעבער פון אַ נייעם וואָכנבלאַט "טאָלעראַנץ", שיקט מיר באַריכטן פון פאַרזאַמלונגען אין ניו־יאָרק אאַז"וו.

אַ ראַבינער־קאָנפערענץ מיט דר. גאָטהייל * אין דער שפּיץ, האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אונדזער באַוועגונג.

דעם 10טן מײַ וועט "ניו־יאָרק סאַן" האָבן אַן אַרטיקל וועגן ציוניזם.

ווין, 26סטן מײַ, 1897.

איך אַרבעט ווי אַ משוגענער ביים צונויפשטעלן "די וועלט". מיינע נאָענטסטע פּאַרטיי־חברים מיינען, אַז דאָס איז אַ דורכפאַל.

צוויי אַבאָנענטן האָבן זיך שוין געמאָלדן. אויף די פיל הונדערטער אַגיטאַציע־מעלדונגען וועגן "די וועלט", וואָס זענען פאַרטיילט געוואָרן, זענען אָנגעקומען ערשט דריי בריוו אָלס ענטפער.

דע־האַז שרייבט, אַז מען וויל אין אַמעריקע, איך זאָל אַריבערקומען אַהין אויף אַ לעקציע־טור.

* ראַביי גוסטאַוו גאָטהייל פון טעמפּל עמנואל אין ניו־יאָרק, איינער פון די ערשטע רעפאָרם־ראַביים אין אַמעריקע, וואָס איז צוגעשטאַנען צום ציוניזם. ער איז געווען וויצע־פּרעזידענט פון דער פעדעראַציע פון די אַמעריקאַנער ציוניסטן, ווען זי איז געַ־שאַפן געוואָרן אין 1898. זיין זון, פּראָפ' ריטשאַרד גאָטהייל פון קאָלאָמביע־אוניווער־סיטעט אין ניו־יאָרק, איז געווען דער ערשטער פּרעזידענט פון דער פעדעראַציע פון די אַמעריקאַנער ציוניסטן, ווען זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1898. פּראָפעסאָר ריט־שאַרד גאָטהייל, אַ נאָענטער פריינד און פאַרטרויונגס־מענטש פון דר. הערצל, איז געווען דער ערשטער אַמעריקאַנער ציוניסט, וועלכער איז געוויילט געוואָרן אין אַקציאָנס קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע.

ziell ein Delegirtentag bleiben. Wir sehen ihn ja als unsere Nationalversammlung an u. er ist überhaupt gar nichts, wenn er keine repräsentative Körperschaft ist. Für die Zukunf des Judenstaates, der für uns ja virtuell bereits durch den Congress vorhanden ist, ist das von capitaler Bedeutung. Das darf nicht einmal als Frage auftauchen. Unsere Verfassung ist heute allerdings noch miserabel u. dürftig, aber wir werden sie schon allmälig ausbauen.

---

Noch eine Kleinigkeit. Als Wasserzeichen haben Sie das Davidsschild im Mittelfeld den Löwen. Soweit sind wir einverstanden. Aber hier, in Rumänien, Englan Amerika ist vielfach bereits die siebensternige Fahne anerkannt. U. zw. ist die Anordnung diese:



Nehmen Sie an, das Gekritzel im Mittelfelde

הערצלס נאָטיצן און צייכענונג פון אַ יידישן עמבלעם



מאַקס נאָרדוי



באַראָן עדמאָנד ראָטשילד



ישראל זאַנגוויל

הערצל הייבט אָן צו מאַכן ענערגישע צוגרייטונגען צום ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס. אָבער ער שטויסט זיך אָן אויף נייע שוועריקייטן און שטערונגען. פון זיין ערשטן פּלאַן צונויפ־צורופן דעם קאָנגרעס אין מינכען מוז ער זיך אָפּזאָגן צוליב דער שאַרפער קעגנערשאַפט פון די דייטשע "פּראָטעסט־ראַבי־נער". אויך די יידישע געמיינדע אין מינכען וויל נישט דערלאָזן, אַז דער ציוניסטישער קאָנגרעס זאָל זיך פאַרזאַמלען אין דער שטאָט.

הערצל טראַכט וועגן איינאָרדענען דעם קאָנגרעס אין דער שווייצאַרישער שטאָט ציריך. אָבער שפּעטער נעמט ער אָן דעם באַשלוס אויסצוקלייבן באַזעל פאַר דער קאָנגרעס־שטאָט. און אַזוי איז די קליינע שווייצאַרישע שטאָט באַזעל אַריין אין דער ציוניסטישער געשיכטע און אין דער געשיכטע פון דער יידי־שער מדינה.

אין דער זעלבער צייט פאַרשאַפן הערצלען גרויס עגמת־נפש זיינע באַלעבאַטים, די רעדאַקטאָרן־אַרויסגעבער פון דער "נייע פרייע פּרעסע". זיי פאָדערן פון אים ווייטער, אַז ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון ציוניזם, אויב ער וויל אָנהאַלטן זיין שטעלע אין דער צייטונג.

ווין, 24סטן יוני, 1897.

נעכטן, ווען איך בין אויף מיין ביציקלעט געפאָרן אין רעדאַקציע, האָב איך געטראַכט: דאָס איז אפשר דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך פאָר צו דער "נייע פרייע פּרעסע", וועגן וועלכער איך האָב אַזוי פיל יאָרן אַזוי שטאַרק זיך באַמיט און געהאַט אַזוי פיל עגמת־נפש. די דאָזיקע שווערע קאָנפליקטן מוזן סוף־כל־סוף פירן צו מיין אַוועקגיין. עס איז מיר אומ־מעגלעך איינצוגיין אויף דער פאָדערונג פון בענעדיקטן, אַז איך זאָל אָפּ־שאַפן "די וועלט" (דאָס ציוניסטישע וואָכנבלאַט, וואָס הערצל האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן).

און מערקווערדיק — ביי דעם געדאַנק, אַז איך וועל מוזן פאַרלאָזן דעם פּאָסטן, אויף וועלכן מען האָט מיך אַזוי שטאַרק מקנא געווען, און וואָס ווערט אָנערקענט פאַר דער ערשטער ליטעראַרישער פּאָזיציע אין ווין, האָב איך דערפילט אַ מין פאַרלייכטערונג, ווי ביים אַוועקגיין פון אַ שולע.

וועלכע מען האָט געענדיקט. אַן ענלעכע שטימונג האָט מיך באַהערשט, ווען איך האָב זיך געזעגנט מיט דער שולע.

איך האָב געטראַכט ווייטער: אַזוי מוז עס אויסזעןביים טויט. די ווייטיקן — מער פסיכישע ווי פיזישע — זענען נאָר אין דער גסיסה. דער טויט אַליין מוז באמת זיין אַ דערלייזונג פאַר דעם שטאַרבנדיקן.

צוליב הערצלס ציוניזם ווערן געמאַכט אין ווין אַנטיסעמיטישע אַטאַקעס אויף דער "נייע פרייע פרעסע". דער בעל־הבית פון דער צייטונג, מאָריץ בענעדיקט, הייבט שוין אָן דראָען הערצלען מיט באַזייטיקן אים פון דער שטעלע. באַזונדערס פאַרלאַנגט דער רעדאַקטאָר פון אים, אַז ער זאָל זיך נישט אַרויסרוקן אויבנאָן ביים ציוניסטישן קאָנגרעס, אויב ער וויל שוין דורכאויס צונויפרופן דעם קאָנגרעס. עס האַלט שוין טאַקע דערביי, אַז הערצל זאָל מוזן אין גאַנצן איבעררייסן מיט דער צייטונג. אין לעצטן מאָמענט ווערן די באַציונגען בעסער, און הערצל באַקומט אַ וואַקאַציע, פאַר באַטראַכטן די פאָדערונג פון זיינע באַלעבאַטים. הערצל נוצט אָבער אויס די וואַקאַציע פאַר מאַכן די לעצטע צוגרייטונגען צום קאָנגרעס, און ער קלייבט זיך אין וועג אַריין.

23סטן אויגוסט, 1897.

ווידער אין באַן־וואַגאָן. דאָס מאָל אויף מיין וועג קיין באַזעל, צום ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס. די אַרבעט אין די לעצטע עטלעכע מאָנאַטן איז געווען אַ ריזיקע.

מיר וועלן זען, וואָס דער קאָנגרעס וועט ברענגען.

אויב עס וועט מיר פאָרגעשלאָגן ווערן די פרעזידענץ פון דעם קאָנגרעס, וועל איך זי אין יעדן פאַל אָננעמען בלויז פאַר דעם איינעם מאָל. אויך ווען איך וועל ווייטער אָנפירן מיט דער אַקציע, וועל איך מער נישט זיין פרעזידענט פון קאָנגרעס.

איינע פון די טשיקאַווסטע זאַכן אויף דעם קאָנגרעס וועט זיין צו זען, ווי אַזוי ס'וועלן זיך צונויפקומען אין באַזעל די פאַרשידענע פעדעם, וועלכע איך האָב ביז איצט אויסגעשפינט. העכלער (דער פראָטעסטאַנטי־

שער גייסטלעכער) וועט דאָ זיין. נעוולינסקי (הערצלס פּאָליטישער אַגענט) וועט קומען, און אַלע אַנדערע, וועלכע העלפן שאַפן די דאָזיקע פּאָלקס־באַוועגונג אונטער מיין אָנפירונג. עס וועט זיין איינע פון מיינע אויפ־גאַבן צו מאַכן אַזוי, אַז איינער זאָל נישט וויסן צו פיל פון אַנדערן, ווייל זיי וועלן פאַרלירן עפּעס פון דעם גלויבן אין דער אידעע און אין מיר, ווען זיי וועלן זען, מיט וואָס פאַראַ נעבעכדיקע מיטלען איך האָב ביז איצט אויפגעשטעלט די באַוועגונג. די גאַנצע זאַך איז איינע פון יענע ווונדערלעכע אויפטוען פון גלייכגעוויכט, וועלכע זעען אויס זעלבסט־פאַרשטענדלעך, נאָך דעם ווען מען פאַרענדיקט זיי, פּונקט אַזוי ווי זיי האָבן פריער אויסגעזען נישט וואַרשיינלעך.

נעוולינסקי איז איינער פון די, וועלכע פאַרשאַפן מיר שווערע דאַ־גות — סיי בנוגע דעם, וואָס ער וועט זאָגן וועגן מיינע מענטשן, און סיי וועגן דעם, וואָס מיינע מענטשן וועלן זאָגן וועגן אים. איך מוז צוטראַכטן אַ מעטאָדע, ווי אַזוי אים צו האַלטן אָן אַ זייט.

הערצל רעכנט אויס ווייטער אין זיין טאָגבוך אַ טייל פון די דאגות, וואָס ער האָט אויף זיין קאָפּ אין שייכות מיט דעם קאָנגרעס. ער באַצייכנט די דאגות, ווי "אַ טאַנץ צווישן אייער", און ער שטעלט אויף די פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטישע רשימה:

1. דאָס איי פון דער "נייע פרייע פּרעסע", וואָס איך טאָר נישט קאָמ־פּראָמיטירן, און וועלכע איך דאַרף נישט געבן קיין תירוץ מיך אַרויס־צוואַרפן.

2. דאָס איי פון די אָרטאָדאָקסישע יידן.

3. דאָס איי פון די מאָדערנע יידן.

4. דאָס איי פון עסטרייכישן פּאַטריאָטיזם.

5. דאָס איי פון טערקיי און סולטאַן.

6. דאָס איי פון דער רוסישער רעגירונג, אַנטקעגן וועלכער עס טאָר נישט געזאָגט ווערן גאָרנישט, וואָס זאָל קאָנען אויסגעטייטשט ווערן אַלס אַן אָנפאַל, הגם די טרויעריקע לאַגע פון די רוסישע יידן דאַרף דערמאָנט ווערן.

7. דאָס איי פון די קריסטלעכע סעקטעס וועגן די הייליקע ערטער.

8. דאָס איי פון עדמאָנד ראָטשילד.

9. דאָס איי פון די חובבי ציון אין רוסלאַנד.

10. דאָס איי פון די קאָלאָניסטן, וועלכע נייטיקן זיך אין דער הילף פון ראָטשילדן, און מען דאַרף זיי נישט ברענגען קיין שאָדן פאַר קריגן ווייטער די שטיצע, נעמענדיק אין אַכט זייער שווערע לאַגע.

11. דאָס איי פון קינאה און אייפערזוכט. איך מוז אָנפירן דעם ענין אומפּערזענלעך, און דאָך טאָר איך נישט אַרויסלאָזן פון מיינע הענט די לייצעס.

עס איז אַן גוזמא אַן אַרבעט פאַר אַ הערקולעס — און איך האָב שוין מער נישט צו דעם קיין שטאַרקן חשק.

די גרויסע היסטאָרישע טעג פון ערשטן ציוניסטישן קאָנ־גרעס זענען אָנגעקומען. דער קאָנגרעס האָט זיך פאַרזאַמלט אין באַזעל פון 29סטן ביזן 31סטן אויגוסט, 1897, אין די זאַלן פון שטאָטישן קאַזינאָ. אין קאָנגרעס האָבן זיך באַטייליקט 197 דע־לעגאַטן פון פופצן לענדער: רוסלאַנד, דייטשלאַנד, עסטרייך־אונגאַרן, רומעניע, בולגאַריע, האָלאַנד, בעלגיע, פאַראייניקטע שטאַטן, פראַנקרייך, אַלזשיריע און ארץ־ישראל. עס זענען גע־קומען יידן פון פאַרשידענע קרייזן און שיכטן. באַגריסונגס־טעלעגראַמעס, איבער 550, זענען געשיקט געוואָרן צו הערצלען און צום פּרעזידענט פון קאָנגרעס.

אַ וויכטיקע אידעע, וואָס הערצל האָט געהאַט אין די טעג פון די צוגרייטונגען צום קאָנגרעס, איז געווען צו פאַרשפּרייטן פּעטיציעס אין די יידישע מאַסן־יישובים מיט אונטערשריפטן פון די, וועלכע זענען מסכים מיט די צילן פון ציוניזם. די דאָ־זיקע פּעטיציעס האָבן געבראַכט איבער פופציק טויזנט אונטער־שריפטן בלויז פון רומעניע, און מער ווי צען טויזנט פון גאַ־ליציע. די פּעטיציע־אונטערשרייבער האָבן דערקלערט, אַז זיי זענען גרייט צו באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל און האָבן גערופן דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס צו שאַפן די נייטיקע פּאָלי־טישע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען פאַר שיבת־ציון.

דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט פאָרמולירט דאָס

היסטאָרישע באַזעלער פּראָגראַם און האָט אויסגעאַרבעט די הויפּט־ליניעס פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געווען דער גרויסער אויפטו פון דעם קאָנגרעס. אויך האָט דער קאָנגרעס רעקאָמענדירט צו שאַפן אַ באַנק פאַר דער קאָ־לאָניזאַציע (פון וועלכער עס איז שפּעטער אויסגעוואַקסן די יידישע קאָלאָניאַל־באַנק) און די גרינדונג פון אַ באַזונדערן נאַציאָנאַלן פאָנד פאַר אויסלייזן דעם באָדן אין ארץ־ישראל (שפּעטער — דער קרן קיימת לישראל).

די פאַרהאַנדלונגען פון דעם היסטאָרישן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס זענען דורכגעגאַנגען אין אַ פייערלעכער פּאַטעטישער שטימונג. "עס איז געווען אַ פאַרזאַמלונג פון ברידער צום ערשטן מאָל נאָך דעם לאַנגן גלות" — האָט הערצלס נאָענטער מיטאַר־בעטער, דר. יעקב דע־האַז, זיך אויסגעדריקט.

הערצל אַליין האָט געהאַט ווייניק צייט צו געבן אין זיינע טאָג־ביכער אַ פול בילד פון דעם גרויסן געשעעניש, פון וועלכן ער איז געווען די הויפּט־פיגור. אָבער עטלעכע טעג נאָכן קאָנגרעס האָט הערצל אַריינגעשריבן אין זיין טאָגבוך אַ בלאַט, וואָס איז אַריין אין דער אייביקער יידישער געשיכטע, און נישט בלויז אין דער געשיכטע פון ציוניזם:

ווין, 3טן סעפּטעמבער, 1897.

די לעצטע טעג, די וויכטיקסטע זינט מיין אידעע האָט אויפגעוואַכט אין מיר אין יענעם טאָג, אין פּאַריז, זענען איצט פאַרבייגעלאָפן. אין באַזעל און אויף מיין וועג צוריק בין איך געווען צו פיל אויסגעשעפּט צו קאָנען מאַכן מיינע פאַרצייכענונגען, הגם זיי זענען איצט נאָך אַ סך נייטיקער ווי פריער. ווייל אויך אַנדערע זעען שוין איין, אַז אונדזער באַוועגונג איז אַריינגעטראָטן אין די בלעטער פון דער געשיכטע.

אויב איך זאָל דאַרפן מאַכן אַ סך־הכל פון באַזעלער קאָנגרעס אין איין וואָרט — אַ וואָרט, וואָס איך וועל זיך היטן אַרויסצוזאָגן עפנטלעך — וואָלט עס געווען אָט־וואָס: אין באַזעל האָב איך געגרינדעט די יידישע מדינה. ווען איך זאָל דאָס זאָגן היינט אויף אַ הויכן קול, וואָלט מען מיר אויף דעם געענטפערט מיט אַן אוניווערסאַלן געלעכטער. אפשר אין פינף יאָר אַרום, בכל אופן אין פופציק יאָר אַרום וועט דאָס יעדער איינזען.

אַ מלוכה ווערט בעצם געגרינדעט אויף דעם ווילן פון פאָלק צו האָבן די מלוכה, און אַפילו אויף דעם ווילן פון אַ יחיד, אויב ער איז געגוג מעכטיק (ל׳עטאַ ס׳ע מואַ — ״די מלוכה, דאָס בין איך״, פון לואי דעם פערצנטן). די טעריטאָריע איז בלויז דער קאָנקרעטער יסוד, און אַפילו ווען אַ מלוכה באַזיצט אַ טעריטאָריע, בלייבט זי אַלץ עפּעס אַן אַבסטראַקטע זאַך. די קריסטלעכע מלוכה עקזיסטירט אויך אָן אַ טעריטאָריע. אַנדערש וואָלט דער פּויפּסט נישט געווען סוּווערען.

אין באַזעל האָב איך געשאַפן דאָס דאָזיקע אַבסטראַקטע, און דעריבער דאָס, וואָס די גרעסטע צאָל מענטשן קאָן נאָך נישט זען; אייגנטלעך מיט מיטלען, וועלכע מען קאָן גאָרנישט באַצייכענען און אָנרופן מיט קיין שום נאָמען. בהדרגה האָב איך אַריינגעטריבן די מענטשן אין אַ מדינה־שטימונג און האָב אין זיי אַריינגעבראַכט דאָס געפיל, אַז זיי זענען אַ נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג. —

און דער קאָנגרעס איז געווען הערלעך. איין מאָל, ווען נאָרדוי האָט פּרעזידירט, בין איך אַראָפּגעגאַנגען אונטן אין זאַל, אין די הינטערשטע רייען. דער לאַנגער גרינער טיש אויף דער עסטראַדע, דאָס אויפגעהויבענע זיץ־אָרט פון פּרעזידענט, די גרין־באַהאָנגענע טריבונע, דער טיש פאַר סטענאָגראַפן און זשורנאַליסטן — האָבן געמאַכט אויף מיר אַזאַ שטאַרקן איינדרוק, אַז איך בין גיך אַרויסגעגאַנגען, בכדי נישט צו ווערן אין גאַנצן באַרוישט.

דערנאָך האָב איך צוריקגעקראָגן מיין גלייכגעוויכט. איך האָב זיך באַהערשט און בין פאַרבליבן רויק און געלאַסן, בעת אַלע אַנדערע זענען איבערגעפלייצט געוואָרן פון טיפער אויפרודערונג און באַגייסטערונג. איך האָב אפשר נישט געהאַט קיין אַנונג פון דעם, ווי איינדרוקספול דער קאָנגרעס האָט אויסגעזען אין דעם טונקעלן קאָנצערט־זאַל מיט די גרויע, נישט־באַפּוצטע ווענט. ווען איך וואָלט געהאַט דאָס פולע בילד, וואָלט איך אויך אָן צווייפל זיך צעוויינט פון דער שטאַרקער איבערלעבעניש.

[ ג ]

באַמיונגען וועגן אַן אוידיענץ ביים דייטשן קייזער

פּרווון צו שאַפן אַ ציוניסטישע טאָג־צייטונג

די גרינדונג פון דער יידישער קאָלאָניאַל־באַנק

די טרעפונג מיטן דייטשן קייזער אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל

די טרעפונגען מיטן דייטשן קייזער אין מקוה ישראל און אין ירושלים

הערצלס חלום און פּלענער וועגן אַ ניי־ירושלים

דער דריטער ציוניסטישער קאָנגרעס

דער מעסאָפּאָטאַמיע־פּלאַן פון אָסקאַר שטראַוס

אַנטוישונגען און נייע פּאָליטישע פאַרהאַנדלונגען

באַמיונגען צו דערגיין צום סולטאַן

דער פערטער ציוניסטישער קאָנגרעס

דער פּלאַן וועגן אַ פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט קעגן פּאָגראָמען

צווישן אַנטוישונגען און נייע פּלענער

באַלד נאָכן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל האָט הערצל נישט פאַרלוירן קיין איין טאָג און זיך גלייך אַריינגעוואָרפן אין דער וויטערדיקער פּאָליטישער אַרבעט פאַר פאַרווירקלעכן די אידעע פון יידנשטאַט. אין דער זעלבער צייט האָט הערצל זיך אויך געמוזט אַ סך אָפּגעבן מיט שאַפן די נייטיקע פינאַנציעלע מיטלען פאַר דער אַרבעט פון דער נייער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין באַזעל.

עטלעכע טעג נאָכן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס האָט הערצל געהאַט אַ נייעם וויכטיקן געשפּרעך מיט דעם גרויסהערצאָג פון באַדען, פרידריך דעם ערשטן, מיט וועלכן ער האָט שוין פריער פאַרהאַנדלט וועגן דעם יידנשטאַט־פּלאַן און האָט געפונען ביי אים אַ סך פאַרשטענדעניש פאַר דער אידעע. ווי ביי זיין פריערדיקן געשפּרעך מיט דעם גרויסהערצאָג פון באַדען האָט אויך הערצל דאָס מאָל געוואָלט זיין הילף פאַר קריגן אַן אוידיענץ ביים דייטשן קייזער ווילהעלם דעם צווייטן. דער דייטשער קייזער האָט זיך געגרייט צו אַ רייזע קיין ארץ־ישראל. הערצל האָט אין דעם געזען אַ וויכטיקע פּאָליטישע געלעגנהייט צו באַקומען די שטיצע פון קייזער פאַר דער אידעע וועגן באַנייען די יידישע מדינה.

דאָס איז געווען דער הויפּט־ציל פון הערצלס נייעם געשפּרעך מיט דעם גרויסהערצאָג פון באַדען.

4טן סעפּטעמבער, 1897.

דער גרויסהערצאָג פון באַדען האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט געגעבן דעם קייזער אַן אויספירלעכן באַריכט וועגן דער ציוניסטישער באַוועגונג.

אַלס רעזולטאַט דערפון האָט דער קייזער באַאויפטראַגט פירשט אוילענ־בורגן צו שטודירן די פראַגע נענטער און אים באַריכטן.

דער גרויסהערצאָג האָט מיר ווייטער געזאָגט, אַז צווישן דעם סולטאַן און דעם קייזער זענען די באַציִונגען אויסגעצייכנטע. דער דייטשער איינפלוס אין ״יילדיז״ (פאַלאַץ פון סולטאַן) איז איצט אַן אומבאַגרענעצ־טער. ענגלאַנד איז אין גאַנצן באַזייטיקט געוואָרן. שוין נישט רעדנדיק וועגן די אַנדערע מלוכות. און דער גרויסהערצאָג האָט צוגעגעבן מיט אַ שמייכל פון צופרידנקייט:

״דאָס אַלץ האָבן מיר דערגרייכט אָן אַ פלאַט און אָן דעמאָנסטרירן וועלכע עס איז באַזונדערע מאַכט. דייטשלאַנדס פאַרלאַנגען ווערן אָן שום באַדינגונגען גענומען אין באַטראַכט. און אויב אונדזער קייזער וועט עפּעס זאָגן דעם סולטאַן, וועט ער עס זיכער נעמען צום האַרצן. די איינציקע זאַך איז, אַז מיר מוזן זיין זייער פאָרזיכטיק. איינצלנע שריט פאַרציִען זיך אָפט מאָל אַ לענגערע צייט אין דער וועלט־געשיכטע. מען מוז זיין געדולדיק. פריער פאַר אַלץ מוזט איר וואַרטן, ביז דער קייזער וועט צו־ריקקומען פון זיין רייזע קיין פּאַלעסטינע. אויב ער וועט אייך אויפנעמען פריער, קאָן עס נאָך ברענגען שאָדן. איר ווייסט וועגן די קאָמענטאַרן, וואָס די רייזע פון קייזער האָט אַרויסגעברענגט אומעטום. יאָ, דער אַזוי גערופענער פילגרים־באַזוך, וואָס האָט אין אָנהייב געזאָלט טראָגן בלויז אַ רעליגיעזן כאַראַקטער, איז איצט געוואָרן אַ פּאָליטישע אָנגעלעגנהייט. דאָס איז אַפילו אָנגעדייט געוואָרן דורך דעם, וואָס דער קייזער פאָרט פריער קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, בעת לויטן ערשטן פּלאַן האָט ער געזאָלט מאַכן די רייזע דירעקט קיין ארץ־ישראל. אַזוי וועט ער פריער פאַר אַלץ אָפּגעבן אַ וויזיט דעם אייגנטימער פון לאַנד. פון ארץ־ישראל פאָרט ער קיין עגיפּטן, דאָס הייסט אין אַן אַנדער וואַסאַל־לאַנד פון סולטאַן״.

איך האָב געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז עס וואָלט געווען געווונטשן, אַז איך זאָל קענען געבן דעם קייזער געוויסע אינפאָרמאַציעס, איידער ער וועט זיך אַרויסלאָזן אין וועג, אַזוי, אַז ער זאָל קענען רעדן וועגן ציוניזם אין ״יילדיז״, און וויסן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

דער גרויסהערצאָג האָט מיך אַ פרעג געטאָן:

"איז אייער ציל צו גרינדן אַ שטאַט? איך מיין, אַז דאָס וואָלט געווען די איינציקע ריכטיקע זאַך פאַר אייך צו טאָן, אויב איר ווילט האָבן די לעגאַלע זיכערקייט".

איך האָב געהאַט גערעדט וועגן דעם פריער, דערקלערנדיק, אַז מיר האָבן נישט קיין שום חשק זיך אונטערצווואַרפן די צופאַלן פון אַ פּאַשאַ־ווירטשאַפט.

"עס קאָן געפינען ווערן אַ וועג אויפצוהאַלטן די סוווערענע מאַכט פון סולטאַן, עפּעס אַזעלכעס ווי אין די אַלטע דוניי־פירשטנטומס — האָט דער גרויסהערצאָג ווייטער געזאָגט — און וואָס עס וועט געשען שפּעטער (ער האָט אַ שמייכל געטאָן) לאָמיר זאָגן אין אַ דור אַרום, קענען מיר איצט אַבסאָלוט נישט וויסן".

באַלד הייבן זיך אָן די געלט־שוועריקייטן. די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע איז געגרינדעט געוואָרן, אָבער קיינער זאָרגט נישט וועגן שאַפן די נייטיקע מיטלען פאַר דער אַרבעט. הערצל פאַרשרייבט מיט גרויס פאַרביטערונג אין זיינע טאָג־ביכער:

ווין, דעם 24סטן סעפּטעמבער, 1897.

איך האָב געבעטן די הערן פון אַקציאָנס־קאָמיטעט צו שאַפן עפּעס געלט פאַר אונדזער אַרבעט. ביז איצט האָב איך אויף אַלץ, וואָס איז געווען נייטיק, גאַנץ פּשוט געגעבן געלט פון מיין אייגענער טאַש. אויב דער קאָמיטעט וויל "מיטרעגירן", מוז ער קודם־כל דורכמאַכן דעם דאָזיקן פּרוּוו — אַריינברענגען אין דער קאַסע פינף טויזנט גילדן. קאָקעש * דערקלערט, אַז דאָס איז לחלוטין אוממעגלעך. ער איז זייער אַ פיינער מענטש. אָבער ווי וואָלטן מיר געהאַלטן, ווען מיר זאָלן זיין אָנגעוויזן אויף אים?

* דר. עלאָר קאָקעש, אַ ווינער אַדוואָקאַט, געבוירן אין גאַליציע, הערצלס נאָענטער מיטאַרבעטער, אַ מיטגליד פון קליינעם ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט, וואָס איז גע־שאַפן געוואָרן אויפן ערשטן קאָנגרעס, האָט זיך זייער פיל אָפּגעגעבן מיט דער אַרבעט פון דער ניי־געשאַפענער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

אין דער זעלבער צייט הייבט אָן הערצל די צוגרייטונגען צו גרינדן די יידישע קאָלאָניאַל־באַנק, דורך וועלכער עס זאָל פי־נאַנסירט ווערן דער פּלאַן וועגן דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל און גרינדונג פון דער יידישער מדינה. הערצלס ערשטער נאָמען פאַר דער יידישער קאָלאָניאַל־באַנק איז געווען "דזשואיש קאָמפּאַני".

ווין, דעם 6סטן אָקטאָבער, 1897.

איך מאַך איצט אַן אָנגריף אויף דער פראַגע וועגן דער "דזשואיש קאָמ־פּאַני".

דער באַזעלער קאָנגרעס באַדייט די גרינדונג פון דער "יידן־געזעל־שאַפט" פאַר דער יידישער מדינה, ווען אַפילו מיט אָפּאָרטוניסטישע מאָ־דיפיקאַציעס און אין אַ שוואַכער אויספירונג. די אַרבעט פון די קומענ־דיקע עטלעכע יאָר וועט זיין דאָס שאַפן די "דזשואיש קאָמפּאַני", וואָס ווערט פאָרלויפיק, אָנגערופן "די יידישע קאָלאָניאַל באַנק".

אין דער אָנגעשטרענגטער אַרבעט ביים אָנפירן מיט דער ניי־געשאַפענער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און פאַר פאַר־ווירקלעכן די יידנשטאַט־אידעע ווערט הערצל געשטעלט פאַר פאַרשידענע אויפגאַבן. ער זעט פאַר זיך די נויטווענדיקייט, אַז די ציוניסטישע באַוועגונג זאָל האָבן אַן אייגענע גרויסע טאָג־צייטונג. מיט דער "נייע פרייע פרעסע", ווו ער איז איינער פון די הויפּט־מיטאַרבעטער, האָט ער נאָך אַלץ גרויסע שוועריקייטן. די צייטונג וויל נישט שטיצן דעם ציוניזם.

אין זיין נייעם פּלאַן צו גרינדן אַן אייגענע צייטונג קומט הערצלען צו הילף דער פירער פון די ציוניסטן אין רוסלאַנד, פּראָפ. מאַקס מאַנדעלשטאַם פון קיעוו, וועלכער האָט זיך באַ־טייליקט אין ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס. פּראָפ. מאַנדעלשטאַם איז אַוועקגעפאָרן פון קאָנגרעס אַ באַגייסטערטער פון הערצלען און פון דער יידנשטאַט־אידעע.

ווין, דעם 27סטן אָקטאָבער, 1897.

דר. מאַנדעלשטאַם פון קיעוו באַמיט זיך צו באַוועגן עטלעכע מיליאָנערן

פון דער שטאָט צוצושטעלן דאָס נייטיקע געלט פאַר גרינדן אַ געזעל־שאַפט, וואָס זאָל אַרויסגעבן אַ צייטונג. אַ מיליאָן איז נייטיק. מיין פאָטער און איך וועלן צוזאַמען ביישטייערן הונדערט טויזנט, אויב די רוסישע יידן וועלן געבן די אַנדערע הונדערט טויזנט.

אויף מאַנדעלשטאַמס עצה שיק איך קיין קיעוו אַ געזעלשאַפטלעכן פאַרטרויונגס־מענטש, היינריך יאָרק שטיינער *.

שטיינער האָט זיך געוואָלט אויסדינגען, אַז ער זאָל האָבן אין דער צייטונג די זעלבע רעכט, וואָס איך. איך האָב דאָס קאַטעגאָריש אָפּגע־וואָרפן. ער קאָן זיין בלויז דער הויפּט־אַדמיניסטראַטאָר — אויב עס וועט דערפון עפּעס אַרויסקומען.

אָבער איך בין שוין אַזוי מיד, אַז עס איז מיר אַלץ איינס, צי די צייטונג וועט געגרינדעט ווערן אָדער נישט. איך בין געווען צו פיל פאַר־שווענדעריש מיט די רעזערוון פון מיין ענערגיע.

אויב די רוסן וועלן צושטעלן גענוג געלט, וועט מען אפשר אויך קאָנען צווינגען די "נייע פרייע פּרעסע" צו קאַפּיטולירן. מיט דריי מיליאָן וואָלט איך זי געקאָנט לייכט אָפּקויפן, און דאָס וואָלט געווען דאָס בעסטע. מיט דער "נייע פרייע פּרעסע" אין אונדזערע הענט וועלן מיר קאָנען אויפטאָן ווונדער.

ווין, 29סטן נאָוועמבער, 1897.

נאָרדוי שרייבט מיר, אַז ער מאַכט באַמיונגען צו ווערן אויפגענומען דורך דעם דייטשן קייזער, כדי צו פאַרהאַנדלען מיט אים וועגן ציוניס־טישע ענינים. אויב דאָס וועט זיך אים איינגעבן, וועט ער זיין די ערשטע פּערזענלעכקייט אין דער באַוועגונג, וועלכע איך האָב געשאַפן. אָבער איך האַלט, אַז דאָס איז ריכטיק. די אַרבעט דאַרף מיך איבערוואַקסן. איך שרייב אים, אַז איך בין איינשטימיק און איך בעט אים צו פאָרן אויך צו פּאָביעדאָנאָסצעוו ** און צום צאַר. איך שרייב אים אויך, אַז איך וויל אים מאַכן פאַר דעם הויפּט פון דער יידישער באַנק.

* אַ באַקאַנטער יידישער זשורנאַליסט אין עסטרייך, וועלכער האָט אַ סך געהאָלפן הערצלען צו פאַרשפּרייטן די ציוניסטישע אידעע.

** פאָרזיצער פון סינאָד, אַ ווילדער אַנטיסעמיט.

איפערזוכט איז אַ נאַרישע זאַך; מיין איצטיקער חלום איז: צו שרייבן אַ דראַמע אין פערזן (מיט קאָסטיומען פון דער רענעסאַנס־עפּאָכע).

ווין, דעם 26סטן מערץ, 1898.

איך קעמף נאָך אַלץ מיט אַ הילצערנער שווערד, ווי אַ קלאָון, אָדער ווי אַ קינד.

איך דאַרף האָבן אַ שווערד פון שטאָל, ד"ה אַ גרויסע צייטונג, מיט וועלכער מען קאָן מאַכן פּאָליטיק, טאָן מענטשן טובֿות און ברענגען נוצן, אָנקניפּן פאַרבינדונגען אאַז"וו.

אַזוי פּייניק איך זיך אַ הילפלאָזער און קאָן נישט מאַכן קיין שריט פאָרויס. עס איז אַ שרעקלעכע זאַך צו האָבן אַזעלכע קלאָרע פּלענער, צו זען פאַר זיך אַ דייטלעך אָנגעצייכנטן וועג, און זיין פאַרמשפּט צו אומ־מעכטיקייט. איך נייטיק זיך אין אַ לומפּיקן מיליאָן, בכדי צו קאָנען פירן אַ גרויסע צייטונג. און פאַר דעם דאָזיקן צוועק, וואָס קאָן ברענגען דעם גרעסטן נוצן דעם יידישן פאָלק, איז נישט מעגלעך צונויפצוקלאַפּן די נעבעכדיקע סומע געלט. דער ציוניזם פאַרזאַמט וויכטיקע געלעגנהייטן.

ווין, דעם 5טן מיי, 1898.

"די וועלט" עסט אויף וואָס אַ מאָל מער געלט. איך מוז זי איינאָר־דענען אַזוי, אַז זי זאָל זיך קאָנען אַליין אויסהאַלטן. אויב נישט, וועט זי אונטערגיין. אַ יאָר צייט, בערך, קאָן איך נאָך אויסהאַלטן, אָן דעם, אַז איך זאָל זיך אַליין רויִנירן.

פון דער פּאַרטיי קריגט נישט "די וועלט" קיין שום הילף. און עס שווימט אַפילו אַרויף דער געדאַנק, אַז דער אַקציאָנס־קאָמיטעט זאָל סוב־ווענציאָנירן אַ צייטונג אין יידיש, וואָס וועט אין אַ געוויסער מאָס זיין אַ קאָנקורענץ פאַר "די וועלט".

ווין, דעם 9טן אויגוסט, 1898.

וואָלפסאָן מעלדעט, אַז נאָר הונדערט טויזנט פונט זענען אונטערגע־שריבן געוואָרן פאַר דער באַנק.

אַלץ איז אָפּהענגיק פון דעם, צי אין משך פון די עטלעכע וואָכן, וואָס זענען נאָך פאַרבליבן צום קאָנגרעס (צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס), וועט נאָך קאָנען דערגרייכט ווערן אַ באַדייטנדיקע פאַרגרעסערונג פון דער סומע.

אויב נישט וועט דער ענטוזיאַזם פון קאָנגרעס מוזן דאָס מאָל אויסגע־נוצט ווערן פאַר דער באַנק. דאָס איז אַן אומגעהייערע שווערע אויפגאַבע. די רייכע חברה־לייט ווילן, אַז מיר זאָלן דאָס אויספירן.

אין מיטן פון די אַלע שווערע דאגות זיינע און ערב דעם צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, צו וועלכן הערצל מאַכט נייע צוגרייטונגען און לייגט אויף אים אַרויף גרויסע האָפענונגען, — האָט ער איין טאָג אַן אינטערעסאַנטן באַזוך פון אַן אַלטן באַקאַנטן. דער דאָזיקער באַזוך דערמאָנט הערצלען אין דעם שווערן וועג פול מיט מאַטערנישן, וועלכן ער איז שוין ביז איצט דורכגעגאַנגען אין זיין אַרבעט פאַר דער יידנ־שטאַט־אידעע.

ווין, דעם 11טן אויגוסט, 1898.

פרידריך ס. פון פּאַריז איז דאָ געווען. איך האָב אים דערמאָנט וועגן דער מיינונג, וואָס ער האָט אויסגעדריקט מיט דריי יאָר צוריק, ווען איך האָב אים געגעבן איבערצולייענען דעם כתב־יד פון ״יידנשטאַט״ אין האָטעל קאַסטיל, רי קאַמבאָן (אין פּאַריז). ער איז געווען פאַרשעמט, האָט זיך געפילט נישט איבעריק באַקוועם און האָט געזאָגט:

״איך האָב זיך שוין געענדערט. איצט בין איך שוין איינער פון אייערע. איר זענט געווען גערעכט. איר זענט באמת געווען גערעכט״.

די העצע קעגן דרייפוסן האָט אים געעפנט די אויגן און געבראַכט צום ציוניזם.

און פונקט אַזוי ווי דער דאָזיקער מענטש האָט מיך געהאַלטן פאַר אַ משוגענעם, וועלן אויך קומען אַלע אַנדערע, וואָס האָבן געזאָגט, אַז איך בין אַראָפּ פון זינען.

אָבער וואָס וואָלט געשען, ווען איך וואָלט זיך געלאָזט איבעררעדן

פון אַזעלכע מענטשן? די וועלט וואָלט געווען אָרעמער, האָבנדיק פאַר־לוירן אַן אידעע. און דאָס יידישע פאָלק וואָלט געווען אָרעמער, האָבנדיק פאַרלוירן אַ גרויסע באַוועגונג.

ווי גרויס עס איז די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס עס טראָגן אויף זיך די מענטשן, וועלכע האָבן מיך געוואָלט אָפּהאַלטן פון מיין אידעע, און ווי לייכט עס איז די שטראָף, וואָס טרעפט זיי דערפאַר.

בלויז איין מאָמענט פילט ער זיך אַ ביסל נישט באַקוועם און זאָגט:
״איר זענט גערעכט״.

דער צווייטער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט זיך פאַרזאַמלט דעם 28סטן אויגוסט 1898 און געדויערט פיר טעג. די צאָל דע־לעגאַטן איז שוין דאָס מאָל אַריבערגעשטיגן פיר הונדערט, צוויי מאָל אַזוי פיל, ווי ביים ערשטן קאָנגרעס מיט אַ יאָר פריער. צווישן די נייע דעלעגאַטן זענען געווען דער יונגער חיים וויצמאַן און פראָפעסאָר ריטשאַרד גאָטהייל פון ניו־יאָרק, ערשטער פרעזידענט פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע אין אַמעריקע. הערצלס פאָטער, יעקב הערצל, איז דאָס מאָל גע־קומען אַלס געוויילטער דעלעגאַט. אַלס ספּעציעלן גאַסט האָט הערצל איינגעלאַדן זיין פּאָליטישן אַגענט פיליפּ נעוולינסקי.

איינער פון די וויכטיקסטע באַשלוסן פון דעם קאָנגרעס איז געווען די גרינדונג פון דער יידישער קאָלאָניאַל־באַנק. דוד וואָלפסאָן, פאָרזיצער פון דער באַנק־קאָמיסיע, האָט באַריכ־טעט, אַז עס זענען שוין אונטערגעשריבן געוואָרן אַקציעס פאַר פיר מיליאָן פראַנק, נאָך איידער די באַנק איז אָפיציעל גע־גרינדעט געוואָרן.

אַ צווייט וויכטיק געשעעניש ביי דעם קאָנגרעס איז געווען דער באַריכט פון דער לאַגע און פון די קאָלאָניזאַציע־מעגלעכ־קייטן אין ארץ־ישראל, וועלכן עס האָט אָפּגעגעבן דער יונגער לעאָ מאָצקין. הערצל האָט ספּעציעל דעלעגירט מאָצקינען קיין ארץ־ישראל עטלעכע חדשים פאַר דעם קאָנגרעס, כדי צו ברענגען דעם באַריכט. אַ דאַנק דעם באַריכט האָט די ניי־גע־גרינדעטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אויך געקענט באַטראַכטן פּלענער וועגן אָנהייבן אַ קאָלאָניזאַציע־אַרבעט אין ארץ־ישראל,

גלייכצייטיק מיט דער פּאָליטישער אַקציע פאַר דער אידעע פון "יידנשטאַט".

דר. נחמן סירקין, וועלכער איז אויך געווען אַ דעלעגאַט צום ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, האָטביים צווייטן קאָנגרעס שוין אויסגעדריקט געדאַנקען און אַריינגעטראָגן פאָרשלאָגן, וועלכע זענען געווען אַן אָנזאָג פון דער אידעאָלאָגיע פון דער ציוניס־טישער אַרבעטערשאַפט, וואָס האָט זיך קריסטאַליזירט אין די שפּעטערדיקע יאָרן.

הערצל איז געווען זייער פאַרנומען מיט די קאָנקרעטע פּלע־נער, וועלכע ער האָט שוין געהאַלטן ביים דורכפירן, און ער האָט אין זיינע טאָג־ביכער געמאַכט נאָר קורצע פאַרצייכענונגען וועגן דעם פאַרלויף פון צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין אַ טאָן, וואָס האָט אויסגעדריקט אַ היפּש ביסל אומצופרידנקייט:

באַזעל, 29סטן אויגוסט, 1898.

נאָך מיטאָג איז אָפּגעגעבן געוואָרן דער פינאַנציעלער באַריכט. און דאַן האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן די נאַרישקייטן. גאַסטער (ד"ר משה גאַס־טער, הויפּט־רב פון די ספרדים אין ענגלאַנד) האָט פּרעזידירט מיט אַ שווערער האַנט. אָסקאַר מאַרמאָרעק * האָט צו מיין גרעסטער פאַרצוויפּ־לונג געלויבט דעם אַקציאָנס־קאָמיטעט, ווייל ער האָט דערגרייכט אַזוי פיל מיט אַזעלכע קליינע מיטלען. און אויף דער גאַלעריע איז געזעסן נעווולינסקי, וועלכן איך האָב איינגעלאַדן מיט זיין פרוי און קינד, בכדי ער זאָל אָפּגעבן אַ באַריכט דעם סולטאַן וועגן דעם, ווי שטאַרק עס איז געוואָרן אונדזער באַוועגונג.

נאָך דעם האָט גענומען דאָס וואָרט בערנשטיין־כהן ** און האָט אונדז געריממט דערפאַר, וואָס מיר האָבן באַוויזן דאָס אַלץ אויפצוטאָן אין גאַנצן אָן געלט. איך האָב געשיקט, מען זאָל זאָגן, אַז ער זאָל תיכף־ומיד אויפ־הערן רעדן, און אויב נישט וועל איך פאַרלאָזן דעם קאָנגרעס. ער האָט ווייטער גערעדט אָן אויפהער און נאַריש, נאָך אַ מאָל און איבער אַ מאָל

* באַקאַנטער ווינער ציוניסט, פון הערצלס ערשטע מיטאַרבעטער.

** דר. יעקב בערנשטיין־כהן, זייער אָנגעזעענער ציוניסטישער פירער אין רוסלאַנד.

האָט ער גערעדט וועגן אונדזער אָרעמקייט — ביז איך האָב איבערגעריסן די זיצונג, בכדי צונויפצורופן די פינאַנץ־קאָמיסיע.

און מיט אַזעלכע אינסטרומענטן מוז איך אַרבעטן. זיי צעברעכן זיך מיר אין דער האַנט, ווי דער הילצערנער פּאַפּיר־מעסער איז צעבראָכן געוואָרן בעת דער שטורמישער זיצונג.

קורץ נאָך דעם, ווי דער קאָנגרעס האָט זיך געשלאָסן, האָט הערצל ווייטער זיך אַריינגעוואָרפן אין זיין גרויסער פּאָליטישער אַרבעט פאַרן יידנשטאַט. ער האָט געהאַט אַ נייע באַגעגעניש מיט דעם גרויסהערצאָג פון באַדען. ער האָט זיך אויך געזען מיט דעם גראַף פאָן בילאָוו, קייזער ווילהעלם דעם צווייטנס אויסערן־מיניסטער. אין מיטן פון זיינע באַמיונגען וועגן אַן אוידיענץ ביים דייטשן קייזער האָט הערצל זיך דערוווּסט, אַז ווילהעלם דער צווייטער האָט באַאויפטראַגט דעם פּרייסישן דיפּלאָמאַט פירשט אוילענבורג צו שטודירן די ציוניסטישע באַוועגונג און אים צושטעלן אַ באַריכט. דער דייטשער קייזער האָט זיך דאַן געקליבן אויף זיין רייזע קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און קיין ארץ־ישראל.

סוף סעפּטעמבער לאָזט זיך אַרויס הערצל אויף אַ קורצער רייזע צו שאַפן אַקציעס פאַר דער ניי־געגרינדעטער קאָלאָניאַל־באַנק. ער באַזוכט פּאַריז און פאַרט אַריין קיין האַג. פון דער דאָזיקער נסיעה זיינער האָט הערצל אַריינגעשריבן אין זיינע טאָג־ביכער פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטישע פאַרצייכענונג:

האַג, 30סטן סעפּטעמבער, 1898.

ווידער בין איך דורכגעפאָרן דורך דער האָלענדישער לאַנדשאַפט, פון וועלכער עס טראָגט זיך אַ זיסער ריח. אָבער אַנדערש, ווי צום ערשטן מאָל. דעמאָלט, אין 1885, בין איך געווען אַ יונגער טרוימער, אַן אײנ־האַלט, און האָב געזען בלויז די פאָרעם פון זאַכן.

היינט רעדט צו מיר דאָס לאַנד גאָר עפּעס אַנדערש.

איך זע פּלוצעם אַ שטאָט, וואָס וואַקסט אַרויס פון טאָל, אַן בערג, אַן אַ טייך אָדער ים — אָן יעדער דערמוטיקונג, אַזוי צו זאָגן. דאָס איז האַג.

אַ באַווייז, אַז ווען מען נעמט זיך אונטער מיט אַ שטאַרקן ווילן, קאָן מען באַשאַפן אַ שטאַט.

אויב איך וועל אָנווייזן מיט מיין פינגער אויף אַ געוויסן פונקט און זאָגן: דאָ זאָל זיין אַ שטאָט — וועט דאָ אויפוואַקסן אַ שטאָט.

גאַנץ האָלאַנד איז אַ באַווייז פון דעם, וואָס דער מענטש קאָן אַרויס־ציען פון דעם אומדאַנקבאַרסטן באָדן.

ווען אַ יונגערמאַן איז פאַרליבט, זעט ער אונטער יעדן פרויען־הוט זיין געליבטע.

אַזוי איז אַלץ, וואָס איך זע איצט, אַן אָנרעגונג און דערינערונג וועגן מיין אידעע.

הערצל לאָזט זיך אַרויס אויף זיין ערשטער גרויסער פּאָלי־טישער רייזע — פריער קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און דערנאָך קיין ארץ־ישראל. אָנהייב אָקטאָבער 1898 האָט הערצל באַקומען אַ בריוו פון דייטשן אַמבאַסאַדאָר אין ווין, פירשט אוילענבורג, וועלכער האָט אים מיטגעטיילט, אַז דער קייזער וועט אים אויפ־נעמען אין ארץ־ישראל, און אַז ער וועט אפשר קריגן אַ מעג־לעכקייט צו האָבן אַ געשפרעך מיט ווילהעלם דעם צווייטן נאָך פריער, אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. דער קייזער איז דאַן אַרויסגע־פאָרן אויף זיין רייזע קיין טערקיי, ארץ־ישראל און עגיפּטן, וואָס איז אין דער פּאָליטישער וועלט באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ גרויס געשעעניש.

פאַר הערצלען איז דער בריוו פון דעם דייטשן אַמבאַסאַדאָר געווען אַ ידיעה, אויף וועלכער ער האָט לאַנג געוואַרט. ער האָט פאַרבונדן מיט זיין אוידיענץ ביים דייטשן קייזער גרויסע האָפע־נונגען. וועגן דער וויכטיקער רייזע זיינער האָט הערצל אויס־פירלעך פאַרשריבן אין זיינע טאָג־ביכער. ער האָט פאַרלאָזן ווין דעם 13טן אָקטאָבער 1898.

אין וועג, 14טן אָקטאָבער, 1898.

דאָס געזעגענען זיך מיט מיינע טייערע איז דאָס מאָל געווען זייער שווער פאַר מיר. איך וואָלט געקאָנט בלייבן רויק אין מיין שיין הויז, מיט מיינע שיינע קינדער, וועמענס בליענדיקע יאָרן גייען פאַרביי אָן דעם,

אַז איך זאָל פון זיי הנאה האָבן. זיי וואַקסן אויף, און איך בין נישטאָ דערבײַ, צו קאָנען זען די ליבלעכקייטן פון זייער אַנטוויקלונג אין אַלע פּרטים. און איך לאָז זיך אַרויס אויף אַזאַ ווייטע נסיעה, וואָס איז אפשר אויך פאַרבונדן מיט געפאַר. מען האָט מיך אַפילו געוואָרנט, אַז אין ארץ־ישראל טראַכט מען וועגן פאַרמעסטן זיך אויף מײַן לעבן. די וואָרענונג איז צו מיר געקומען פון בן־יהודה (אליעזר בן־יהודה, דער באַנייער פון דער העברעיִשער שפּראַך אין ארץ־ישראל) דורך דר. ווערנער.

אָבער מײַן פליכט איז צו פאָרן.

איך בין זייער דערשיטערט געוואָרן ביים געזעגענען זיך, ווען מײַנע גוטע עלטערן האָבן געוויינט. זיי וואָלטן געוועון די איינציקע, וועלכע וואָלטן זיך נישט געלאָזט טרייסטן, אויב איך זאָל נישט צוריקקומען. דאָס, וואָס איך וואָלט דאַן געוואָרן אַ וועלט־געשיכטלעכע געשטאַלט, וואָלט פאַר מײַנע אומגליקלעכע אַלטיטשקע נישט געווען קיין נחמה.

זיי האָבן זיך ביידע געזעגנט מיט מיר, ווען איך בין אַוועקגעגאַנגען. גאָט זאָל מיר העלפן, אַז זיי זאָלן זײַן געזונט, און זאָל אונדז באַשערט זײַן צו זען זיך ווידער מיט פריילעכע הערצער.

דעם 18טן אָקטאָבער, 1898, האָט הערצל געהאָט זײַן ערשט געשפּרעך מיט דעם דײַטשן קייזער אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. ער איז געוואָרן איבערראַשט, ווען אַ שעה פריער איז צו אים געקומען אַ קוריער אין האָטעל און אים געבראַכט אַ קורצע איבערלאַדונג: „טעאָדאָר הערצל דאַרף זיך מעלדן ביי זײַן מאַיעסטעט 4.30 נאָך מיטאָג אין יילדיז (סולטאַנס פּאַלאַץ)".

זײַנע אײַנדרוקן פון דעם היסטאָרישן געשפּרעך האָט הערצל פאַרשריבן אין זײַנע טאָג־ביכער צומאָרגנס, דעם 19טן אָקטאָבער, שוין נאָך דעם ווי ער האָט פאַרלאָזן קאָנסטאַנטינאָפּאָל:

19טן אָקטאָבער, 1898, אויפן דעק פון דער שיף
„אימפּעראַטאָר ניקאָליי דער צווייטער",
אין מיטן מאַרמאַר־ים.

דאָס איז מײַן ערשטע געלעגנהייט צו פאַרשרייבן די געשעענישן פון נעכטן.

דער קייזער, אין אַ טונקעלן אוניפאָרם פון אַ הוסאַר, איז געקומען מיר אַקעגן. איך בין געבליבן שטיין און האָב זיך טיף פאַרנייגט. ער איז צוגעגאַנגען צו מיר, כמעט ביז דער טיר, און האָט מיר דערלאַנגט די האַנט. איך גלייב, אַז ער האָט געזאָגט, אַז ער פרייט זיך מיך צו זען, אָדער עפּעס ענלעכס.

איך האָב צו אים געזאָגט: „איך בין זייער גליקלעך פון דעם כבוד”.

דער קייזער איז דאַן ווידער צוגעגאַנגען צום טיש, האָט אַ שטופּ געטאָן אַ פאָטעל אין מיין זייט, האָט געמאַכט אַ האַנט־באַוועגונג מיך איינצולאַדן און האָט זיך אַוועקגעזעצט מיטן רוקן צום שרייב־טיש. ער האָט צונויפּ־געלייגט די הוסאַריש־באַשטיוולטע פיס, ווי איינער וועלכער מאַכט זיך באַקוועם פאַר אַ לענגערן געשפּרעך. הינטער מיר איז אַריינגעקומען פאָן בילאָוו (קייזער ווילהעלמס אויסערן־מיניסטער) און האָט זיך אַוועק־געזעצט אין דער זעלבער צייט, וואָס איך. און ווי איך, האָט אויך פאָן בילאָוו געהאַלטן די גאַנצע צייט דעם צילינדער אויף די קני. איך האָב פאַרגעסן אַראָפּצונעמען די הענטשקע פון מיין רעכטער האַנט, וואָס מען דאַרף טאָן לויטן עטיקעט.

איך האָב דערוואַרט, אַז דער קייזער וועט אָנהייבן דאָס געשפּרעך, און איך האָב דעריבער כמעט ווי פאַרלוירן דעם אָטעם, ווען ער האָט מיך געבעטן צו רעדן דער ערשטער.

„ווו זאָל איך אָנהייבן, אייער קייזערלעכע מאַיעסטעט?”

„ווו איר ווילט” — האָט ער געזאָגט אַ ביסל איראָניש, און האָט זיך אָנגעלענט אויפן פאָטעל.

איך האָב נאָך אַ מאָל איבערגעזאָגט דעם אינהאַלט פון מיין בריוו, וועלכן איך האָב אים געהאַט געשיקט אַ טאָג פריער. איך האָב גערעדט מיט כמעט אַ ציטערנדיקער שטים, און דאָס האַרץ האָט מיר שטאַרק געקלאַפּט. דערביי האָב איך זיך אַ סך געערגערט דערפון, וואָס פאָן בילאָוו, וועלכער איז נישט גוט געשטימט בנוגע מיר, האָט זייער הנאה געהאַט, צוזעענדיק מיין פאַרלעגנהייט. אָבער ביי דעם אַלעם האָב איך לחלוטין נישט גערעדט קיין נאַרישקייטן. מיין שרעק האָט זיך אויסגע־דריקט נאָר אין דעם טאָן. אָבער ווען איך בין געקומען צו דער פראַגע

וועגן דער לאַנד־געזעלשאַפט און וועגן דייטשן פּראָטעקטאָראַט, האָט דער קייזער אַ שאָקל געטאָן מער מיט די אויגן ווי מיטן קאָפּ, ווי עס איז זיין געוווינהייט. דאָס איז אַ כאַראַקטעריסטישע באַוועגונג זיינע.

ער האָט באַלד איבערגענומען דאָס געשפּרעך און האָט מיר דערקלערט, פאַר וואָס די ציוניסטישע באַוועגונג אינטערעסירט אים און האָט פאַר אים אַ ווערט. ליידער בין איך געווען אַ צערודערטער צוהערער און האָב גע־מוזט צוזאַמענגעמען אַלע מיינע כוחות פאַר צוגרייטן די ענטפערס, אַזוי, אַז נישט אַלע פּרטים זענען מיר געבליבן אין זכרון. ער האָט די גאַנצע צייט גערעדט וועגן די יידן, נאָר ווי וועגן מיינע "לאַנדסלייט", און נישט גראָד אין אַ פריינדלעכן טאָן. ביי אים איז נישט געווען קיין שום צווייפל, אַז מיר האָבן גענוגנדיקע געלט־מיטלען און מענטשלעכע כוחות אין אונ־דזער רשות, צו קאָנען דורכפירן די קאָלאָניזאַציע פון ארץ־ישראל. דער־ביי איז מיין אויפמערקזאַמקייט אַ ביסל אָפּגעשוואַכט געוואָרן, ווייל איך האָב זיך נישט געקאָנט העלפן, נאָר טראַכטן וועגן דעם, וואָס פאַר אַ ווירקונג עס האָבן געהאַט די דריי יאָר פון מיין אַרבעט, ווען איך האָב פון דעם אומבאַקאַנטן וואָרט "ציוניזם" געמאַכט אַן אָנגענומענעם באַגריף, וועלכן דער דייטשער קייזער האָט פאַר מיר כסדר פריי באַנוצט.

"עס זענען פאַראַן — האָט ער געזאָגט — צווישן אייערע לאַנדסלייט געוויסע עלעמענטן, וועלכע ס'וואָלט גוט געווען צו לאָזן אויסוואַנדערן קיין ארץ־ישראל. איך טראַכט צום ביישפּיל וועגן העסן, וווּ עס זענען פאַראַן פּראָצענטניקעס צווישן דער דאָרפישער באַפעלקערונג. אויב זיי זאָלן נעמען זייערע פאַרמעגנס און זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל, וואָלטן זיי געווען פיל נוצלעכער". אַזוי אומגעפער זענען געווען זיינע ווערטער.

מיר האָט שטאַרק וויי געטאָן, וואָס ער אידענטיפיצירט די עטלעכע פּראָצענטניקעס מיט די יידן, און אין מיין פאַרדראָס האָב איך פּלוצעם צוריקגעפונען מיין קאַלטבלוטיקייט און קאָנטראָל איבער מיר, און האָב געהאַלטן אַ קורצע רעדע קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס טרעפט אונדז, ווי מיט אַ שווערד אין האַרצן. איך האָב געזאָגט, אַז דער אַנטיסעמיטיזם קרענקט אונדז זייער שטאַרק.

דער קייזער האָט באַמערקט, אַז ער גלייבט, אַז די יידן וועלן זיין גרייט

צו קאָלאָניזירן ארץ־ישראל, ווען זיי וועלן וויסן, אַז ער וועט זיי דאָרט האַלטן אונטער זיין שוץ, און אַז אייגנטלעך וועלן זיי דערמיט נישט האָבן פאַרלאָזן דייטשלאַנד.

בילאָוו האָט צוגעגעבן: "און זיי וועלן האָפנטלעך זיין דאַנקבאַר דער־פאַר". אָבער ער האָט מיר געמאַכט אויפמערקזאַם, אַז די רייכע יידן וועלן נישט זיין פאַר מיין אידעע. "אויך די גרויסע צייטונגען זענען נישט פאַר אייער פּלאַן, אויך נישט אייער אייגענע צייטונג. איר דאַרפט טראַכטן וועגן געווינען אויף אייער זייט די אָדער אַן אַנדערע פון די גרויסע צייטונגען".

איך האָב געזאָגט: "עקסעלענץ, דאָס איז בלויז אַ פראַגע פון געלט. איך באַדויער, וואָס איך, אַ שריפטשטעלער, מוז דאָס זאָגן".

בילאָוס כוונות, מיט די ווערטער, וואָס ער האָט אַריינגעוואָרפן, זענען איבעריקנס געווען גאַנץ קלאָרע. ער האָט געוואָלט געבן צו פאַרשטיין דעם קייזער, אַז הינטער מיר שטייט נישט קיין שום מאַכט. בילאָוו האָט געזאָגט אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט קעגן מיין אידעע, מיטן אויס־נאָם פון וואָרט "ניין", וואָס ער האָט באַשיימפּערלעך נישט געוואַגט אַרויס־צוברענגען, ווייל דעם קייזערס ווילן איז געווען "יאָ". בילאָוו האָט גע־האַלטן אין איין זאָגן: "יאָ, יאָ! — יאָ, אָבער! — יאָ, אויב נאָר!" — כסדר אַ פאַרמאַסקירטן "ניין".

איך האָב אָבער געפילט, אַז מיינע אַרגומענטן ווערן שטאַרקער און שטאַרקער, ווי באַלד דער קייזער האָט מיך אָפן אונטערשטיצט.

באַלד בין איך אַריבערגעגאַנגען צו אַ פראַגע, וואָס איז גראָד געווען גינסטיק פאַר דעם מאָמענט, צו דעם פּראָבלעם פון אינערלעך אָפּגע־שוואַכטן פראַנקרייך.

נאָך דעם פראַנצויזישן קאַפּיטל האָט זיך דאָס געשפּרעך פאַרהאַלטן אויף אַ סעקונדע. איך האָב באַנוצט די פּויזע, בכדי צוריקצוקומען צו אונדזער טעמע:

"און דעריבער קאָן פראַנקרייך נישט אַרויסשטעלן קיין שום אַרגומענט קעגן אונדזער ציל. פאַר רוסלאַנד וועט דאָס אויך זיין אַ לייזונג". און אַזוי האָב איך אַרויסגעבראַכט אַלע באַקאַנטע מאָטיוון מיינע.

דער קייזער האָט דאַן געזאָגט מיט אַ טאָן פון אַ בייסיקן הומאָר:
"יאָ, אייערע לאַנדסלייט האָבן נישט געהאַט קיין צו פיל פאַרגעניגן אין רוסלאַנד אין די לעצטע פאַר הונדערט יאָר".

געמיינט האָט ער מיט זיין איראָניע: אַ סך צרות. אָבער איך האָב ווייטער גערעדט, און ווייל ער האָט מיט אַ לייכטן שאָקל מיט זיין קאָפּ מיר געגעבן אָנצודייטן, אַז ער איז גרייט מיך ווייטער צו הערן, האָב איך פאָרגעשטעלט פאַר אים מיין גאַנצן פּלאַן. איך גלייב, אַז איך האָב אַרויסגעבראַכט אַלע אַרגומענטן לטובת מיין אידעע: רוסלאַנדס סיבירישע באַן־ליניע, וועלכע קאָן זיך אַרויסווייזן פאַר אייראָפּע אַ פּאַנדאָראַ־שאַכטל פול מיט איבערראַשונגען, וואָס זייער שעדלעכקייט לאָזט זיך גאָרנישט אָפּמעסטן — די קירצסטע ליניע אינדיע אַאַז"וו, אַלעס, אַלעס. ער האָט זיך צוגעהערט צו מיר אויסגעצייכנט, און אָפט מאָל מיט אַן אָפענער שפּאַנונג און גרויסער אָנשטרענגונג, ווען איך האָב אָנגערירט די קאָמפּליצירטע פאָרמען פון דער הלוואה, וואָס מיר וואָלטן געקאָנט געבן טערקיי. צום סוף האָב איך געזאָגט:

"איך ווייס נישט — מעגלעך דערפאַר, ווייל איך בין אַזוי פאַרכאַפּט פון דער אידעע, אָבער זי ווייזט זיך מיר אויס צו זיין אַ גאַנץ נאַטירלעכע!"

דער קייזער האָט מיך שטאַרק אָנגעקוקט און געזאָגט:

"אויך פאַר מיר זעט זי אויס צו זיין נאַטירלעך!"

הערצל פאַרלאָזט קאָנסטאַנטינאָפּאָל, נאָך זיין ערשטן געשפּרעך מיט דעם דייטשן קייזער, און פאָרט אָפּ קיין ארץ־ישראל, וווּ ער דאַרף האָבן אַ צווייטע אוידיענץ ביי ווילהעלם דעם צווייטן. זיין היסטאָרישע נסיעה קיין ארץ־ישראל מאַכט הערצל מיט גרויסע האָפענונגען און מיט אַ שטאַרקן ציטער. צו דער באַגעגעניש אויג־אויף־אויג מיט דעם אַלטן יידישן היימלאַנד, וווּ ער האָט זיין גרויסע אידעע ווידער אויפצוריכטן די יידישע מדינה, גרייט זיך הערצל שוין אַ לאַנגע צייט. די נייע אוידיענץ ביים קייזער דאַרף אים קלאָר מאַכן, וויפל הילף ער קאָן דערוואַרטן פון אים פאַר דעם פּלאַן פון אַ יידנשטאַט אין ארץ־ישראל אונטער אַ דייטשן פּראָטעקטאָראַט.

הערצל מאַכט די רייזע קיין ארץ־ישראל צוזאַמען מיט פיר

נאָענטע פריינד זיינע און געטרייע מיטאַרבעטער: דוד וואָלפ־סאָן; דר. מאַקס באָדענהיימער, איינער פון די ערשטע ציוניסטן אין דייטשלאַנד, פּרעזידענט פון קרן־קיימת לישראל פון 1907 ביז 1914; אינזשעניר יוסף זיידענער, אַ רוסישער ייד, וועלכער איז געפאָרן מיט אַ שליחות פון די "חובבי־ציון" קיין ארץ־יש־ראל שוין אין 1891, איז שפּעטער געוואָרן דירעקטאָר פון אַן אינזשענירן־פירמע אין ווין און האָט באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1920, זיך צוריקגעקערט קיין ארץ־ישראל און געוואָרן אַ תושב פון יידישן היימלאַנד, און דר. מאָזעס (מאָריץ) שנירער, אַ מעדיצינער, אַ געבוירענער אין בוקאַרעשט און געזוווינט אין ווין, האָט במשך פון אַ ריי יאָרן געהערט צום ענגערן ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט און געווען זייער אַקטיוו אין דער באַוועגונג. יעדער פון די פיר האָט איבערגענומען אויף זיך אַ באַזונדערע אויפגאַבע אין דער דאָזיקער היסטאָרישער נסיעה, וואָס האָט געהאַט אַ צווייפאַכן ציל: צו פירן די וויכטיקע פאַרהאַנדלונגען מיט דעם דייטשן קייזער און פאָרשן די באַציונ־גען אין ארץ־ישראל.

הערצל, וועלכער האָט צוגעגעבן דער דאָזיקער רייזע אַ גאָר באַזונדערס וויכטיקע באַדייטונג, האָט אין זיינע טאָג־ביכער פאַר־שריבן אויספירלעך זיינע שטאַרקע איבערלעבענישן אין די גרויסע טעג, ביים צוקומען צו די ברעגן פון יידישן היימלאַנד, און דערנאָך די באַגעגעניש מיטן דייטשן קייזער ביים טויער פון מקוה ישראל:

27סטן אָקטאָבער, 1898, אין ראשון לציון.

די לעצטע צוויי נעכט, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אויף דער קליינער שיף "רוסיאַ" (קומענדיק פון אַלעקסאַנדריע), זענען געווען שטאַרק הייסע, נישט צום אַריבערטראָגן. מיר זענען געווען זאַלבע פינף אין איין קאַ־בינעט. אַרום דריי פאַר טאָג בין איך שוין אַרויס אין דרויסן, אויף דער דעק.

די לאַנדונג האָט זיך אָנגעהויבן שטאַרק אומבאַקוועם, ווען מיר האָבן דערזען פאַר זיך יפו.

און אָט זענען מיר שוין געווען אין יפו!

ווידער אָרעמקייט און עלנט און היץ — אין לוסטיקע פּאַרבן.

מיר האָבן זיך דורכגעשלעפּט דורך די גאַסן צום האָטעל, ווייל עס איז נישט געווען מעגלעך צו קריגן קיין קאַרעטע. איך בין שוין געזעסן אויף אַ פערד, גרייט צו רייטן קיין ראשון (ראשון לציון). אָבער איך בין אַראָפּ־געגאַנגען, ווען דר. יפה האָט אונדז פאַרשאַפט אַ וואָגן צום פאָרן.

מיר זענען פריער געפאָרן — אין אַ שווידערלעכער היץ — קיין מקוה ישראל. דאָס איז אַן אויסגעצייכנטע לאַנדווירטשאַפטלעכע שולע. דער טויער איז באַצירט מיט פענער און באַפּוצונגען לכבוד דעם קייזער, וועל־כער וועט מאָרגן דאָ דורכפאָרן אויפן וועג קיין ירושלים. איך וועל פּרוּוון אים באַוועגן, אַז ער זאָל באַזוכן די אינסטיטוציע.

פון מקוה ישראל, דורך דער פאַרנאַכלעסיקטער אַראַבישער לאַנד־שאַפט — צום אַזוי פיל געלויבטן ראשון לציון. פאַר אַן אָרעם דאָרף איז עס נאָך נישט אַזוי שלעכט, אָבער יעדער, וועלכער דערוואַרט עפּעס מער, ווי אַן אָרעמע קאָלאָניע, וועט ווערן אַנטוישט. אַ טיפער שטויב אויף די וועגן, אַ ביסל גרינס.

די קאָלאָניסטן האָבן אונדז, אויף אַ צערעמאָניאַלן אופן, געוויזן די ווײַן־קעלערס. אָבער איך האָב קיין מאָל נישט געצווייפלט אין דעם, אַז מיט געלט קאָן מען אומעטום אויפבויען אינדוסטריע־אונטערנעמונגען.

הערצל האָט אַ נייע באַגעגעניש מיט דעם דייטשן קייזער, ביי דעם טויער פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער שולע מקוה ישראל, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך דער "אַליאַנס איזראַעליט" אין 1870. דאָס געשעעניש, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט פאַר די אויגן פון די קאָלאָניסטן פון יענער סביבה, איז אַריין אין דער געשיכטע פון נייעם ארץ־ישראל.

29סטן אָקטאָבער, 1898, ירושלים.

מיר זענען נעכטן פאַר מיטאָג אַוועקגעפאָרן פון ראשון־לציון. אַ האַלבע שעה וועג פון דאָרט געפינט זיך דאָס יידישע דאָרף וואַד־על־כאַנין. דאָרט איז די גאַנצע באַפעלקערונג אַרויסגעקומען אונדז אַנטקעגן, אויפצונעמען אונדז. די קינדער האָבן געזונגען, אַן אַלטער מאַן האָט מיך באַגריסט

מיט ברויט און זאַלץ און ווייַן פֿון אייגענעם באָדן. איך האָב געמוזט באַ־זוכן כמעט אַלע הייזער פֿון די קאָלאָניסטן.

מיר זענען ווייטער געפֿאָרן. אַ קאַוואַלקאַדע איז אונדז אַנטקעגנגעקומען מיט שטורעם פֿון דער קאָלאָניע רחובות. אַרום צוואַנציק יונגע בחורים האָבן אויסגעפֿירט אַ מין פֿאַנטאַזיע־טאַנץ, האָבן געזונגען העברעיִשע לי־דער און אַרומגערינגלט אונדזער וואָגן. וואָלפֿסאָן, שנירער, באָדענהיימער און איך האָבן געהאַט טרערן אין די אויגן, ווען מיר האָבן געזען די דאָזיקע פֿלינקע, מוטיקע רייטער. (אין וואָס מען קאָן פֿאַרוואַנדלען אונדזערע בחורים, די הענדלער מיט אַלטע הויזן). "הידד!" — האָבן זיי געשריגן און געשטורעמט אויף זייערע אַראַבישע פֿערדלעך, טראָגנדיק זיך ווי אַ ווינט איבערן גאַנצן פֿעלד. מיך האָט דאָס דערמאָנט די רייטערס פֿון דער ווייטער וועסט אין אַמעריקע, וועלכע איך האָב אַ מאָל געזען אין פּאַריז.

אין רחובות — נאָך אַ גרעסערער עולם. דאָס גאַנצע שטעטל האָט אונדז אָפּגעוואַרט. די קינדער האָבן געזונגען. מיט די מיטלען פֿון אָרעמע־לייט — אַ פֿירשטלעכער קבלת־פּנים.

אַרום נייַן אַ זייגער האָט אַ באַוועגונג אויפֿן שאָסיי, וואָס איז באַשטאַנען פֿון אַ געמישטן המון פֿון אַראַבישע בעטלער, פּרויען, קינדער און רייטער, אָנגעזאָגט דאָס אָנקומען פֿון קייזערלעכן פּאַראַד. טערקישע רייטער, וואָס האָבן אויסגעזען זייער ערנסט, זענען אָנגעקומען די ערשטע, מיט צע־לאָזטע בייטשן, דראָענדיקן וואָפֿן און נאָך מער דראָענדיקע בליקן. דאַן זענען אָנגעקומען די פֿאָדערשטע רייטער פֿון קייזער. און דערנאָך אין אַ גרויסער גרופּע מיט עטלעכע דאַמען — דער קייזער אַליין.

איך האָב געגעבן מיט דער האַנט אַ צייכן דעם שולע־כאָר פֿון מקוה־ישראל, אָנצוהייבן זינגען "הייל דיר אים זיגערקראַנץ". איך האָב זיך אַוועקגעשטעלט אויף איינער פֿון די אַקער־מאַשינען און האָב אַראָפּגענומען מיין קאָרקענעם הוט, וואָס האָט מיך באַשיצט קעגן דער זון. דער קייזער האָט מיך דערקענט שוין פֿון דער ווייטנס. ער האָט זיך אַ קליינעם רוק געטאָן, האָט אַ צי געטאָן זיין פֿערד אין דער ריכטונג צו מיר און איז געבליבן שטיין אַקעגנאיבער מיר. איך האָב אַ שטעל געטאָן צוויי

טריט פאַרויס. און ווען ער האָט זיך אַריבערגעבויגן איבערן האַלדז פון זיין פערד און האָט מיר אויסגעשטרעקט די האַנט, בין איך צוגעקומען זייער נאָענט צו אים, האָב אים אויסגעשטרעקט מיין האַנט, און אַזוי בין איך געבליבן שטיין פאַר אים מיטן אַנטבלויזטן קאָפּ.

ער האָט געלאַכט און האָט אַ בליק געטאָן צו מיר מיט זיינע קעניגלעכע אויגן.

— ווי גייט עס אייך ?

— אַ דאַנק, מאַיעסטעט. איך קוק אָן דאָס לאַנד. ווי איז געווען אייער מאַיעסטעטס רייזע ביז איצט ?

ער האָט געבלינצלט שטאַרק מיט די אויגן :

— זייער הייס. אָבער דאָס לאַנד האָט אַ צוקונפט.

— פאַרלויפיק איז עס נאָך קראַנק — האָב איך געזאָגט.

— וואַסער דאַרף דאָס לאַנד, פיל וואַסער — האָט ער געזאָגט, אַראָפּרעדנדיק צו מיר.

— יאָ, מאַיעסטעט! קאַנאַליזירונגען אין אַ גרויסן מאַסשטאַב!

ער האָט נאָך אַ מאָל געזאָגט: "עס איז אַ לאַנד פון דער צוקונפט!"

אפשר האָט ער געזאָגט נאָך עפּעס, וואָס איך האָב שוין פאַרגעסן, ווייל דאָס געשפּרעך האָט געדויערט עטלעכע מינוט. דאַן האָט ער ווידער אויסגעשטרעקט די האַנט צו מיר, און איז אין גאַלאָפּ אַוועקגעריטן. די קייזערין איז אויך צוגעריטן אַ ביסל אין פּראָנט און האָט שמייכלענדיק אַ בליק געטאָן צו מיר. די קייזערלעכע סוויטע איז דאַן געפאָרן ווייטער, באַגלייט פון דעם געזאַנג פון די קינדישע קולעכלעך "הייל דיר אים זיגערקראַנץ".

צווישן די רייטער אויף די פערד האָב איך דערקענט דעם הויף־מאַרשאַל אוילענבורג, וועלכער האָט מיך ליבנסווירדיק באַגריסט.

די מענטשן פון מקוה ישראל, וואָס האָבן זיך צוגעקוקט צו דעם, זענען געוואָרן אין גאַנצן צעחושט. אייניקע האָבן געפרעגט, ווער איז דאָס געווען. די ראָטשילדישע אַדמיניסטראַטאָרן האָבן געוואָרפן פאַרדריסלעכע בליקן.

דער בראַוווער וואָלפסאָן האָט אויפגעכאַפּט צוויי מאָמענט־פאָטאָגראַ־

פיעס פון דער סצענע. אַזוי וויניקסטנס האָט ער געגלייבט. ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן שטאָלץ אויף זיין קאָדאַק און געזאָגט: "דעם דאָזיקן פילם וועל איך נישט אוועקגעבן פאַר צען טויזנט מאַרק".

אָבער ווען מיר זענען געקומען קיין יפו צום פאָטאָגראַפיסט און האָבן געלאָזט אַנטוויקלען די פילמען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויף דער ערשטער אויפנאַמע קאָן מען זען נאָר דעם שאָטן פון קייזער און מיין לינקן פוס. דער צווייטער פילם האָט זיך אין גאַנצן נישט איינגעגעבן.

הערצל און זיינע באַגלייטער לאָזן זיך אַרויס אויף אַ שפּאַציר איבער ירושלים. ביים גיין איבער די אַלטע גאַסן פון דער אייבי־קער הויפּטשטאָט פון ישראל פאַלט איין הערצלען פאַרשידענע מחשבות און פּלענער וועגן דער צוקונפט פון ירושלים, ווען עס וועט אויפשטיין די באַנייטע יידישע מדינה.

ירושלים, 31סטן אָקטאָבער, 1898.

ווען איך וועל דיך להבא געדענקען, ירושלים, וועט עס נישט זיין מיט פאַרגעניגן.

די דומפּיקע אָפּפאַלן פון צוויי טויזנט יאָר, פול מיט אוממענטשלעכ־קייט, ליגן אויף דיינע גאַסן, פון וועלכע עס טראָגן זיך אַזעלכע שלעכטע ריחות. דער איינער מענטש, וואָס איז דאָ געווען די גאַנצע צייט, דער טרוימער פון נצרת, האָט דאָ גאָרנישט געטאָן, און נאָר בלויז פאַרגרע־סערט די שינאה.

אויב מיר וועלן אַ מאָל באַקומען ירושלים, און איך וועל נאָך דעמאָלט קאָנען עפּעס דורכפירן, וועל איך קודם־כל זען אויסצורייניקן די שטאָט.

אַלץ, וואָס איז נישט הייליק, וועל איך לאָזן אַפּרוימען. איך וועל אויפ־שטעלן דירות פאַר אַרבעטער מחוץ דער שטאָט. די נעסטן פון שמוץ וועל איך אויסרייניקן און אַרונטעררייסן. די נישט־הייליקע חורבות וועל איך פאַרברענען, און די באַזאַרן אַריבערטראָגן ערגעץ אַנדערש. און דאַן וועל איך, אָפּהיטנדיק ווי ווייט מעגלעך דעם אַלטן אַרכיטעקטור־סטיל, אויפ־בויען אַ קאָמפאָרטאַבעלע, לופטיקע, קאַנאַליזירטע נייע שטאָט אַרום די הייליקע מקומות.

היינט נאָך מיטאָג זענען מיר געווען אויפן הר הזיתים.

אַ גרויסער מאָמענט! וואָס מען וואָלט אַלץ נישט געקאָנט מאַכן פון דער דאָזיקער לאַנדשאַפט! אַ שטאָט ווי רוים, און פון הר הזיתים וואָלט געווען אַזאַ אויסבליק אויף דער שטאָט ווי פון דזשאַניקאָלאָ.

די אַלטע שטאָט מיט אירע הייליקע מקומות וואָלט איך אָפּגעשלאָסן. איך וואָלט פון דאָרט אַרויסגעצויגן דעם גאַנצן טאָג־טעגלעכן פאַרקער. נאָר די בתי־תפילהס און די צדקה־אינסטיטוציעס זאָלן פאַרבלייבן אינע־ווייניק צווישן די מויערן. און אויף די בערג אַרום אין אַ ווייטן קרייז, וואָס וואָלטן דורך אונדזער אַרבעט באַדעקט געוואָרן מיט גרינס, וואָלט אויפגעשטאַנען אַ הערלעך נײַ־ירושלים! דעם וועג צום הר הזיתים וואָלטן דורכגעפאָרן די עלעגאַנטסטע מענטשן פון אַלע טיילן פון דער וועלט. מיט דער געהעריקער זאָרג קאָן מען מאַכן אַ דימענט פון ירושלים. אַלע הייליקע מקומות זאָלן איינגעשלאָסן ווערן צווישן די אַלטע מויערן. און אַלץ, וואָס איז נײַ, וועט אויסגעשפּרייט ווערן פון דרויסן, אַרום דער אַלטער שטאָט.

מיר זענען אַרויפגעשטיגן אויף דעם רוסישן טורעם. איך — בלויז ביז דער ערשטער גאַלעריע, ווייל עס האָט מיר אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן. די אַנדערע זענען אַרויפגעגאַנגען ביז גאָר אויבן. אַן אומפאַר־גלייכלעכער אויסבליק אויפן עמק הירדן מיט זיינע בערג אַרום: דער ים המלח, די בערג פון מואב, די אייביקע שטאָט ירושלים.

הערצל ווערט ווידער אויפגענומען ביים דייטשן קייזער. וועגן דעם שרייבט הערצל:

ירושלים, 2טן נאָוועמבער, 1898.

אַכט מינוט נאָך איינס אַ זייגער.

מיר זענען שוין ווידער צוריק פון דער אוידיענץ.

דער דאָזיקער קורצער קבלת־פּנים וועט פאַרבלייבן אין דער יידישער געשיכטע אויף אייביקע צייטן. און עס איז נישט אוממעגלעך, אַז ער וועט אויך האָבן היסטאָרישע קאָנסעקווענצן.

אָבער ווי פּראָסט און פּשוט זענען די איינצלהייטן פון דעם גאַנצן געשעעניש.

אין דער ברענענדיקער זון פון אַרום האַלבן טאָג און אין דעם ווייסן שטויב זענען מיר געפאָרן צו די געצעלטן פון קייזער און זיינע באַגליי־טער. אַ פּאָר יידן אויף די גאַסן האָבן אונדז אָנגעקוקט, ווען מיר זענען פאַרבייגעפאָרן. ביים אַריינגאַנג האָט די טערקישע וואַך זיך געוואַקלט, איידער זי האָט אונדז דורכגעלאָזט.

דאַן האָט מען אונדז אַריינגערופן צום קייזער.

די פיר מענער זענען אַריינגעקומען הינטער מיר אין דעם ברייטן געצעלט. איך האָב געפרעגט, צי איך דאַרף זיי פאָרשטעלן, און דער קייזער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז איך זאָל עס טאָן. יעדעס מאָל, ווען עס איז אויסגערופן געוואָרן אַ נאָמען, האָט ער צוגעלייגט זיין האַנט צום ראַנד פון זיין העלם.

דאַן האָב איך אויף איין בליק, וואָס איך האָב אויסגעטוישט מיט בילאָוון (קייזער ווילהעלמס אויסערן־מיניסטער) אַרויסגענומען מיין פּאַ־פּיר און געלייענט, אין אָנהייב מיט אַ געדעמפטער און אַ ביסל ציטערנ־דיקער שטים, און ביסלעכווייז לייכטער און פרייער. פון צייט צו צייט האָב איך אַרויסגעקוקט פון פּאַפּיר און אַרויפגעהויבן מיינע בליקן צום קייזער. איך האָב געזען, ווי ער האַלט שטאַרק אָנגעשטעלט זיינע אויגן אויף מיר.

נאָך דעם, ווי איך בין פאַרטיק געוואָרן, האָט גערעדט דער קייזער. ער האָט געזאָגט בערך אָט־וואָס:

„איך דאַנק אייך פאַר אייערע מיטטיילונגען, וועלכע האָבן מיך זייער אינטערעסירט. די פראַגע דאַרף אין יעדן פאַל נאָך גענויער שטודירט ווערן און דיסקוטירט ווערן מער אויספירלעך. דאָס לאַנד בייטיקט זיך פריער פון אַלץ אין וואַסער און אין שאָטן".

ער האָט באַנוצט עטלעכע עטנישע אויסדרוקן אויפן געביט פון לאַנד־ווירטשאַפט און וואַלד־פלאַנצונג. ער ווייסט — האָט ער געזאָגט — פון דעם, וואָס ער האָט געזען און באַטראַכט, אַז דעם באָדן קאָן מען באַפרוכ־פערן.

„די קאָלאָניעס, וועלכע איך האָב געזען, סיי פון די דייטשן און סיי פון

אייערע לאַנדסלייט, קאָנען דינען אַלס מוסטער פון דעם, וואָס מען קאָן מאַכן פון דעם לאַנד. דאָס לאַנד האָט פלאַץ פאַר אַלע. איר דאַרפט בלויז שאַפן וואַסער און שאָטן. אויך פאַר דער איינגעבוירענער באַפעלקערונג וועט די אַרבעט אין די קאָלאָניעס קאָנען דינען אַלס אַ ביישפּיל, וואָס דאַרף נאָכגעטאָן ווערן. אייער באַוועגונג, וועלכע איך קען גענוי, האָט אין זיך אַ געזונטן געדאַנק״.

באַלד נאָך דעם, ווי ער האָט פאַרענדיקט זיין אָפיציעלן ענטפער, האָט ער מיר אויסגעשטרעקט די האַנט. אָבער ער האָט אונדז נאָך נישט גע־לאָזן אַוועקגיין, נאָר האָט מיך אַריינגעצויגן אין אַ געשפרעך מיט בילאָוון:

— הער פאָן בילאָוון קענט איר דאָך?

— צי איך קען פאָן בילאָוון! ער, וועלכער האָט מיין גאַנצע רעדע נאָכגעפאָלגט מיט זיין פינגער אויף דער קאָפּיע פון דעם דאָקומענט, וועלכן איך האָב איבערגעלייענט, — האָט זיס געשמייכלט. מיר האָבן גערעדט וועגן דער רייזע.

דער קייזער האָט געזאָגט: ״מיר האָבן גראַד אָנגעטראָפן אויף דער הייסטער צייט. אין דעם טאָג, ווען מיר האָבן זיך געזען, איז געווען אַמ־ערגסטן. ביי רמלה האָבן מיר געמאָסטן די טעמפּעראַטור. איין און דרייסיק גראַד אין שאָטן, איין און פערציק אויף דער זון״.

בילאָוו האָט געזאָגט מיט אַ זיסער שטים: ״ווי זיין מאַיעסטעט דער קייזער איז געווען גענוג גענעדיק צו זאָגן: איז וואַסער די הויפּטזאַך. הער הערצל וועט וויסן בעסער פון מיר, וואָס דער גריכישער פּאָעט האָט געזאָגט: ״וואַסער איז די בעסטע זאַך״.

— דאָס קאָנען מיר אַריינברענגען אין לאַנד. עס וועט קאָסטן מיל־יאַרדן. אָבער עס וועט אויך אַריינברענגען מיליאַרדן — האָב איך גע־ענטפערט.

״נו, געלט האָט איר דאָך גענוג״ — האָט דער קייזער אויסגערופן מיט אַ לוסטיקן טאָן, און האָט מיט זיין רייטער־בייטש זיך אַ קלאַפּ געטאָן אין די שטיוול — ״איר האָט מער געלט, ווי מיר אַלע״.

בילאָוו האָט נאָך גענומען אויסברייטערן דעם פּונקט: ״יאָ, דאָס געלט, וואָס מאַכט אונדז אַזוי פיל שוועריקייטן, האָט איר גאַנץ היפשלעך״.

איך האָב דאַן אָנגעוויזן, וואָס מען וואָלט געקאָנט אויפטאָן מיט דער וואַסערקראַפט פון ירדן, און האָב אַריינגעצויגן אין געשפּרעך זיידענערן, אַלס אַן אינזשעניר.

זיידענער האָט גערעדט וועגן דאַמבעס אאַז״וו. דער קייזער האָט זיך גערן אַריינגעמישט אין דער דיסקוסיע און האָט ווייטער אַנטוויקלט די אידעע. ער איז אַריבערגעגאַנגען צו רעדן וועגן די באַדינגונגען פון געזונט־צושטאַנד, וועגן די אויגן־קראַנקייטן א״אַ, וואָס פאַרשפּרייטן זיך באַזונדערס אין דער צייט, ווען מען נעמט אַראָפּ די פייגן. דאָ האָב איך אַריינגעצויגן שנירערן אין געשפּרעך, און ער האָט גערעדט וועגן דעם קורץ.

וואָלפסאָנען און באָדענהיימערן האָב איך נישט געקאָנט אַריינקריגן אין געשפּרעך, ווייל דער קייזער האָט געשלאָסן די אודיענץ, אויסשטרע־קנדיק מיר נאָך אַ מאָל די האַנט.

ביים אַוועקגיין האָב איך זיך אָנגערופן צו שנירערן (אויף פראַנצויזיש): ״ער האָט נישט געזאָגט נישט ״יאָ״ און נישט ״ניין״.

די גרויסע האָפענונגען, וואָס הערצל האָט געלייגט אויף זיין אודיענץ ביים דייטשן קייזער, זענען גיך צערונען געוואָרן. צוריק־קומענדיק קיין ווין פון דער רייזע קיין טערקיי און ארץ־ישראל, האָט הערצל זיך אויך דערוווּסט, אַז וועגן זיינע געשפּרעכן מיטן דייטשן קייזער איז זייער ווייניק באַריכטעט געוואָרן אין דער אייראָפּעישער פּרעסע. די קעגנער פון דער יידנשטאַט־אידעע האָבן געטאָן אַלץ צו מינימיזירן די באַדייטונג פון דער פּאָלי־טישער אַקציע, וואָס הערצל און זיינע פריינד האָבן אונטער־גענומען.

דערווייל זענען צוגעקומען אַנדערע שוועריקייטן. די ציוניס־טישע באַוועגונג האָט לויט הערצלס באַגריף זיך אַנטוויקלט אין אַ צו שוואַכן טעמפּאָ. די אַקציעס פון דער יידישער קאָלאָניאַל־באַנק זענען ווייניק פאַרקויפט געוואָרן. דער אָפיציעלער פאַרקויף פון די אַקציעס האָט זיך אָנגעהויבן, אָבער דער אָפּרוף איז געווען אַ שוואַכער. און דערווייל נישט אַזוי, ווי מען האָט געהאָפט און דערוואַרט.

ווין, 29סטן מערץ, 1899.

היינט אין דער פרי האָב איך באַקומען אַ דעפעשע פון דער קאָלאָניאַל־באַנק פון לאָנדאָן, וואָס האָט מיך שטאַרק דערשלאָגן.

די רעזולטאַטן פון ערשטן טאָג פון דער סובסקריפּציע זענען — אַכט טויזנט אַקציעס.

איך בין איצט אין איינער פון יענע שטימונגען, אין וועלכע פּאָוסט האָט זיך געפונען, ווען ער איז געווען גרייט צו פאַרקויפן זיין נשמה דעם טייוול אונטער יעדן אָפּמאַך. אויב עמעצער וואָלט מיר היינט פאַרזיכערט דעם דערפאָלג ביים פאַרקויף פון די אַקציעס, וואָלט איך אים דערפאַר גלייך פאַרקויפט צען יאָר פון מיין לעבן.

הערצל מאַכט אַ נייע רייזע וועגן די ענינים פון דער ציוניסטי־שער באַוועגונג.

25סטן אַפּריל, 1899, אין באַן־וואַגאָן.

קיין מאָל איז נאָך אַזאַ שווערע אויפגאַבע, ווי אונדזערע, נישט אונטער־גענומען געוואָרן מיט אַזעלכע נישט־גענוגנדיקע מיטלען.

מאָרגן מוז איך ווידער בעטן אַנטשולדיקונג ביי מיינע "באַלעבאַטים" פאַר דעם אורלויב, וועלכן איך האָב מיר גענומען אָן זייער דערלויבעניש צו מאַכן די רייזע. ווער ווייס, ווי לאַנג זיי וועלן מיך נאָך לאָזן מאַכן אַזעלכע קונצן מיט אַוועקפאָרן?

די באַוועגונג פאַרלאַנגט פון מיר, אַז איך זאָל כסדר אַרומפאָרן. און עס איז נישט קיין שום צווייפל, אַז די "נייע פרייע פרעסע" קאָן מיך אָפּ־זאָגן פון דער שטעלע פאַר נישט דערפילן מיינע רעדאַקציע־פליכטן "ביי דעם גאַנצן רעספּעקט פאַר מיינע מיינונגס פאַרשידנקייטן". דער דאָזיקער נעבעכדיקער קאָנפליקט וועגן מיינע פליכטן מאַכט מיך מיד, צערודערט מיינע נערוון און מאַכט אַ תל פון מיר — אַ סך מער, ווי אַלע אַנדערע זאַכן.

הערצל האָט אַ נייע אידעע. ער פאָרט צו דער קאָנפערענץ, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן אין האַג אויף דער איניציאַטיוו

פון רוסישן צאַר פאַר פאַרזיכערן דעם שלום אין דער וועלט. ער גלייבט צו באַגעגענען אין דער האָלענדישער הויפּטשטאָט שטאָט־לייט, וועלכע ער וועט קאָנען געווינען פאַר דעם יידנשטאַט־פּלאַן. און בעיקר ביים צאַר, און קריגן די הילף פון רוסלאַנד ביים סולטאַן נאָך דעם, ווי פון זיינע באַמיונגען ביים דייטשן קייזער האָט זיך גאָרנישט אויסגעלאָזט.

האַג, 19טן יוני, 1899.

ווען איך וואָלט געווען איינער פון דער באַוועגונג, וואָלטן מיר די דאָזיקע טעג אין האַג געגעבן אַ סך מאַטעריאַלן פאַר מיינע טאָג־ביכער. אָבער איך בין שוין אַנטשפּאַנט און האָב שוין פאַרלוירן אַ סך פון מיין חוש פאַר די אַלע קאָמפּן און אַוואַנטורעס.

דאָס דערקלערט דעם פאַקט, פאַר וואָס מענטשן, וועלכע טוען אַליין און לעבן איבער אַ סך מערקווערדיקע זאַכן, שרייבן זייער זעלטן און עפּעס מערקווערדיקס.

איך בין געקומען אַהער, ווייל די באַראָנעסע בערטאַ פאָן זוטנער * איז דאָ און זי קאָן מיך צונויפפירן מיט עמעצן פון דעם צאַרס מענטשן.

גלייך דעם ערשטן אָוונט האָב איך דורך איר זיך באַקענט מיט דעם רוסישן רעגירונגס־ראַטגעבער בלאָך **, וועלכער האָט געגעבן דעם צאַר די דאָזיקע אידעע וועגן דער שלום־קאָנפערענץ. אַ קלוגער, געבילדעטער, אַלטער יידישער סוחר. ער האָט מיך פאַראינטערעסירט. און ווי עס ווייזט אויס, האָב איך אויך אים פאַראינטערעסירט.

אויף דער צוריקרייזע פון האַג קיין ווין האָט הערצל זיך אָפּגעשטעלט אין פּאַריז.

פּאַריז, 19טן יוני, 1899, אין האָטעל קאַסטיל.

צוליב אַ געפיל פון פּיעטעט שטעל איך זיך נאָך אַלץ אָפּ אין דעם

* באַקאַנטע קעמפערין קעגן אַנטיסעמיטיזם און איניציאַטאָרין פון אַ באַוועגונג פאַר אינטערנאַציאָנאַלן שלום. האָט באַקומען דעם נאָבל־פּרייז פאַר שלום אין 1905. האָט אַ סך געהאָלפן הערצלען אין דער פּאָליטישער אַרבעט פאַר דער יידנשטאַט־אידעע.

** יאַן בלאָך, אַ משומד, האָט געשטאַמט פון אַ פּויליש־יידישער משפּחה. געווען אַ באַקאַנטער עקאָנאָמיסט; כאָטש ער האָט זיך געשמדט, האָט ער זיך אינטערעסירט מיטן גורל פון יידן.

אַלטן האָטעל, ווו איך האָב מיט פיר יאָר צוריק געשריבן מיין "יידנשטאַט". וואָס פאַר אַ וויטער וועג זינט דעמאָלט! אָבער אויך וואָס פאַר אַ פאַר־מאַטערטקייט. פון מיין האַרץ איז געוואָרן אַ תל. איך לייד פון האַרץ־קלעמעניש.

הערצלס צערודערונג האַלט אָן ווייטער. אָנהייב אויגוסט, ווען עס דערנענטערן זיך די טעג פון דריטן ציוניסטישן קאָנגרעס, שרייבט אַריין הערצל אין זיין טאָגבוך:

ווין, 6טן אויגוסט, 1899.

דער הויפּט־כלל פון מיין לעבן: ווער עס וויל ענדערן מענטשן, מוז ענדערן די באַדינגונגען פון זייער לעבן.

מיין צוואה פאַרן יידישן פאָלק: מאַכט אייער מדינה אַזוי, אַז דער פרעמדער זאָל זיך פילן גוט ביי אייך.

11טן אויגוסט, 1899, אויפן וועג צום דריטן ציוניסטישן קאָנגרעס.

אין די אַלע טעג באַשעפטיקט מיך נאָך מער, ווי מיין נאָך נישט צו־געגרייטע קאָנגרעס־רעדע, און דער קאָנגרעס אַליין, און די פירשטן, און מיינע שקלאַפן־טרייבער פון דער "נייע פרייע פרעסע" — דער פּלאַן פון מיין נייער דראַמע "די זינדיקע מאַמע", וועלכע אַנטציקט מיין געדאַנק.

21סטן אויגוסט, 1899, צוריקפאָרנדיק פון באַזעל, פון דריטן קאָנגרעס.

אין באַן־וואַגאָן, הינטער זאַלצבורג. דער קאָנגרעס איז דורכגעגאַנגען גלאַטיק. ווידער איז דערגרייכט געוואָרן אַ גוטע שטימונג — וועלכע וועט איצט ווידער ביסלעכוויז גיין פאַרלוירן. אָבער די ווייטערדיקע אַרבעט איז דאָס מאָל געמאַכט געוואָרן לייכטער דורך אַ פאַרטרוילעכער הלוואה אויפן חשבון פון די קומענדיקע שקלים. דער בראַוועד שאַליט פון ריגע, באַרבאַש, דר. קאַצענעלסאָן און זאַקס * האָבן אונדז צוגעזאָגט יעדער

* פיר איבערגעגעבענע פריינד פון הערצלען און געטרייע ציוניסטן: דר. לעאָן שאַליט פון ריגע; ס. באַרבאַש פון אָדעס, איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער יידישער קאָלאָניאַל־באַנק; דר. ניסן קאַצענעלסאָן, אַ זייער פּראָמינענטע פערזענלעכקייט אין רוסישן יידנטום, אין די שפּעטערדיקע יאָרן — הערצלס פאַרטרויונגס־מאַן אין רוס־לאַנד; און ש. י. זאַקס פון דווינסק, אַ דעלעגאַט צום ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס.

איינער צו פינף טויזנט קראָן, בכדי איך זאָל קאָנען אָננעמען שריט אין טערקיי און צוזאָגן אַ באַלדיקן ״באַקשיש״.

און איצט נאָך דעם, ווי איך האָב ווידער אַ מאָל אַ וואָך צייט פאַרזוכט דאָס געפיל פון זיין פריי און פון זיין מיין אייגענער באַלעבאָס, מוז איך זיך ווייטער צוריקקערן צו דער מיאוסער קנעכטשאַפט ביי דער ״נייע פרייע פרעסע״, ווו איך טאָר נישט האָבן מיין אייגענע מיינונג. דאָס איז די פראַגע פון אַ פּאָר נעבעכדיקע טויזנט גילדן, וואָס איך טאָר נישט אויפגעבן אַלס אַ פאָטער פון אַ משפחה.

ווין, 29סטן אויגוסט, 1899.

מיין אַרבעט וועט אויסזען אַ סך ווונדערלעכער, ווען מענטשן וועלן זיך דערוויסן מיט וואָס פאַר אַ שווערע געלט־זאָרגן מיר קומט אויס צו קעמפן אַלס אַ רעזולטאַט פון מיינע באַמיונגען פאַרן ציוניזם.

ווין, 30סטן אויגוסט, 1899.

ווען איך בין געזעסן היינט אין אָמניבוס, וואָס האָט מיך געפירט קיין וועירינג און האָט זיך שווידערלעך געשלעפּט, איז מיר איינגעפאַלן דער נאָמען פון מיין ציון־ראָמאַן: ״אַלט־ניי־לאַנד״.

דער איינפאַל איז מיר געקומען פון דעם נאָמען פון דער פראָגער אַלט־ניי־שול.

עס וועט ווערן אַ באַרימט וואָרט.

די אַלע דאגות און שווערע שטימונגען פירן נישט אַראָפּ הערצלען פון דעם וועג פאַר די ווייטערדיקע פּאָליטישע אָנשטרענ־גונגען דורכצוזעצן די פאַרווירקלעכונג פון דער יידנשטאַט־אי־דעע. הערצל האָט אין ווין אַ באַגעגעניש מיט דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון אויסערן־מיניסטריום פון טערקיי, נורי בעי. ער באַנייט אויך זיינע באַמיונגען צוצוקומען צום רוסישן צאַר אין דער זעלבער צייט, ווען ער נעמט אונטער שריט ביי די שטאַטס־לייט פון טערקיי.

אַ וויכטיקע געלעגנהייט רוקט זיך אונטער הערצלען, ווען אויף דער רייזע פון וואַשינגטאָן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל שטעלט זיך

אָפּ אין ווין דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין טערקיי, אָסקאַר שטראַוס, דער באַרימטער אַמעריקאַנער יידישער שטאַטסמאַן און דיפּלאָמאַט; דער ערשטער ייד אין אַמעריקע, וועלכער איז — אין טעאָדאָר רוזוועלטס אַדמיניסטראַציע — געווען אַ מיטגליד פון פּרעזידענטס קאַבינעט. אָסקאַר שטראַוס איז באַשטימט געוואָרן אַלס אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין טערקיי נאָך דורך פּרעזידענט קליוולאַנד, אין יאָר 1887, און ער האָט פאַרנומען דעם דאָזיקן אַמט אין משך פון פיל יאָרן, האָבנדיק אַ שטאַרקן איינפלוס אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

הערצל האָט באַטראַכט פאַר זייער וויכטיק צו האָבן אַ געשפּרעך מיט דעם אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אָסקאַר שטראַוס. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט הערצל אויך געהאַט אַ פּלאַן צו פאָרן צו רוזוועלט.

ווין, 29סטן דעצעמבער, 1899.

נעכטן האָב איך געהאַט אַ געשפּרעך מיט דעם אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין טערקיי, אָסקאַר שטראַוס, וועלכער איז דורכגעפאָרן דורך ווין. ער האָט מיך איינגעלאַדן אין אָוונט צו זיך אין האָטעל "אימפּעריאַל".

ער איז אַ מאַן פון מיטעלער גרייס, מיט אַ רויטלעך דינער באָרד, אַ נאָז מיט אַ האָקן, שיטערע האָר. אַכט און פערציק יאָר אַלט, טרוקן, קלוג — און דאַן סימפּאַטיש, באַלד אין ערשטן מאָמענט, אַ דאַנק זיינע הערלעכע אויגן.

נאָך פינף מינוט זענען מיר שוין געווען היימיש, הגם ער האָט מיר באַלד אין אָנהייב געזאָגט, אַז איך האָב אַ רעפּוטאַציע פון זיין נישט־דיסקרעט. אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין פאַראיבל אויף מיר צוליב מיין אומפאָרזיכטיקייט. ווייל אין אַזעלכע גרויסע זאַכן קאָן מען אָפט נישט שוינען די פּערזענלעכע אַמביציעס און סענטימענטן פון מענטשן. ער אַליין איז פאַר, און נישט קעגן דעם ציוניזם ווייל ער איז אַן אָפּיציעלע פּערזאָן.

ער האַלט, אַז ארץ־ישראל וועט זיין אוממעגלעך צו באַקומען. די גריכישע און אויך די רוימיש־קאַטוילישע קירכעס וועלן נישט דערלאָזן,

אַז מיר זאָלן קריגן ארץ־ישראל. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך באַטראַכט בלויז רוים פֿאַר אַן ערנסטן קעגנער.

שטראַוס איז פֿאַר מעסאָפּאָטאַמיע. ער האָט געוווּסט, אַז מיט אַ צייט צוריק איז געשיקט געוואָרן צו מיר אַ בראָשור וועגן מעסאָפּאָטאַמיע פֿון סיירוס אַדלערן, לויטן אויפֿטראָג פֿון עטלעכע פֿריינד — מאיר סולצבערגער און עטלעכע אַנדערע פֿון ניו־יאָרק. מעסאָפּאָטאַמיע וועט מען קאָנען דערגרייכן. די קירכעס וועלן זיך נישט אַנטקעגנשטעלן. און מעסאָפּאָטאַמיע איז די ערשטע אור־אַלטע היים פֿון ישראל. אברהם אבינו איז געקומען פֿון דאָרט. אַזוי אַרום האָבן מיר אויך אַ מין משיחישע, טראַדיציאָנעלע צוגעבונדנקייט צו דעם לאַנד.

עס איז געווען די זעלבע סטראַטעגיע, וואָס נורי (גענעראַל־סעקרעטאַר פֿון טערקישן אויסערן־מיניסטעריום) האָט באַנוצט. אַרטין פּאַשאַ, אַ הויכער באַאַמטער ביים סולטאַן, האָט מיר אויך געשריבן אין דעם זעלבן זין, האַנדלענדיק — ווי איך שטויס זיך איצט אָן — לויט די אָנווייזונגען פֿון שטראַוסן, וועלכער האָט געוווּסט וועגן מיינע בריוו צו אַרטינען. שטראַוס האָט זיך אויסגעדריקט אויף דעם ערגסטן אופֿן וועגן דער באַנדע, וואָס דרייט זיך אַרום אין און נעבן דעם סולטאַנס פּאַלאַץ. די מיניסטאָרן זענען אידיאָטן און פּחדנים. דער סולטאַן האַלט די גאַנצע מאַכט אין זיינע אייגענע הענט. דער סולטאַן וועט נישט אַוועקגעבן קיין נאָגל פֿאַר קיינעם אין טערקיי, אָדער פֿאַר וועלכע עס איז רייד וועגן "מענטשהייט" אָדער דאָס גלייכן. יאָ, אויב ער וואָלט געקאָנט זען די פֿאַרב פֿון עפּעס געלט אָדער אַנדערע מאַטעריעלע נוצן אין דער זאַך, וואָלט מען אים אפֿשר געקענט געווינען. פֿאַרהאַנדלונגען מיט עמעצן אַנדערש האָבן קיין שום ווערט נישט. אָדער מיט דעם סולטאַן, אָדער מיט קיינעם נישט.

שטראַוס איז שטאַרק צוגעשטאַנען צו מיר, איך זאָל אים אָנרופֿן דעם נאָמען פֿון מיין פֿאַרמיטלער ביים סולטאַן. איך האָב געשוויגן און נישט אויסגעזאָגט, גיבנדיק אים אויף דעם אופֿן אַ באַווייז פֿון מיין דיסקרעציע. ער האָט גענומען טרעפֿן, צי דאָס איז דער אָדער אַן אַנדערער. איך האָב אים געלאָזט אָנגיין מיט זיינע סברות.

מיר זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען ווי פריינד. איך האָב אַרויסגע־קראָגן פון אים אַ צוזאָג, אַז ער וועט מיר שיקן פון צייט צו צייט אָנדיי־טונגען, וואָס זאָלן מיר קענען ברענגען נוצן. דערביי וועט ער זיך אונ־טערשרייבן מיט דעם פּסעוודאָנים "מעסאָפּאָטאַמיקוס".

ווידער פאַרנעמט זיך הערצל אומדערמידלעך מיט די פּראָב־לעמען פון דער יידישער קאָלאָניאַל־באַנק, וואָס קריגט אַריין ווייניק פאָנדן. דער פאַרקויף פון די אַקציעס איז אַלץ נאָך אַ שוואַכער. אַ געוויסע צייט האָט הערצל געלייגט האָפענונגען אויף דעם גרויסן טעקסטיל־פאַבריקאַנט אין לאָדזש, ישראל קלמן פּאָז־נאַנסקי, וועלכער האָט צוגעזאָגט צו קויפן אַקציעס פון דער באַנק פאַר אַ גרויסער סומע. אָבער פון די פאַרהאַנדלונגען מיט אים איז גאָרנישט געוואָרן.

אין דער זעלבער צייט גייט אָן הערצל מיט זיין דיפּלאָמאַטישער אַרבעט נישט רוענדיק טאָג און נאַכט און זוכנדיק נייע וועגן צו ווירקן אויפן טערקישן סולטאַן פאַר אַרויסקריגן ביי אים דעם "טשאַרטער" אויף ארץ־ישראל. אָבער אויך זיינע שווערע פער־זענלעכע דאגות לאָזן נישט אָפּ הערצלען אויף קיין איין מינוט.

וויך, 17טן מערץ, 1900.

מיט די אַלע זאַכן אין מיין קאָפּ דאַרף איך נאָך היינט גיין אין רע־דאַקציע אָנצושרייבן אַ קורץ, לייכט אַרטיקעלע וועגן דער מאָדע־אויס־שטעלונג פאַר דער "נייע פרייע פּרעסע". אַ קלאָון און אַ פּירער אין איין פּערזאָן.

משה רבנו האָט עס געהאַט לייכטער.

דער דייטשער קייזער האָט פולשטענדיק אַנטוישט. די האָפע־נונגען, וואָס הערצל האָט אַרויפגעלייגט אויף ווילהעלם דעם צווייטן, האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. די רייזע קיין קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל און ארץ־ישראל, די צוויי אוידיענצן ביים דייטשן קייזער, דאָס באַגעגענען זיך פּנים אל פּנים מיט דעם אַלטן און נייעם יישוב אין יידישן היימלאַנד — זענען געווען טיפע איבער־לעבענישן ביי הערצלען און ביי זיינע באַגלייטער. זיי זענען פאַר־

בליבן היסטאָרישע געשעענישן אין דער אַנטוויקלונג פון ציוניזם. אָבער דער גרויסער פּאָליטישער ציל, וועלכן הערצל האָט פאַר־בונדן מיט אָט די וויכטיקע שריט, איז נישט דערגרייכט געוואָרן.

צום ערשטן מאָל פאַר דער גאַנצער גלות־געשיכטע האָבן יידי־שע פירער זיך געטראָפן מיט אַ מעכטיקן מאָנאַרך, אַ הערשער פון אַ גרויס לאַנד אין אייראָפּע און מיט אים פאַרהאַנדלט וועגן זיין הילף ווידער אויפצוריכטן די יידישע מדינה נאָך קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר, זינט דאָס יידישע פאָלק האָט פאַרלוירן זיין נאַציאָ־נאַלע אומאָפּהענגיקייט. אָבער פון די פאַרהאַנדלונגען איז גאָר־נישט געוואָרן. הערצלס באַגלייטער זענען געבליבן שטאַרק צערו־דערט, אַריינפאַלנדיק אין אַ שטימונג פון דערשלאָגנקייט און פאַרצווייפלונג. דאָס איז אָבער נישט געשען מיט הערצלען. ער אַליין האָט זיך געפילט גאַנץ אַנדערש.

"מיינע רייזע־חברים זענען געווען שטאַרק דערשלאָגן. און מער פון אַלע — באָדענהיימער. אָבער אויך דער געטרייער וואָלפסאָן איז אַראָפּ־געפאַלן ביי זיך.

איך האָב געהויבן זייער מאָראַל. איך האָב געזאָגט צו זיי: איצט זעט איר, פאַר וואָס איך בין דער פירער, איך גיב אייך כסדר באַווייזן, פאַר וואָס איך בין באַרעכטיקט צו פאַרנעמען די פּאָזיציע. איך בין נישט בעסער אָדער קליגער פון יעדן פון אייך. אָבער איך בלייב שטאַרק, נישט דערשיטערט. און דערפאַר קומט מיר צו זיין דער פירער. אין פינצטערע מאָמענטן, ווי איצט, האָב איך נישט פאַרלוירן דעם מוט. פאַרקערט — איך האָב אונטערגענומען גרעסערע שריט און געבראַכט מער קרבנות".

הערצל פאָרט אַוועק אויף אַ נייעם באַזוך ביים גרויסהערצאָג פון באַדען, וועלכער איז געווען דער ערשטער פון די געקרוינטע הערשער אין אייראָפּע צו פאַראינטערעסירן זיך מיט דער יידנ־שטאַט־אידעע. הערצל האָט מיט אים אַ וויכטיק געשפּרעך, וואָס גיט אים די מעגלעכקייט אַריינצולאָזן זיך אין אַ נייער גרויסער פּאָליטישער אָפּענסיווע פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניס־טישן ענד־ציל.

18טן אַפּריל, 1900. אין וואַגאָן צווישן קאַרלסרוהע און פּאַריז.

ווידער בין איך געווען אין קאַרלסרוהע ביים גוטן גרויסהערצאָג. מיין היינטיקער געשפּרעך מיט אים איז אין פּאָליטישן זין געווען דאָס אינ־טערעסאַנטסטע פון אַלע, וואָס איך האָב געהאַט מיט אים אין פאַרלויף פון די יאָרן — פּונקט אַזוי, ווי עס האָט געהאַט די קלענסטע באַדייטונג, וואָס איז שייך די רעזולטאַטן. יאָ, עס איז געווען פּשוט אַן אָפּזאָג פון דער דייטשער זייט.

אָבער אַ שטראַל פון ליכט אין דער דאָזיקער לאַגע קאָן זיין דער קומענדיקער באַזוך פון קייזער פראַנץ יאָזעף אין בערלין.

"אין דער צייט, ווען מיר האָבן איצט נישט די מעגלעכקייט צו רע־קאָמענדירן אייך אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל — האָט דער גרויסהערצאָג גע־זאָגט — איז עסטרייך אין אַ גאַנץ גוטער לאַגע דאָס צו טאָן. נאָך זיין צוריקקומען פון בערלין וועט די רעקאָמענדאַציע פון עסטרייכישן קיי־זער זיין פיל שטאַרקער און וואָגיקער, ווי זי וואָלט געווען ווען עס איז פריער, און אויך איצט. די ביידע קייזערס פון צענטראַל־אייראָפּע האָבן איצט נאָך אַ גרעסערע באַדייטונג".

אָבער דייטשלאַנד וועט ביי קיין שום באַדינגונגען נישט וועלן זיך אַליין אַרויסשטעלן אין דער פראַגע, און דער דייטשער אַמבאַסאַדאָר (אין ווין) קאָן וועגן דעם גאָרנישט טאָן.

איך דאַרף זען, אַז עסטרייך זאָל מיך רעקאָמענדירן צום סולטאַן. זינט דער געשיכטע מיט דער באַגדאַדער באַן האָט רוסלאַנד באַקומען די אויבער־האַנט אין טערקיי. עס וואָלט געווען מעגלעך צו געבן צו פאַר־שטיין דעם סולטאַן, אַז עס איז בעסער פאַר אים נישט צו פאַרלאָזן זיך בלויז אויף איין פריינד (דייטשלאַנד), וואָס פאָדערט פאַר זיך אַזעלכע קאָנצעסיעס. איצט איז דער רוסישער איינפלוס אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל דער שטאַרקסטער.

"ווען וועט איר פאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל ?" — האָט דער גרויס־הערצאָג מיך ענדלעך געפרעגט.

"איך ווייס נאָך נישט, אייער קעניגלעכע הויכקייט ! פריער וועל איך פאָרן קיין לאָנדאָן. איך וועל פּרווון האָבן אַ געשפּרעך מיט לאָרד סאָ־

ליסבורין (ענגלישער אויסערן־מיניסטער, שפּעטער — פּרעמיער). אויב די דרום־אַפריקאַנער זאָרגן לאָזן נאָך איבער אין זיין קאָפּ פּלאַץ פאַר עפּעס אַנדערש, אפשר קאָן איך אים פאַראינטערעסירן אין ציוניזם. די רייך־ציוניסטישע אידעע, אָן אַ דייטשן פּראָטעקטאָראַט, האָט אַ גרויסע צאָל פריינד אין ענגלאַנד, באַזונדערס אין קירכלעכע קרייזן. און זיי האָבן זיכער אַ געזעלשאַפטלעכן און מעגלעך אויך אַ פּאָליטישן איינ־פלוס".

ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, איינשטימיק מיט מיר.

"אויב עס זאָל מיר געלינגען צו געווינען לאָרד סאָליסבורין, וואָלט דאַן געווען מעגלעך צו קריגן לייכטער אַן אינטערווענץ פון דייטשלאַנד פאַר אונדזער פּלאַן? דאָס זעט דאָך אויס צו זיין די איינציקע שטערונג, וואָס באַאומרויִקט?"

"דעמאָלט — האָט געענטפערט דער גרויסהערצאָג — וועט זיך עס נאָך האַנדלען וועגן דעם, אַז מען זאָל איבערצייגן גראַף בילאָוון אין דער פראַגע".

אויף ווי ווייט איך וועל קאָנען ביי לאָרד סאָליסבורין אויסנוצן דאָס, וואָס דער גרויסהערצאָג האָט מיר געזאָגט, ווייס איך נאָך נישט אין איצטיקן מאָמענט. אפשר קאָן איך באַווייזן אַזאַ זאַך, איינצופעדעמען אַ דערנענטערונג צווישן ענגלאַנד און דייטשלאַנד דווקא אויף דער באַזע פון ציוניזם.

הערצל זאָרגט ווייטער וועגן דער יידישער קאָלאָניאַל־באַנק. דער פאַרקויף פון די אַקציעס איז נאָך אַלץ אַ שוואַכער. הערצל מאַכט אַ רייזע קיין לאָנדאָן וועגן דער באַנק, וווּ ער שטויסט זיך אָן אויף נייע דאגות.

לאָנדאָן, 25סטן אַפּריל, 1900.

שווערע זאָרגן וועגן דער באַנק.

אין דער "סיטי" בין איך אַ מין באַנקיר. אַ זייער טשיקאַווע געשיכטע. אין בורלינגטאָן האָטעל בין איך אין אָקטאָבער 1898 געווען אַ פּראָיעקט־

געבער, וואָס האָט צוגערעדט און איינגערעדט מענטשן. און איצט איז די באַנק געשאַפן געוואָרן. אָבער פרעגט מיך נאָר נישט, "ווי אַזוי".

> אין מיטן פון די אַלע דאגות, פאַלן איין הערצלען אין קאָפּ גאַנץ אַנדערע מחשבות. איין טאָג פאַרטראַכט ער זיך וועגן שבתי צבין. און מיר לייענען אין הערצלס טאָגבוך אַזאַ קורצע און מערקווערדיקע פאַרצייכענונג:

וויןּ, 11טן יוני, 1900.

דער אונטערשיד צווישן מיר און שבתי צבי (ווי איך שטעל מיר אים פאָר) איז, אָפּגעזען פון די ענדערונגען און טעכנישע מעגלעכקייטן, דער — אַז שבתי צבי האָט זיך געמאַכט גרויס, בכדי זיך צו פאַרגלייכן מיט די גרעסטע און מעכטיקסטע אויף דער ערד. איך אָבער האָב איינגעזען, אַז די גרויסע זענען קליין, אַזוי קליין ווי איך אַליין.

> און פון די געדאַנקען וועגן שבתי צבין ווענדט זיך הערצל צו איינעם פון די מערקווערדיקסטע מענטשן אין אייראָפּע פון פאַריקן יאָרהונדערט — דעם באַרימטן רייזענדער־שריפטשטעלער, דיפּלאָמאַט און פאָרשער פון אָריענט אַרמיניוס וואַמבערי, אַן אונגאַרישער ייד, וועלכן הערצל האָט אָמבעסטן און צום טרעפלעכסטן כאַראַקטעריזירט.
>
> הערצל, וועלכער האָט ביז איצט געטראַכט און געלעבט בלויז פאַר איין ציל, פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דער יידנשטאַטאידעע, האָט זיך דערוווסט פון די צייטונגען, אַז אַרמיניוס וואַמבערי איז איינגעלאַדן געוואָרן פון בודאַפּעסט צום סולטאַן אַבדול האַמיד אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. און גלייך האָט הערצל געזען אין דעם אַ נייע מעגלעכקייט צו באַקומען אַ נענטערן צוטריט צום סולטאַן. ער האָט געבעטן זיין פריינד, דעם ענגלישן גייסטלעכן וויליאַם העכלער, צו אַראַנזשירן פאַר אים אַ באַגעגעניש מיט אַרמיניוס וואַמבערין.

אין וואַגאָן אויפן וועג קיין וויןּ, 17טן יוני, 1900.

נעכטן בין איך געפאָרן פערצן שעה מיטן עקספּרעס־צוג פון ווין קיין מילבאַך צו זען וואַמבערין. איך בין דאָרט געבליבן פופצן שעה און איצט

ווידער גיך צוריק, ווייל מיין פּאָלינע (הערצל טאָכטער) האָט זיך גע־לייגט אין בעט מיט אַ קראַנקן האַלדז. איך האָב זיך באַקענט מיט איינעם פון די אינטערעסאַנטסטע מענטשן — אין דעם דאָזיקן הינקענדיקן זיי־בעציק־יאָריקן אונגאַרישן ייד, וועלכער ווייסט נישט, וואָס ער איז מער: אַ טערק, אָדער אַן ענגלענדער? און ער איז אַ דייטשער שרייבער, רעדט צוועלף שפּראַכן מיט דער זעלבער פולער קענטעניש און אויסגע־צייכנטקייט, און איז באַקאַנט מיט פינף רעליגיעס, פון וועלכע ער איז אין צוויי געווען אַ גייסטלעכער. ביי דער אינטימער באַקענטעניש מיט אַזוי פיל רעליגיעס האָט ער, נאַטירלעך, געמוזט ווערן אַן אַטעיִסט. ער האָט מיר דערציילט טויזנט און איין מעשׂיות וועגן דעם אָריענט, וועגן זיין אינטימקייט מיט דעם סולטאַן אאַז״וו.

ער האָט גלייך באַקומען דעם פּי ץ צוטרוי צו מיר — ער האָט אָנגע־הויבן:

„איך וויל נישט קיין געלט, איך בין אַ רייכער מענטש. גאָלדענע ביפּ־שטיקן קאָן איך נישט עסן, ווען אפילו איך זאָל וועלן. איך האָב אַ פערטל מיליאָן, און איך דאַרף נישט פאַרברויכן אפילו אַ העלפט פון מיינע צינזן. אויב איך וועל אייך העלפן, איז עס פאַר דער אידעע“.

ער האָט זיך צוגעהערט צו אַלע פּרטים פון אונדזער פּלאַן, וואָס כ׳האָב אים איבערגעגעבן וועגן דער געלט־פראַגע אאַז״וו. ער האָט זיך פאַרטרויט פאַר מיר, אַז דער סולטאַן האָט אים גערופן, בכדי צו מאַכן פאַר אים שטימונג אין די אייראָפּעיִשע צייטונגען. צי וואָלט איך אים געקאָנט אין דעם העלפן?

איך האָב אים געגעבן אַן אויסמיידנדיקן ענטפער.

אין מיטן פון אונדזער געשפּרעך איז ער כסדר צוריקגעקומען צו די מערקווערדיקייטן פון זיין לעבן, וועלכע זענען באמת געווען זייער משונהדיק. דורך דיזראַעלין איז ער געוואָרן אַן אַגענט פון ענגלאַנד. אין טערקיי האָט ער אָנגעהויבן אַלס זינגער פון קאַפע־הייזער. אַנדער־האַלבן יאָר שפּעטער איז ער געוואָרן אַן אינטימער מענטש פון גרויס־וויזיר. ער וואָלט געקאָנט שלאָפן אין „יילדיז“ (דעם סולטאַנס פּאַלאַץ). ער מיינט אָבער, אַז מען וואָלט אים דאָרט געקאָנט דערמאָרדן. ער עסט

ביים סולטאַנס טיש — גאַנץ אינטים, מיט די פינגער פון שיסל. אָבער ער קאָן נישט אַרויסטרייבן פון זיין קאָפּ דעם געדאַנק וועגן דער מעגלעכקייט פון פאַרגיפטונג. און נאָך הונדערט אַזעלכע טשיקאַווע זאַכן.

איך האָב געזאָגט: "וואַמבערי באַשי, אויב איך קאָן אייך אַזוי רופן, ווי נאַרדוי טוט דאָס — שרייבט צום סולטאַן, אַז ער זאָל מיך אויפנעמען. ערשטנס, ווייל איך קאָן אים ברענגען נוצן אין דער פּרעסע. צווייטנס, ווייל דער פאַקט אַליין פון מיין דערשיינען, וועט הייבן זיין קרעדיט.

"עס וואָלט מיר געוועזן אַמליבסטן, ווען איר זאָלט זיין דער איבערזעצער" — האָב איך צוגעגעבן.

אָבער ער האָט מורא געהאַט פאַר די אָנשטרענגונגען פון אַ זומער־רייזע.

מיין צייט איז פאַרביי. עס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט דעם, אַז עס איז נישט געווען זיכער צי ער וועט עפּעס טאָן. און קודם־כל טאַקע בנוגע דעם, צי ער וועט גלייך שרייבן צום סולטאַן וועגן אַן אוידיענץ פאַר מיר.

אָבער ער האָט מיך אַרומגעאַרעמט און געקושט, ווען איך האָב זיך געזעגנט מיט אים.

פון זיינע גרויסע אָנשטרענגונגען און שטענדיקע זאָרגן ווערט הערצל זייער אָפּגעשוואַכט אין געזונט. דעם 21סטן יוני 1900, קריגט ער אַן האַרץ־אַטאַקע בשעת דער אַרבעט אין דער רעדאַקציע פון דעם וואָכנבלאַט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע "די וועלט". מען קאָן קוים ביי אים פועלן, אַז ער זאָל זיך צוריקציען פון דער אַרבעט אויף עטלעכע טעג. דערווייל דערנענטערן זיך די טעג פון פערטן ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס ווערט צונויפגערופן אין לאָנדאָן. ערב דעם קאָנגרעס ווערט הערצל ווידער קראַנק און מוז ליגן אין בעט עטלעכע טעג.

דער פערטער ציוניסטישער קאָנגרעס אין לאָנדאָן, אין אויגוסט 1900, איז דורכגעגאַנגען מיט אַ גרויסן דערפאָלג — אין אַ שטימונג פון אינערלעכער האַרמאָניע צווישן די איבער פיר הונדערט דעלעגאַטן, און מיט אַ שטאַרקן אָנזען אין דער דרויסן־וועלט, באַזונדערס אין דער ענגלישער עפנטלעכקייט. איינע פון די וויכטיקסטע געשעענישן אויף דעם קאָנגרעס איז געווען דער ערשטער

באַשלוס צו גרינדן דעם יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד, דעם קרן־קיימת לישראל (דער ענדגילטיקער באַשלוס וועגן דער גרינדונג פון יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד איז אָנגענומען געוואָרן אויף דעם פינפטן קאָנגרעס, אין 1901, לויט דעם גענויען פאָרשלאָג, וואָס איז צו־געשטעלט געוואָרן דורך פּראָפעסאָר הערמאַן שאַפּירא).

אין זיין רעדע ביי דעם פערטן קאָנגרעס אין לאָנדאָן האָט הערצל געווידמעט אַ באַזונדערן טייל דער גרויסקייט פון ענגלאַנד און איר יושרדיקער באַהאַנדלונג פון יידן. דערביי האָט הערצל אויסגערופן די פּראָפעטישע ווערטער: "די גרויסע, די פרייע ענג־לאַנד, די ענגלאַנד וועמענס אויגן זענען געווענדט אויף זיבן ימים, וועט אונדז פאַרשטיין. פון דעם דאָזיקן אָרט וועט די ציוניסטישע באַוועגונג זיך אויפהייבן העכער און העכער, אין דעם קענען מיר זיין זיכער".

זיינע אייגענע איינדרוקן פון קאָנגרעס האָט הערצל פאַרצייכנט אין אַן איינגעהאַלטענעם טאָן.

לאָנדאָן, 14טן אויגוסט, 1900.

דער פערטער קאָנגרעס איז דער אַמשטאַרקסטן באַזוכטער פון אַלע קאָנגרעסן, וואָס מיר האָבן ביז איצט געהאַט. די פאַרהאַנדלונגען פון קאָנגרעס זענען שוין איבערגעגעבן אין די ציימונגען. הונדערטער אַנ־דערע פאַרשרייבן שוין זייערע איינדרוקן לזכרון.

איך אַליין האָב ביז איצט נישט געהאַט קיין אינערלעכע איבערלע־גונג בעתן קאָנגרעס. די מאַסן־פאַרזאַמלונג שבת אָוונט אין דער איסט־ענד איז שוין פאַר מיר נישט קיין נייעס. די באַגייסטערטע אויסרופן פון דער מאַסע מיינען פאַר מיר גאָרנישט.

אַ נייע נאָטע איז געווען בלויז דער קבלת־פנים אין באָטאַנישן גאָרטן זונטיק. דער גאַנצער עולם האָט זיך כסדר געשפּאַרט אַרום מיר אין אַ געדיכטער מאַסע. איך וואָלט גערן הנאה געהאַט פון דעם פיינעם ענגלישן גאָרטן, אָבער דער קעניגלעכער כבוד, וואָס מען האָט מיר אָפּגעגעבן, האָט מיך דערשטיקט. זיי האָבן מיך אָנגעקוקט מיט באַוווּנדערונג, ווען איך האָב געטרונקען טיי. מען האָט צו מיר צוגעפירט קינדער, מען האָט פאָרגעשטעלט פאַר מיר דאַמען. אַלטע לייט מיט גרויע האָר האָבן גע־

וואָלט קושן מיין האַנט. און יעדעס מאָל, ווען זיי האָבן דאָס אַלץ געטאָן, האָב איך געוואָלט זיי פרעגן: "אַנטשולדיקט מיר, פאַר וואָס טוט איר דאָס אַלץ?"

נעכטן, בעת דער נאָכמיטאָג־זיצונג האָב איך איבערגעגעבן דעם פאָר־זיץ גאַסטערן און נאָרדוין, און איך בין אַוועק אין קענסינגטאָן־גאָרטן. דאָרט האָב איך אין דער מיט פון דער רייצנדיקער לאַנדשאַפט און זיצנ־דיק ביים וואַסער אויסגעטרונקען רויק אַ טאַס טיי.

אין מיטן פון די אַלע מחשבות און דאגות פאַלט איין הערצלען אַ מערקווערדיקע אידעע: צו שאַפן אַ גרעזאלשאַפט, ווו יידן זאָלן קאָנען אַרויסנעמען פאַרזיכערונגען אין פאַל פון פאָגראָמען און אַנדערע ענלעכע אומגליקן. הערצל איז געקומען צו דעם געדאַנק נאָך די פאָגראָמען, וואָס זענען אויסגעבראָכן אין רומעניע און האָבן געפירט צו דער מאַסן־עמיגראַציע פון יידן אין די יאָרן 1899—1900.

ווין, 20סטן סעפּטעמבער, 1900.

אַן אידעע, וועלכע פאַרפאָלגט מיך, איז די פאַרזיכערונג אויף אַ נויט־פאַל, וואָס איך האָב געוואָלט דורכזעצן אין לאָנדאָן, אָבער די פירער פון דער אָפּאָזיציע האָבן מיר געשטערט. נעכטן האָב איך ווידער אויפ־גענומען דעם ענין אין אַקציאָנס־קאָמיטעט. דאָס איז די איינציקע זאַך, וואָס מיר קאָנען טאָן — שאַפן אַ קעגנזייטיקע יידישע פאַרזיכערונג אויף אַ נויט־פאַל. די פאַרזיכערטע קרבנות פון פאַרפאָלגונגען קעגן יידן וועלן באַקומען אַ מינימום־סומע פאַר אויסוואַנדערן און באַזעצן זיך אויף אַן אַנדער אָרט. בעת דער יציאת־רומעניע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צוויי הונדערט פלאָרין זענען געווען נייטיק פאַר אַ פּערזאָן (אָדער פאַמיליע?), און די דאָזיקע סומע האָט מען נישט געקאָנט צונויפזאַמלען פון די פילאַנטראָפן. פליטים דאַרפן באַקומען וועלכע עס איז לעגאַלע רעכט. די דאָזיקע רעכט מוז זיך פאַרשאַפן יעדער דורך קויפן אַזאַ פאַרזיכער־רונגס־פּאָליר. די פאַרזיכערונגס־געלטער דאַרפן באַרעכנט ווערן אויף הונדערט ביז צוויי הונדערט גילדן, אין וועלכע עס וועלן זיך בייטיקן די

געטראָפענע פון אַזעלכע נויט־פאַלן. נאַטירלעך, איז דערביי דאָס וויכטיקסטע צו באַשטימען גענוי, וועלכע צרה דאַרף באַטראַכט ווערן פאַר אַזאַ נויט־פאַל, בכדי צו פאַרהיטן פון אַסעקוראַציע־שווינדלען.

דאָס דאַרף געבויט ווערן אויף דער אַנאַלאָגיע פון פאַרזיכערונגען פון אומגליקן און צופאַלן. איך שטעל מיר פאָר, אַז דאָס הויפּט־ביוראָ פון דער דאָזיקער אַסעקוראַציע־געזעלשאַפט זאָל זיך געפינען אין באַזעל.

מען קאָן אויך אָננעמען העכערע פאַרזיכערונגען מיט גיך פּראָגרע־סירנדיקע פּרעמיעס. אויב פאַר אַ פאַרזיכערונג אויף צוויי הונדערט פלאָרין דאַרף מען איינצאָלן צוויי פלאָרין אַ יאָר, וועט מען פאַר אַ פאַר־זיכערונג אויף פיר הונדערט פלאָרין דאַרפן צאָלן פינף אָדער זעקס פלאָרין אַ יאָר. און פאַר טויזנט פלאָרין — נישט פינף מאָל, נאָר צען מאָל אַזוי פיל אָדער מער, ווייל דעמאָלט וועט אָנשטאָט אַן איינציקן פאַל פון אַ שאָדן באַלד קומען אַ גאַנצע ריי.

צו מיין באַוווּנדערונג איז קאָקעש (דר. עוזר קאָקעש, מיטגליד פון ענגערן אַקציאָנס־קאָמיטעט), וועלכער איז געוויינלעך זייער פאַרזיכטיק און באַהאַנדלט זאַכן זייער ניכטער און פּראַקטיש, געווען דאָס מאָל אויף מיין זייט. דאָס האָט מיך זייער דערמוטיקט.

פון דעם מאָדנעם פּלאַן וועגן אַזאַ פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט איז — ווי פון אַ סך אַנדערע הערצלישע בליץ־אידעען — גאָרנישט געוואָרן. דערווייל ווערט הערצל, אַן אָפּגעשוואַכטער און אַ קראַנקער, אַריינגעשלעפּט מיט אַ מאָל אין אַ סך אַנדערע ענינים און פאַרדרייעניש.

פּלוצעם שאַפט זיך פאַר הערצלען אַ געלעגנהייט צו קריגן אַ נייעם צוטריט צום סולטאַן דורך דער פאַרמיטלונג פון אַרמיניוס וואַמבערין און אַנדערע פּאָליטישע טוער און אַגענטן. הערצל גלייבט, אַז ער וועט באַלד דאַרפן ווידער פאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אָבער דער ענין מיט טערקיי הייבט זיך ווייטער אָן צו פאַרשלעפּן, און דער סוף איז, אַז אויך די נייע אויסזיכטן פון דירעקטע פאַרהאַנדלונגען מיטן סולטאַן לאָזן זיך אויס מיט גאָרנישט.

אין דער צווישן־צייט באַוויזט זיך אויך אַ האָפענונג פאַר

הערצלען, אַז ער זאָל קאָנען ווערן אומאָפּהענגיק פון דער "נייע פרייע פרעסע" און האָבן אַן אייגענע צייטונג, ווו ער אַליין זאָל זיין דער באַלעבאָס און געבן דעם טאָן. הערצל האָט געהאַלטן פאַר זייער נייטיק צו האָבן אַן אייגענע טאָג־צייטונג, דורך וועל־כער ער זאָל אויך קאָנען פירן אַ ברייטע אויפקלערונג וועגן דער יידנשטאַט־אידעע און קריגן אַ פּאָליטישן איינפלוס. הערצלס פאָטער העלפט אים אין די פאַרהאַנדלונגען וועגן דער צייטונג. אָבער נאָך לאַנגע און גרויסע באַמיונגען, ווערט אויך די דאָזיקע האָפענונג צערונען און הערצל פאַלט אַריין אין אַ שווערער שטימונג.

ווין, 30סטן יאַנואַר, 1901.

דריי חדשים אויסגעריסן פון מיין לעבן, שטיקערווייז, אין "גרויסע דערוואַרטונגען".

פריער איז געווען דער חברה־מאַן צ., וועלכער האָט מיך אַרומגע־שלעפּט, און דאַן זענען געקומען די פאַרשוינען פון דער גרויס־אינדוס־טריע מיט זייער צייטונג. דערווייל האָב איך אָוועקגעלייגט מיין ראָמאַן ("אַלט־ניי־לאַנד") און אים נישט געשריבן. און וואָס לענגער ער ליגט נישט געשריבן, אַלץ ערגער ווערט ער, און אַלץ ווייניקער חשק האָב איך זיך צו נעמען צו אים.

איצט מוז איך ווידער פאָרן קיין לאָנדאָן. און ערשט אין דריי וואָכן אַרום וועל איך קאָנען זיך אַוועקזעצן צוריק ביי מיין שרייב־טיש.

דער ווינט בלאָזט דורך די "פוסטע פעלדער נאָכן שניט". איך פיל, ווי עס רוקט זיך אָן מיין האַרבסט. איך ריזיקיר שטאַרק, אַז איך זאָל נישט איבערלאָזן קיין ווערק פאַר דער וועלט און קיין פאַרמעגן פאַר מיינע קינדער.

עס וואָלט געווען לעכערלעך, אַז איך זאָל ווידער אָנהייבן מיין ראָמאַן צוויי טעג איידער איך פאָר אַוועק. אָבער איך גיב זיך אַן ערן־וואָרט, אַז איך וועל אָנהייבן באַלד דערנאָך, ווי איך וועל צוריקקומען.

הערצל איז געפאָרן קיין לאָנדאָן מיט דער האָפענונג צו געווינען לאָרד נתנאל מאיר ראָטשילדן פאַר דעם פּלאַן פון געבן אַ הלוואה

טערקיי און דורך דעם קענען פֿאַרהאַנדלען מיט דעם סולטאַן וועגן אַ "טשאַרטער" פֿאַר ארץ־ישראל אויף דעם אופן, ווי איין מלוכה פֿאַרהאַנדלט מיט אַ צווייטער. אָבער נישט געקוקט אויף אַלע באַמיונגען פֿון זיינע פֿריינד אין ענגלאַנד — ישראל זאַנגוויל, לעאָפּאָלד גרינבערג, דזשאָזעף קאָוועו — האָט זיך הערצלען נישט איינגעגעבן צו ווערן אויפֿגענומען דורך לאָרד ראָטשילד.

הערצלס שטימונג נאָך דעם נייעם דורכפֿאַל געפֿינט אַ מערק־ווערדיקן אויסדרוק:

ווין, 14טן מערץ, 1901.

איך אַרבעט איצט מיט גרויס חשק אויף מיין "אַלט־ניי־לאַנד". מיינע האָפֿענונגען אויפֿן פּראַקטישן דערפֿאָלג זענען צעפּלאַצט. מיין לעבן איז נישט איצט קיין ראָמאַן, נו, איז דער ראָמאַן איצט מיין לעבן.

ווין, 21סטן מערץ, 1901.

נעכטן איז געווען אַ מאָדנער, און איך גלייב — אַ וויכטיקער טאָג. לעוואָנטין *, דער באַנק־דירעקטאָר, וועלכן איך האָב געבעטן קומען פֿון רוסלאַנד, האָט פֿאַר מיר, וואָלפֿסאָנען, קרעמענעצקין, מאַרמאָרעקן, קאָ־קעשן, אַנטוויקלט זיין פּלאַן וועגן אָפּקויפֿן די אַקציעס צוזאַמען מיט דער גאַנצער איינריכטונג פֿון דער באַן־ליניע יפו־ירושלים. איך באַטראַכט די דאָזיקע אידעע פֿאַר אַן אויסגעצייכנטע. עס קאָן זיין, אַז איך האָב אין לעוואָנטינען געפֿונען דעם באַנק־מענטש, וועלכן איך האָב אַזוי לאַנג געזוכט.

איך האָב אָנגענומען זיין פּלאַן און שיק אים היינט קיין פּאַריז, ווו עס וווינט דער ארץ־ישראלדיקער ייד נבון, דער פֿאַרקויפֿער פֿון די באַן־אַקציעס.

קומענדיקע וואָך וועט לעוואָנטין ווידער אַ מאָל דאָ זיין. דאַן וועט ער פֿאָרן קיין לאָנדאָן. ער וועט דאָרט בלייבן ביז האַרבסט, בכדי צו

* זלמן דוד לעוואָנטין, איינער פֿון די ערשטע פּיאָנערן פֿון נייעם ארץ־ישראלדיקן יישוב, האָט געהאָלפֿן גרינדן ראשון לציון אין 1882, איז געווען דירעקטאָר פֿון דער יידישער קאָלאָניאַל־באַנק, איז געשטאָרבן אין תל־אביב אין 1940.

ברענגען אין אָרדענונג די ענינים פון דער קאָלאָניאַל־באַנק. שפּעטער וועלן מיר אים שיקן קיין יפו אַלס אָנפירער פון אונדזער דאָרטיקער אָפּטיילונג.

נעכטן האָט מיר אויך אויפגעבליצט אין קאָפּ אַן אידעע צו קויפן א שיף־געזעלשאַפט פון מיטללענדישן ים. איך מיין — אַזאַ געזעלשאַפט, וואָס אירע געשעפטן גייען שלעכט און פון וועלכער מיר קאָנען אָפּ־קויפן ביליק די מערהייט פון אירע אַקציעס. מיר וועלן דאַן די געזעל־שאַפט אָוועקשטעלן אויף אַ געזונטער באַזע. די "אַדריאַ" אין פיומע וואָלט זיך געפּאַסט דערפאַר, ווי איך זע, דורכקוקנדיק אויף גיך דאָס בערזע־בוך.

אידעען לויפן דורך אין הערצלס מוח און פאַרשטעלונגען איינע גיכער פון דער אַנדערער. אָבער אויך די צייט שטייט נישט אויף איין אָרט. הערצל אַרבעט זייער אָנגעשטרענגט. ער לאָזט זיך נישט אַנטמוטיקן פון די צערונענע האָפענונגען. אָבער ער פילט, אַז ער דאַרף זיך צואיילן מיט דעם, וואָס ער וויל נאָך טאָן פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דער ציון־אידעע. און ער פאַרשרייבט אין אַ טאָג, וואָס האָט אַ באַזונדערע באַדייטונג אין זיין לעבן:

ווין, 2טן מײַ, 1901.

היינט ווער איך אַלט איין און פערציק.

"דער ווינט בלאָזט דורך די פוסטע פעלדער נאָכן שניט,
איך מוז איצט דאָפּלט צואיילן מיינע טריט".

שוין באַלד זעקס יאָר, ווי איך האָב אָנגעהויבן די דאָזיקע באַוועגונג, וועלכע האָט מיך געמאַכט אַלט, מיד און אָרעם.

[ ד ]

הערצלס אוידיענץ ביים סולטאַן אַבדול חאַמיד

דער פינפטער ציוניסטישער קאָנגרעס

די דערשיינונג פון דער דעמאָקראַטישער פראַקציע

די גרינדונג פון קרן־קיימת לישראל

הערצלס דריטער באַזוך אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל

דער פּלאַן וועגן אַ ״טשאַרטער״ אָן ארץ־ישראל

די פאַרהאַנדלונגען מיט לאָרד נתנאל מאיר ראָטשילד

דער טויט פון הערצלס פאָטער

פאַר דער קעניגלעכער קאָמיסיע אין לאָנדאָן

הערצלס לעצטע נסיעה קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל

הערצל קריגט ענדלעך אַ מיטטיילונג, אַז דער סולטאַן וועט אים אויפנעמען און וועט מיט אים פאַרהאַנדלען וועגן ארץ־ישראל. די דאָזיקע מיטטיילונג ברענגט אים אַרמיניוס וואַמבערי, וועלכער האָט ספּעציעל פאַר דעם צוועק געמאַכט אַ רייזע קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

הערצל קלייבט זיך אויף אַ נייער נסיעה קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און מיט נייע גרויסע האָפענונגען. ער באַשליסט, אַז דוד וואָלפסאָן און אָסקאַר מאַרמאָרעק זאָלן מיטפאָרן מיט אים. הערצל קען שוין די באַדינגונגען אין טערקיי און ווייסט, וואָס עס טוט זיך אַרום דעם הויף פון סולטאַן. ער מאַכט די געהעריקע צוגרייטונגען.

פאַרן אַוועקפאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל פאַרענדיקט ער דאָס אַכטע פון זיינע טאָג־ביכער.

ווין, 9טן מײַ, 1901.

איך וועל דאָ פאַרענדיקן דאָס דאָזיקע בוך, ווייל איך קאָן עס נישט מיטנעמען אין דעם לאַנד פון די פּאָסט־רויבער.

אונטערוועגס וועל איך אָנהייבן אַ ניי בוך.

אין יוני ווערט זעקס יאָר — ניין, זעכציק יאָר ... — זינט איך בין אַריינגעטראָטן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג.

הערצל מאַכט אין גרויס איילעניש זיינע צוגרייטונגען צו פאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, פון וואַנען מען האָט אים פאַרזיכערט, אַז ער וועט ענדלעך אויפגענומען ווערן דורכן סולטאַן אַבדול חאַמיד דעם צווייטן.

אין הערצלס הויז איז צונויפגערופן געוואָרן אַ דרינגענדיקע

זיצונג פון אַקציאָנס־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָר־גאַניזאַציע, צוליב דער גרויסער באַדייטונג פון דער רייזע און די גרויסע האָפענונגען, וואָס די ציוניסטישע פירער פאַרבינדן מיט די דערוואַרטעטע פאַרהאַנדלונגען מיטן סולטאַן. הערצל פאָרט צוזאַמען מיט זיינע געטרייע מיטאַרבעטער דוד וואָלפסאָן און אָסקאַר מאַרמאָרעק. ער גיט אַרויס אויף דער גיך אינסטרוק־ציעס צו די אַנדערע מיטגלידער פון אַקציאָנס־קאָמיטעט, אויפן פאַל וועט זיין געשפּרעך מיטן סולטאַן וועט ברענגען גוטע רע־זולטאַטן.

אויפן וועג קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט הערצל זיך אָפּגעשטעלט ביי זיין נייעם פּאָליטישן פאַרמיטלער וואַמבערי אין בודאַפּעסט אויף אַ באַראַטונג.

קומענדיק קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט הערצל אָן אַ שיער צרות וועגן די "באַקשישן". ער קאָן זיך צוליב זיי נישט רירן פון אָרט מיט אַלע זיינע פּלענער. די שוועריקייטן און שטערונגען קומען איינע נאָך דער אַנדערער.

ענדלעך געלינגט הערצלען, דעם 18טן מיי 1901, צו פאַרווירק־לעכן זיין חלום, מיט וועלכן ער האָט זיך אַזוי לאַנג אַרומגע־טראָגן: צו האָבן אַן אוידיענץ ביים סולטאַן אַבדול חאַמיד.

דער סולטאַן גיט הערצלען אַ הויכן אָרדער מיט אַ דימענט.

הערצל באַטראַכט זיינע טעג אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל פאַר זייער וויכטיקע און גרויסע אין דער באַוועגונג. מיר לייענען אין זיינע טאָג־ביכער:

קאָנסטאַנטינאָפּאָל, 13טן מיי, 1901.

אָט זיץ איך דאָ נאָך פינף יאָר אין דעם זעלבן האָטעל "ראָיאַל", און אויך אין דעם זעלבן צימער, ווו איך האָב געוווינט, ווען איך האָב אָנגע־הויבן דעם ענין מיט נעוולינסקין. פון די פענצטער קוק איך אַרויס אויף דעם נישט געענדערטן "גאָלדענעם האָרן", אָבער ווי אַן אַנדערער מענטש. די שיינקייט רירט מיך שוין מער נישט. די וועלט איז שוין נישט מער פאַר מיר קיין פאָרשטעלונג, נאָר ווילן.

זיין אוידיענץ ביים סולטאַן האָט הערצל פאַרשריבן זייער אויספירלעך אין זיינע טאָג־ביכער, אָבער אויך זייער פאַרזיכטיק.

אויך דאָס געשפּרעך מיטן סולטאַן האָט ער געפירט אויף אַ פּאָר־זיכטיקן אופן און אין אַ צוריקגעהאַלטענעם טאָן.

הערצלס אוידיענץ ביים סולטאַן איז אָבער אָן ספק געווען אַ גרויס און זייער אינטערעסאַנט געשעעניש.

זיינע נאָטיצן וועגן דעם געשפּרעך האָט הערצל געמאַכט שוין פּאַרנדיק אויף אַ שיף צומאָרגנס נאָך דער מערקווערדיקער אוידיענץ צווישן דעם פירער פון פּאָליטישן ציוניזם און דעם הערשער פון טערקיי, וואָס האָט געהאַט אין זיינע הענט דעם שליסל צו ארץ־ישראל, צום ייִדישן היימלאַנד.

קאָנסטאַנטינאָפּאָל, 19טן מײַ, 1901.

צייטנווייז בין איך געצוווּנגען צוריקצוהאַלטן מיינע פרישע איינדרוקן פון דעם בוך, ווייל איך וואָלט געדאַרפט מיינע פאַרצייכענונגען איבערלאָזן אויף דעם זעלבן אָרט, ווו עס קאָן צום שלימזל פּאַסירן, אַז אַ שפּיאָן זאָל זיך צוכאַפּן צו זיי און זיי אויסנוצן אַלס אַ באַשולדיקונג קעגן מיר. דאָ, אויף דער רומענישער שיף, אין מיטן פון שוואַרצן ים, פיל איך זיך פריי. דעריבער וועלן די גינסטיקע זאַכן, וואָס כ'וועל דאָ פאַרשרייבן וועגן סולטאַן, האָבן פאַר דער צוקונפט דעם ווערט פון אמתע ווערטער.

נאַטירלעך האָבן נישט געהאַט אויף מיר דעם מינדסטן איינפלוס נישט דער אָרדער און נישט דער דימענט, וואָס דער סולטאַן האָט מיר געגעבן. די דאָזיקע זאַכן לאָזן מיך איבער גאַנץ קאַלט, ווי דאָס וואָלט געשען מיט יעדן אַנדערן פילנדיקן מענטשן. פאַר מיר האָבן זיי נאָר אַ פּאָליטישן ווערט, וואָס איך שאַץ אָפּ רויק, נישט איבערשאַצנדיק און נישט אונטערשאַצנדיק. איך גלייב, אַז מיר קאָנען שלאָגן דערפון עפּעס קאַפּיטאַל פאַר דער באַוועגונג. מיר וועלן דורך דעם ווערן שטאַרקער, קריגן מער כוח, און מיט דעם נייעם כוח וועלן מיר ווידער קאָנען גיין פאָרויס.

מיין איינדרוק פון דעם סולטאַן איז, אַז ער איז אַ שוואַכער מענטש, אַ פּחדן, אָבער זיינע כוונות זענען דורכאויס גוטע. איך מיין, אַז ער איז נישט פאַררעטעריש און אויך נישט אַכזריותדיק. ער איז בלויז אַ זייער אומגליקלעך געפאַנגענער, אין וועמענס נאָמען אַ גנבהשע, מיאוסע און שווינדלערישע קאַמאַריליע באַגייט די שענדלעכסטע מעשים.

ווען איך וואָלט נישט געדאַרפט זאָרגן וועגן דער ציוניסטישער באַ־וועגונג, וואָלט איך אַוועקגעגאַנגען פון דאַנען און אָנגעשריבן אַן אַרטיקל, וואָס וואָלט דעם אָרעמען געפאַנגענעם סולטאַן צוריקגעגעבן זיין פרייהייט. אַבדול חאַמיד כאַן דער צווייטער איז אַ קאָלעקטיווער נאָמען פאַר דער עקלהאַפטער באַנדע גנבים, וואָס האָט ווען עס איז געמאַכט אַ לאַנד אַזוי אומזיכער און אַזוי אומגליקלעך. איך האָב קיין מאָל אַפילו נישט גע־קענט חלומען, אַז עס זאָל גאָר זיין מעגלעך, אַז אַזאַ שווינדלערישע חברה זאָל האָבן די מאַכט. די גנבהשקייט און דער כאַבאַר, וואָס הייבן זיך אָן ביי דער טיר פון פאַלאַץ און ענדיקן זיך בלויז אויף די טרעפּלעך פון טראָן, זענען, ווי עס ווייזט אויס, נישט דאָס ערגסטע. יעדע זאַך איז דאָ אַ מסחר, און יעדער באַאַמטער איז אַ גנב. לכל הפחות האָב איך דאָס גע־הערט פון אַלע זייטן. און פון דעם, וואָס איך ווייס ווי אַזוי זאַכן ווערן דאָ אָפּגעטאָן, גלייב איך נישט, אַז דאָס זאָל זיין רכילות.

זיין מאַיעסטעט דער סולטאַן האָט געפרעגט דורך איבראַהימען און אי־זעטן (זיינע ראַטגעבער), וואָס עס וואָלט געשען מיט דער בירגערשאַפט פון די יידן, וועלכע וואָלטן אויף דעם אָדער אויף אַן אַנדערן אופן איינגע־וואַנדערט קיין טערקיי.

"זיי קאָנען קומען צו אונדז", האָט געזאָגט איזעט בעי, "אין זיין באַר־באַרישן פראַנצויזיש, "אָבער זיי מוזן ווערן טערקישע אונטערטאַנען. צום ביישפּיל, אויב איר קויפט אָפּ די אָבליגאַציעס פון דעם מלוכה־חוב, דאַרפן די קויפער זיין אונטערטאַנען פון זיין אימפּעריאַלער מאַיעסטעט. דאָס זעלבע איז ריכטיק וועגן די, וועלכע וועלן איינוואַנדערן אַלס קאָלאָניסטן. נישט בלויז, וואָס זיי מוזן ווערן טערקישע בירגער, נאָר זיי מוזן זיך אויך אָפּזאָגן פון זייער פריערדיקער בירגערשאַפט און קריגן אַ פּאַפּיר פון זייערע פריערדיקע רעגירונגען, וואָס זאָלן באַשטעטיקן, אַז די איינגע־וואַנדערטע אין טערקיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייער ביז־איצטיקער בירגערשאַפט".

"און זיי מוזן אָננעמען די פליכט פון מיליטער־דינסט", האָט געזאָגט איבראַהים, "אויב זיין מאַיעסטעט וועט זיי רופן אין דער אַרמיי".

"ביי די דאָזיקע באַדינגונגען וועלן מיר קאָנען אויפנעמען די יידן פון

אַלע לענדער״, האָט געזאָגט איזעט, מיט דער פריינדלעכקייט פון אַ היענע.

איך האָב געזאָגט צו מיר אַליין: ״אַ גוטע קרענק!״ אַוודאי וואָלטן איזעט און זיינע שותפים געוואָלט, אַז איך זאָל ברענגען אַהער די רייכע און אָרעמע יידן, וועלכע זיי זאָלן קאָנען באַרויבן. אָבער עס איז נישט געווען דער מאָמענט צו האָבן אַ דיסקוסיע און זיך אויסטענהן מיט דעם לומפּן־פּאַרל, פון וועלכע מיר וועלן שפּעטער קאָנען קויפן יעדן פּונקט פון דעם טשאַרטער.

איך האָב דעריבער געזאָגט, אַז איך בין זייער צופרידן, וואָס איך בין געקומען אונטער דעם גלאָריע־רייכן סצעפּטער פון אַבדול חאַמיד, און האָב דערקלערט, אַז איך בין גרייט צו דיסקוטירן דעם ענין אויספיר־לעכער.

אַוועקפאָרנדיק פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל, האָט זיך הערצל גענומען ווידער ענערגיש צו דער אַרבעט. ער האָט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל באַקומען פון סולטאַנס מיניסטאָרן אַ פאָרשלאַג צו קאָנסאָלידירן דעם טערקישן רעגירונגס־חוב דורך שאַפן אַ הלוואה. הערצל הייבט דעריבער אָן זיינע באַמיונגען צו פאַראינטערעסירן מיט דעם די מענטשן פון דער פינאַנץ־וועלט און וויזן, אַז עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט, אַז ער זאָל קריגן די הלוואה. הערצל האָפט, אַז אויף דעם וועג וועט ער קאָנען אַרויסקריגן פון סולטאַן דעם ״טשאַרטער״ אויף ארץ־ישראל.

סוף מיי זעט הערצל ווידער אַ מאָל דעם גרויסהערצאָג פון באַדען. הערצל גיט אים אָפּ אַ באַריכט וועגן זיין געשפּרעך מיטן סולטאַן.

שפּעטער פאָרט הערצל קיין פאַריז צו פאַרהאַנדלען מיט דאָר־טיקע באַנקירן וועגן אַ הלוואה פאַר טערקיי. דער ענין פאַרציט זיך. אָבער הערצל באַטראַכט עס נישט דאָס מאָל פאַר קיין אומ־גליק. די פאַרשטענדיקונג, וואָס ער האָט געהאַט מיט דעם סול־טאַנס מיניסטאָרן, איז נישט געווען קיין קלאָרע און אַ גאַנץ שוואַכע. הערצל האַלט, אַז ס׳וועט נישט ברענגען קיין שאָדן, ווען דער ענין וועט זיך פאַרשלעפּן אַ לענגערע צייט, ביז ער וועט קאָנען

דורכפירן זיין נייעם פּלאַן צו קריגן די הלוואה פאַרן סולטאַן. און שוועריקייטן קומען וווייטער איינע נאָך דער אַנדערער.

לאָנדאָן, 11טן יוני, 1901.

צוליב דעם, וואָס עס איז נישטאָ קיין אויסזיכט צו געווינען די רייכע יידן אין פּאַריז, און בכלל אין ערגעץ נישט, האָבן מאַרמאָרעק און נאָרדוי געוואָרפן דעם געדאַנק, אַז מיר זאָלן פּרוּוון צו קריגן געלט ביים אַמע־ריקאַנער פילאַנטראָפּ קאַרנעגי. נאָרדוי האָט דערקלערט, אַז ער איז גרייט דורכצושלאָגן אַ וועג צו קאַרנעגין דורך אַ רעקאָמענדאַציע פון אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר, פּאָרטער. אָבער פּאָרטער איז נישט געווען אין פּאַריז.

עס גייען אַוועק וואָכן און חדשים, און הערצלס אַלע באַמיונגען אַ ריר צו טאָן ווייטער דעם ענין וועגן קריגן דעם "טשאַרטער" אויף ארץ־ישראל דורך שאַפן אַ הלוואה פאַרן סולטאַן, ברענגען נישט קיין שום רעזולטאַטן. הערצל אַרבעט אומדערמידלעך און זוכט נייע מעגלעכקייטן.

ווין, 23סטן סעפּטעמבער, 1901.

אין מיין שאַך־שפּיל פיגורירן איצט סעסיל ראָדעס (מיט וועמען איך דאַרף זיך צוזאַמענטרעפן נאָך זיין צוריקקומען פון סקאָטלאַנד), פּרעזי־דענט טעאָדאָר רוזוועלט (דורך דעם אַמעריקאַנער ציוניסטישן פירער גאָטהייל), דער קעניג פון ענגלאַנד (דורך דעם בישאָף פון ריפּאָן), דער צאַר (דורך גענעראַל פאָן העסע) און אַנדערע.

פון די אַלע האָפענונגען און אויסזיכטן איז ווייטער גאָרנישט געוואָרן. דערווייל האָט זיך דערנענטערט דער פינפטער ציוניס־טישער קאָנגרעס, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן קיין באַזעל אויפן מיטן ווינטער, דעם 26סטן דעצעמבער, 1901. הערצל איז געווען קעגן דעם טערמין און קעגן דעם אָרט. ער האָט געוואָלט, אַז דער קאָנגרעס זאָל זיך פאַרזאַמלען, ווי דער פריערדיקער, אין לאָנדאָן, און שפּעטער — אין פרילינג, אָדער זומער. אָבער אין דער באַוועגונג זענען שוין געווען שטאַרקע כוחות, וועלכע האָבן נישט אַלע מאָל איינגעשטימט מיט הערצלען.

פון דעסטוועגן איז הערצלס פּרעסטיזש ווייטער געווען הויך אויך ביי דעם פינפטן קאָנגרעס. זיין באַריכט וועגן די פאַרהאַנד־לונגען מיטן סולטאַן איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויסע אָוואַ־ציעס. דער סולטאַן האָט אויך צוגעשיקט אַ טעלעגראַמע צום קאָנגרעס אַלס ענטפער אויף דער באַגריסונג, וואָס הערצל האָט אים געשיקט אין נאָמען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

ביים פינפטן קאָנגרעס האָט זיך צום ערשטן מאָל אָרגאַניזירט די אָפּאָזיציע פון די רוסישע ציוניסטן, וועלכע האָבן געפאָדערט אָנהייבן גלייך די פּראַקטישע אויפבוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל און נישט באַגנוגענען זיך מיט וואַרטן און אַרויסקוקן אויף די רעזולטאַטן פון דער פּאָליטישער אַרבעט. אין זאַל פון קאָנגרעס איז צום ערשטן מאָל דערשינען די אָרגאַניזירטע "דעמאָקראַטישע פראַקציע", אונטער דער פירערשאַפט פון חיים ווייצמאַן, לעאָ מאָצקין, וויקטאָר יאַקאָבסאָן, מאַרטין בובער, בערטאָלד פייוול, אפרים ליליען.

הערצל, וועלכער איז אויך געווען אַ גלענצנדיקער סטראַטעגיקער ביים פירן די קאָנגרעסן און פאַר איינהאַלטן די גוטע באַציונגען אין דער באַוועגונג, האָט באַגריסט די "נייע גרופּע פון דער יוגנט", הגם ער האָט געוווסט, אַז עס וואַקסט אַרויס פון איר אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע קעגן אים.

ביים פינפטן קאָנגרעס זענען אָנגעקומען געוואָרן אייניקע פונדאַמענטאַלע באַשלוסן פאַר דער באַוועגונג און פאַר דער ציוניסטישער אַרבעט. דער סטאַטוס פון קרן קיימת לישראל (יידישער נאַציאָנאַל־פאָנד) איז ענדגילטיק באַשטעטיקט געוואָרן לויטן פּלאַן פון פּראָפעסאָר הערמאַן שאַפּירא. הערצל אַליין האָט נישט געגלויבט מער אָפּלייגן דעם באַשלוס. די יידישע קאָלאָניאַל־באַנק האָט לויט אַ ספּעציעלן באַשלוס פון דעם קאָנגרעס, אָנגעהויבן פונקציאָנירן ווי אַ נאָרמאַלע באַנק־אינסטיטוציע. ביי דעם קאָנגרעס איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ נייע קאָנסטיטוציע פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. אַ טייל פונקטן פון דער קאָנסטיטוציע זענען נאָך גילטיק ביז היינטיקן טאָג.

הערצל האָט די אַלע באַשלוסן צוגעגעבן אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער באַוועגונג. אין זיין שלוס־רעדע ביי דעם קאָנגרעס האָט ער זיך אויסגעדריקט:

„מיר האָבן פאַרענדיקט אונדזערע ערשטע אויפגאַבן. אונדזערע אינ־סטיטוציעס זענען געשאַפן און הייבן אָן אַרבעטן. דאָס יידישע פאָלק קאָן זיי שוין באַנוצן און אויסבעסערן, אויב מען וועט וועלן. אין אונדזער אַרבעט האָבן מיר אויסגעשלאָסן דעם פּערזענלעכן עלעמענט. בלויז דאָס אומפּערזענלעכע און דויערנדיקע. איצט איז שוין קיינער פון אונדז נישט אומבאַדינגט נייטיק. דער אָדער אַן אַנדערער קאָן אַרויספאַלן פון אונ־דזערע רייען. די באַוועגונג וועט אָנגיין און בלייבן".

ווען הערצל האָט געזאָגט די דאָזיקע ווערטער, האָט ער שוין גוט געוווּסט, אַז זיין האַרץ ווערט מער אָפּגעשוואַכט פון טאָג צו טאָג.

דאָס האָט זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אין זיינע פאַרצייכענונגען וועגן דעם קאָנגרעס, וואָס הערצל האָט אַריינגעשריבן אין זיינע טאָג־ביכער — אַ וואָך שפּעטער, שוין נאָכן צוריקקומען פון באַזעל קיין ווין:

ווין, 5טן יאַנואַר, 1902.

די ענדערונג אין די יאָרן און אין מיר אַליין ווייזט זיך אַמבעסטן אַרויס אין דעם, וואָס ערשט היינט פאַרשרייב איך די איינדרוקן פון קאָנגרעס.

פון דעם אָוונט, ווען איך בין אָנגעקומען קיין באַזעל, דעם 25סטן דע־צעמבער, ביז צו דעם מאָמענט פון מיין אַוועקפאָרן אין דער נאַכט פון ניי־יאָר, בין איך אַריין פון איין דיסקוסיע אין דער אַנדערער. זיצונגען פון צען אַ זייגער אין דער פרי ביז פיר אַ זייגער פאַר נאַכט. אין די פויזעס האָב איך געדאַרפט אויסגלייכן סכסוכים, פאַרגלעטן באַליידיקונגען, און אַזוי ווייטער.

אין דער פרי, דעם ערשטן טאָג, האָב איך געשיקט די טעלעגראַמע צום סולטאַן, און אין אָוונט פון צווייטן טאָג איז געווען דער ענטפער. ביז דע־מאָלט האָב איך געציטערט. ביז דעמאָלט האָט ער נאָך געקאָנט אָפּליי־קענען דעם אָנהייב פון אונדזערע באַציונגען. אָבער ער איז אין גאַנצן אַריין אין דער זאַך, און איז שוין איצט שטאַרק אינעווייניק. מיט דער טעלעגראַמע, וואָס איך האָב אַרויסגעשיקט דורכן טעלעגראַפן־אַמט אין באַזעל, איז מיין לאַגע געוואָרן באַשטעטיקט און רעגולירט.

מיינע קאָנגרעס־דעלעגאַטן האָבן, ווי עס ווייזט אויס, נישט אָפּגעשאַצט דעם פולן ווערט פון דער דעפּעשע. זיי פאַרשטייען גאָרנישט. זיי שאַצן איבער דאָס באַגאַלע און דערשאַצן נישט דאָס ריכטיקע.

אָבער עס איז גענוג, אַז איך ווייס וועגן דעם.

אַ קלענערע באַדייטונג פּאָליטיש, אָבער אַן אומפאַרגלייכלעך גרעסערע מ אָ ר אַ ל י ש, האָט געהאַט דער אָפיציעלער באַגריסונגס־בריוו פון דער רעגירונג פון באַזעל.

די הערן פון גרויסן אַקציאָנס־קאָמיטעט האָבן מיר געמאַכט שווע־ריקייטן אויך אין דער פראַגע וועגן "באַקשיש", וואָס איך האָב שטענדיק געלאָזט געבן דורך וואָלפסאָן, קרעמענעצקי, קאָקעש אאַז"ו. און באַקו־מענדיק פון זיי די געהעריקע קוויטירונג.

עטלעכע פון זיי האָבן געהאַט צו מיר אַזעלכע טענות, ווי איך וואָלט זיי אַריינגעשלעפּט עפּעס אין אַ געלט־שווינדל. אויך די באַנק־דירעקטאָרן האָבן נישט געהאַט קיין חשק צו באַשטעטיקן די סומעס, וואָס מיר האָבן אויסגעגעבן פאַר דער באַנק, בכדי צו באַקומען דעם טשאַרטער (די קווי־טירונג פון וואָלפסאָנען), זיי וואָלטן דאָס געטאָן, ווען איך וואָלט אויף דעם באַשטאַנען. אָבער דאַן וואָלט עס באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ "סוד" און וואָלט, נאַטירלעך, גאָר גיך אויסגעפּלוידערט געוואָרן אַרום און אַרום. קעגן דער דאָזיקער פּחדנות און טיפּשות האָב איך נישט געקאָנט טאָן עפּעס אַנדערש ווי אָנוואַרפן דעם קאָנגרעס דעם גאַנצן ענין, צו באַהאַנד־לען אים אָפן. פאַר דעם צוועק האָב איך באַנוצט דעם אָפּאָזיציע־פאַר־שטייער דר. דוד פאַרבשטיין, וועמענס רעזאָלוציע איך האָב אָנגענומען אַלס אויסגאַנגס־פּונקט.

דעמאָלט איז אַלץ נאַטירלעך שוין דורכגעגאַנגען גלאַטיק.

די דירעקטאָרן און די מיטגלידער פון אויפזיכטס־ראַט האָבן נישט פאַרשטאַנען די גאַנצע פּראָצעדור און האָבן לייכטער אָפּגעאָטעמט, ווען דער ענין איז פאַרביי.

זיין פּערזענלעכע לאַגע, די אָפּשוואַכונג פון זיין האַרץ, וואָס ער פילט אַלץ מער און מער, וואַרפן אַריין הערצלען אין מאָדנע שטי־מונגען. אָפט דערגייט ער דערצו צו מאַכן זיך אַ חשבון־הנפש:

ווין, 24סטן יאַנואַר, 1902.

דער ציוניזם איז געווען דער שבת פון מיין לעבן.

איך גלייב, אַז מיין ווירקונג אַלס פירער שטיצט זיך אויף דעם, וואָס אַלס אַ מענטש און אַלס אַ שריפטשטעלער האָב איך געהאַט און האָב אַזוי פיל חסרונות און בין באַגאַנגען אַזוי פיל טעותים און נאַרישקייטן, — אָבער אין ציוניזם בין איך געווען מיט אַ ריין האַרץ און האָב נישט געהאַט קיין פערזענלעכע אינטערעסן און פניות.

מערקווערדיק ווייט גייען מיינע געדאַנקען, ווען איך כאַפּ זיך אויף טייל מאָל צו פרי באַגינען. איך געפין דאַן אַ לייזונג פאַר אַ סך פראַגן פון איצט און איך טראַכט אויך דורך איינצלנע פּראָבלעמען פון דער אייביקייט.

היינט אין דער פרי האָב איך געטראַכט וועגן דעם מענטשלעכן קערפּער, וועלכן מיר קענען נאָך אַזוי ווייניק. דאָקטוירים האָבן די פּראָפּעס־יאָנעלע בלינדקייט פון אָפּגעשטאַנענע עקספּערטן.

וואָס פאַר אַ ווונדערלעכע מאַשין איז דאָס מענטשלעכע לייב. אַ כעמישע לאַבאָראַטאָריע, אַ קראַפט־קאָנצענטראַציע. יעדע באַוועגונג, אַ פּריווילעגיע אָדער נישט־פּריווילעגיע, איז פול מיט סודות און ווונדער. וואָס פאַר אַ גאַנז און פּליסיקייטן עס ווערן פּראָדוצירט אינעווייניק, שעדלעכע און נוצלעכע. איך גלייב דעריבער אין דער סערום־טעאָריע. פּונקט ווי דער קערפּער פון אַ חיה פּראָדוצירט סמען, אַזוי גיט ער אויך אַרויס הייל־שטאָפן, וואָס מען וועט זיכער אויסגעפינען, ווען מען וועט אָנגיין ווייטער מיט דעם פּראָגרעס פון אונדזער צייט.

הערצל קליבט זיך אויף זיין נייער רייזע קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. דעם סולטאַנס ראַטגעבער איבראַהים בעי האָט אים אַרויסגערופן צו געבן מער איינצלהייטן וועגן זיינע פאָרשלאַגן צו שאַפן אַ הלוואה פאַר טערקיי. הערצלס האָפענונג איז געווען צו קריגן פאַר דעם פּרייז פון דער הלוואה אַ „טשאַרטער" פון סולטאַן אויף ארץ־ישראל.

די נייע איינלאַדונג קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז געקומען אין אַ שלעכטער צייט פאַר הערצלען.

ווין, 8טן פעברואַר, 1902.

מיט מיין קאָפּ, פול מיט דאגות, ביי דער קראַנקייט פון מיין פרוי, האָב איך נעכטן געמוזט שרייבן אַ פעליעטאָן וועגן יאַפּאַנישע שוישפּילער.

דאָס דערמאָנט מיר וועגן דער צייט, ווען איך האָב געשריבן דעם "יידנשטאַט" אין פּאַריז, און האָב אין מיטן דערינען געדאַרפט גיין אין פּאַרלאַמענט צו באַריכטן וועגן אַ זיצונג, וועלכע איז מיט רעכט צומאָרגנס פאַרגעסן געוואָרן.

און דער פעליעטאָן איז אַפילו אַרויסגעקומען אַ גאַנץ גוטער.

ווין, 10טן פעברואַר, 1902.

נעכטן האָב איך געגעסן פרישטיק מיט פירשט אוילענבורגן *. ער איז געווען שאַרמאַנט. ער האָט דערמאָנט מיין רייזע קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אָבער ער האָט מיך גאָרנישט געפרעגט.

מיר האָבן גערעדט נאָר וועגן אַלגעמיינע זאַכן, און וועגן מיין "סאַלאָן אין לידיען" ** מיין "סאַלאָן אין לידיען" איז אים שטאַרק געפעלן. ער וויל די דראַמע שיקן צום קייזער.

היינט שרייב איך צו אים, צי ס'וואָלט נישט געווען פּאַסנדיק, אַז איך זאָל נאָך מיין צוריקקומען פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל אַליין פאַרלייענען פאַר דעם קייזער אין בערלין מיין "סאַלאָן אין לידיען". אפשר וועל איך אויך האָבן אים צו דערציילן עפּעס אינטערעסאַנטעס ?

פון דער "בייע פרייע פּרעסע" וועל איך זיך ווידער אַרויסדרייען אָן טומל, ווען איך וועל אַוועקפאָרן. איך וועל אָנשרייבן צו די אַרויסגעבער נאָר צוויי ווערטער :

"איך בין פּלוצעם אַוועקגעפאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און איך האָף ווידער דאָ צו זיין אין עטלעכע טעג אַרום".

הערצל קומט אָן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל דעם 14טן פעברואַר,

* דייטשער אַמבאַסאַדאָר אין ווין, אַ שריפטשטעלער און פּאָעט, וועלכער האָט אַ סך געהאָלפן הערצלען.

** הערצלס אַ דראַמע, וואָס איז דערשינען אין 1901 און האָט געהאַט אַ שטאַרקן דערפאָלג.

1902, אַלס אָפּיציעלער גאַסט פון סולטאַן אַבדול האַמיד דעם צווייטן, און אויף זיין איינלאַדונג. דער סולטאַן שיקט הערצלען אין האָטעל אַ זעקל מיט 200 ענגלישע פונט, אָבער אויפנעמען אים — ווי דאָס פריערדיקע מאָל — וויל ער נישט. אַנשטאָט צו האָבן אַן אוידיענץ ביים סולטאַן און מיט אים פאַרהאַנדלען די־רעקט, הייבן אָן צו קומען צו הערצלען אַבדול האַמידס ראַטגעבער און מיניסטאָרן מיט פאַרשידענע פּלענער. זיי שלאָגן פאָר הערצ־לען קאָנצעסיעס אויף באַאַרבעטן די נאַטור־אוצרות פון טערקיי, גרינדן אַ פּראָ־רעגירונגס־באַנק, און פאַרשטייט זיך, שאַפן די נייטיקע קאַפּיטאַלן. דערפאַר זענען זיי גרייט איינצוגיין אויף דעם אַז עס זאָל געגרינדעט ווערן אַ קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט פאַר באַזעצן יידן — אָבער אויסדריקלעך נישט אין ארץ־ישראל, נאָר אין אַן אַנדער פּראָווינץ פון דער טערקישער אימפּעריע. הערצל וואַרפט אָפּ קאַטעגאָריש דעם דאָזיקן אָנבאָט.

אָבער סיי־ווי־סיי שטעלט זיך באַלד אַרויס, אַז דאָס גאַנצע איינלאַדן הערצלען דאָס מאָל קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז געווען אַן אָנשטעל, בכדי אויסצושפּילן דעם ציוניסטישן פירער קעגן אַ פראַנצויזישער באַנקירן־גרופּע מיט דעם פינאַנץ־מיניסטער מאָריס רוויע אין דער שפּיץ, וואָס איז געקומען מיט פּלענער צום סולטאַן און האָט אויך גאָרנישט דערגרייכט.

הערצל הייבט שוין אָן איינצוזען, אַז זיינע אויסזיכטן דורכ־צופירן עפּעס אין טערקיי וועגן אַ "טשאַרטער" אויף ארץ־ישראל זענען גאַנץ שוואַכע.

13טן פעברואַר, 1902, אין באַן וואַגאָן הינטער ווערציאַראָוואָ.

אַ וווּנדערלעכע פרימאָרגן־לאַנדשאַפט ביים דונײַ. פון וואַנען עס טראָגן זיך אַזעלכע זיסע ריחות, דאָס וואַסער גלאַנצט, ווי אַ צאַרט־לייכטנדיקער מאַטער שפּיגל.

איך בין שלעכט געשלאָפן. אָבער איצט פאָר איך שוין מיט אַ בעסע־רער פרימאָרגן־שטימונג צו דעם סודותדיקן מיזרח.

קאָנסטאַנטינאָפּאָל, 17טן פעברואַר, 1902.

דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן גוט און זיך געענדיקט שלעכט.

איך האָב פאַרענדיקט מיין בריוו צום סולטאַן, און דאַן בין איך אַוועק־

געפאָרן אין "יילדיז" (דעם סולטאַנס פּאַלאַץ), אַ ביסל אַ פאַרשפּעטיק־טער. איך האָב איבערגעגעבן מיין בריוו איבראַהימען, וועלכער האָט אים דאַן איבערגעזעצט אויף טערקיש פאַר דעם סולטאַן, מיט דער הילף פון דעם צווייטן צערעמאָניע־מיניסטער גאליב בעי. ער האָט געהאַט דעם אויפטראַג צו מאַכן אַ ווערטערלעכע איבערזעצונג.

דאַן זענען מיר געגאַנגען עסן פרישטיק, וואָס איז דאָס מאָל געווען אַ ביסל בעסער.

בכדי צו פאַרדייען דאָס עסן — אַן אמתע שטורמישע פאַרדייונג — איז ווידער געקומען איזעט בעי (הויפּט־ראַטגעבער פון סולטאַן), ער האָט איבערגעלייענט מיין בריוו און האָט מיט זיין געוויינלעכער שאַרפ־קייט פאַרלאַנגט פון מיר אויפקלערונגען וועגן דער "אָטאָמאַניש יידישער געזעלשאַפט פאַר קאָלאָניזאַציע". זאָל די דאָזיקע געזעלשאַפט האָבן דאָס רעכט אויסצוקלייבן די ערטער פאַר קאָלאָניזירן, ווו די יידן זאָלן קאָנען קויפן לאַנד און זיך באַזעצן, שאַפנדיק יישובים?

"יאָ! — האָב איך געענטפערט — דאָס איז אומבאַדינגט נייטיק. נאָך אַלעמען האַנדלט זיך עס אונדז נישט וועגן אינדיווידועלער שוץ. דאָס האָבן מיר אויך איצט שוין אין אַלע ציוויליזירטע לענדער. מיר זענען פאַראינטערעסירט אין נאַציאָנאַלער שוץ".

די עקסעלענצן האָבן מיך געפרעגט, וואָס איך מיין מיט דעם צו זאָגן.

איך האָב זיי דערקלערט: איך מיין, אַז עס זאָל געמאַכט ווערן אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע לטובת אונדז, אַזעלכע ווי עס וואָלט געווען די איינלאַדונג איינצוואַנדערן אָן שום באַגרענעצונגען.

איזעט איז דאַן אַוועקגעגאַנגען מיט מיין בריוו צום סולטאַן.

אין דער צייט, ווען מיר האָבן געוואַרט, זענען איבראַהים און גאליב געווען זייער ענטוזיאַסטיש וועגן די קומענדיקע גליקלעכע אַנטוויקלונ־גען: ווי אַזוי עס וועט אויסזען, ווען די יידן וועלן אָנהייבן קומען. זיי האָבן געחלומט אויף דער וואָר וועגן דער אויסברייטערונג פון דער לאַנד־ווירטשאַפט און אינדוסטריע, וועגן באַנען, וואָס וועלן נישט זיין אין דינסט פון אויסלענדער אאַז"וו.

אָבער דאַן איז איזעט צוריקגעקומען מיטן ענטפער פון סולטאַן, און

דער ענטפער איז נישט געווען קיין גינסטיקער. דער סולטאַן וואָלט געווען גרייט צו עפענען זיין אימפעריע פאַר אַלע יידן, וועלכע ווערן טערקישע אונטערטאַנער, אָבער די געגנט, ווו די יידן זאָלן זיך באַזעצן, וועלן באַשטימט ווערן פון פאַל צו פאַל דורך דער רעגירונג. און ארץ־ישראל זאָל דערפון זיין אויסגעשלאָסן. די אָטאָמאַניש יידישע געזעלשאַפט זאָל קאָנען קאָלאָניזירן אין מעסאָפּאָטאַמיע, סיריע, אַנאַטאָליע און אומעטום ערגעץ אַנדערש, אָבער נאָר נישט אין ארץ־ישראל!

א טשאַרטער אָן ארץ־ישראל. איך האָב אָפּגעזאָגט גלייך אויפן אָרט.

הערצל פאָרט אַוועק פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל אָן שום רעזולטאַטן. דאָך וויל ער נישט איבעררייסן אין גאַנצן די פאַרהאַנדלונגען. ער וואָרנט אָבער פאַר פאַלשע אילוזיעס און פאַר פאַרפירערישע באַריכטן וועגן זיינע פאַרהאַנדלונגען אין דער טערקישער הויפּטשטאָט.

ווין, 21סטן פעברואַר, 1902.

היינט אָוונט איז געקומען אַ טעלעגראַמע פון גרינבערגן (רעדאַקטאָר פון לאָנדאָנער "דזשואיש קראָניקל"): אין לאָנדאָן האָבן די צייטונגען געדרוקט אַרטיקלען מיט דעם אינהאַלט, אַז איך האָב שוין אָפּגעשלאָסן דעם אָפּמאַך מיט טערקיי וועגן דעם "טשאַרטער".

איך האָב גלייך טעלעפאָנירט צו די קאָרעספּאָנדענטן פון "דיילי מייל" און "דיילי ניוס" און האָב זיי געבעטן אָפּצולייקענען די קלאַנגען אין מיין נאָמען, אַזוי אַז אין דער פרי וועט שוין דערשיינען מיין הכחשה.

אין מיטן פון די אַלע שווערע שטימונגען און דאגות מאַכט הערצל אַ נייעם, מערקווערדיקן פאָרשלאַג דעם סולטאַנס רעגירונג אין אַ בריוו צו אַבדול חאַמידס הויפּט־ראַטגעבער איזעט בעי.

ווין, 3טן מיי, 1902.

טייערע עקסעלענץ!

איך האָב מורא, אַז מען האָט אַ ביסל געאַרבעט קעגן מיר, און אַז מען האָט מיך אַ ביסל פאַרגעסן.

אָבער איך גלייב, אַז איך האָב געפונען אַ מיטל צו ענטפערן די, וועלכע האָבן מיך אפשר פאַרגעשטעלט אין אַן אומגינסטיקן ליכט. דאָס מיטל איז אײנפאַך: פאַרצושלאָגן זיין אימפּעריאַלער מאַיעסטעט (דעם סולטאַן) אַ גרויסע און וויכטיקע זאַך, וואָס זאָל ברענגען פיל נוצן. דאָס וועט אַרויס־רייסן מיטן וואָרצל דעם אומגעזונטן גייסט.

מיט איין וואָרט: שאַפן אַ יידישן אוניווערסיטעט, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע וויסנשאַפטן אין זייער העכסטער פאָרעם, און אין דער מאָדערנסטער, — שאַפן דעם דאָזיקן מאָדעל־אוניווערסיטעט אין אייער לאַנד! וועגן די קאָסטן וועלן נישט זיין קיין שוועריקייטן.

וואָס מיינט איר וועגן דעם? אויב זיין אימפּעריאַלע מאַיעסטעט וועט מיך רופן, וועט מען קאָנען אין דער זעלבער צייט רעדן וועגן דעם און וועגן נאָך אַנדערע זאַכן.

באַלד קומט אַ נייע ווענדונג אין הערצלס פּאָליטישער אַרבעט — מיט נייע האָפענונגען און פּלענער. דער ציוניסטישער פירער קריגט אַן איינלאַדונג צו דערשיינען פאַר אַ בריטישער קעניגלעכער קאָמיסיע, וואָס האָט באַהאַנדלט די פראַגע וועגן דער איינוואַנדערונג פון אויסלענדער קיין ענגלאַנד. די ענגלישע רעגירונג איז דאַן אַליאַרמירט געוואָרן פון דעם מאַסן־שטראָם פון יידישע עמיגראַנטן פון רוסלאַנד און רומעניע, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין אָנקומען קיין לאָנדאָן, און עס האָט זיך געהערט אַ פאָדערונג צו באַגרענעצן די איינוואַנדערונג. דער פּרעמיער־מיניסטער אַרטור דזשיימס באַלפור — וועלכער האָט מיט פופצן יאָר שפּעטער זיך באַרימט געמאַכט מיט דער באַלפור־דעקלאַראַציע — האָט באַשטימט אַ קאָמיסיע פאַר אויספאָרשן דאָס פּראָבלעם. הערצלס פריינד האָבן געפועלט, אַז די קאָמיסיע זאָל אים איינלאַדן אַלס אַן עקספּערט־עדות אין דער פראַגע פון יידישער וואַנדערונג. עס איז געווען אַן אויסזיכט צו קאָנען אויסנוצן הערצלס אַרויסטריט פאַר די צוועקן פון ציוניזם.

אויפן וועג פון ווין קיין לאָנדאָן שטעלט זיך אָפּ הערצל אין פּאַריז — און אָט באַפאַלן אים אומעטיקע מחשבות וועגן זיין לעבנסוועג.

פּאַריז, 4טן יוני, 1902.

ווידער אין פּאַריז!

איצט בין איך שוין אַ מענטש, וואָס עלטערט זיך, און אַ באַרימטער מאַן.

די יאָרן פון מיין יוגנט זענען מיר פון דעסטוועגן געווען ליבער, נישט געקוקט אויף זייער מעלאַנכאָליע.

דער דערפאָלג פון מינדערוועטיקע מענטשן רירט נישט אָן דעם מענטש פון ווערט, ווען ער אַליין גייט פאַרביי אומבאַמערקט דורך דער מאַסע. אָבער דער דערפאָלג פון מינדערוועטיקע קרענקט אים, ווען ער אַליין ווערט אָנערקענט. צום גליק, קומט פאַר דער צווייטער פאַל זייער זעלטן, אָדער נאָר אין שפּעטן עלטער (שאָפּענהויער, איבסען).

אָפט מאָל טרעפט עס, ווען אַ ווערטפולער מענטש איז טעטיק אויף פאַרשידענע געביטן, דעמאָלט ווערט ער זיכער אָנערקענט נאָר דאָרט, וווּ עס ליגט נישט דאָס שווערגעוויכט פון זיין פּערזענלעכקייט.

אַזוי, צום ביישפּיל, בין איך געוואָרן וועלט-באַרימט אויף אַ געביט, אויף וועלכן איך האָב גייסטיק כמעט גאָרנישט אויפגעטאָן און האָב בלויז אַנטוויקלט אַ מיטלמעסיקע פּאָליטישע פעיִקייט, — וואָס עס קאָן דער־גרייכן יעדער איינער אַפילו מיט אַ פערדישן מוח. — און אין אַזאַ גאַנץ קלאָר פאַרשטענדלעכן עניִן, וועלכן בלויז ווילדע נאַראָנים קאָנען באַ־גרייפן. אין אָט דעם עניִן, אין דער יידן־-פראַגע, בין איך געוואָרן אַ וועלט-באַרימטער אַגיטאַטאָר.

אָבער אַלס שריפטשטעלער, און באַזונדערס אַלס דראַמאַטורג, באַ־טראַכט מען מיך פאַר אַ גאָרנישט, נאָך ווייניקער ווי גאָרנישט. מען רופט מיך בלויז: אַ גוטער זשורנאַליסט. און דאָך פיל איך און איך ווייס, אַז איך בין, אָדער איך בין געווען אַ שריפטשטעלער פון אַ גרויסער ראַסע, וועל־כער האָט נישט אַרויסגעגעבן זיין פולע מאָס שאַפונגען נאָר דערפאַר, ווייל מען האָט אים כסדר אַנטמוטיקט און פאַרמיאוסט זיין לעבן.

הערצל קומט אָן קיין לאָנדאָן און גרייט זיך צו זיין אַרויסטריט פאַר דער קעניגלעכער קאָמיסיע. ער דאַרף זיך אויך טרעפן מיט לאָרד נתנאל מאיר ראָטשילד און האָבן מיט אים אַ וויכטיק גע־

שפּרעך וועגן די ארץ־ישראל־פּלענער. אָבער מיט אַ מאָל פּאַסירט מיט הערצלען אַן אומגליק, וואָס דערשיטערט אים ביז צו די טיפעניש פון זיין איידעלער נשמה:

לאָנדאָן, אין דער נאַכט פון 9טן אויפן 10טן יוני, 3 פאַר טאָג.

ווען איך בין היינט צוריקגעקומען פון טעאַטער אין האָטעל, האָב איך געפונען פאָלגנדיקע דעפּעשע פון מיין פרוי:

"פּאַפּאַ שווער קראַנק, קום גלייך קיין ווין".

דאָס איז דער טויט. איך האָב עס געזען קלאָר אין דער זעלבער מינוט.

מיט אינפאָרמירן זיך וועגן די נאָענטסטע באַן־צוגן, טעלעגראַפירן, איינפּאַקן זיך, זענען מיר פאַרבייגעגאַנגען צוויי שעה. דעם איבעריקן טייל פון דער נאַכט וועט זיין שווערער דורכצומאַכן.

אין דעם דאָזיקן בוך דאַרף עס פאַרשריבן ווערן. איך גלייב, אַז איך בין צו מיין גוטן פאָטער, וועלכער האָט אַזוי פיל געטאָן פאַר מיר, געווען אַלע צייטן אַ געטרייער, דאַנקבאַרער, רעספּעקטפולער זון.

וויפל האָט ער מיט מיר דורכגעמאַכט! וויפל האָט ער מיך געשטיצט, געטרייסט, נאָך דעם ווי ער האָט מיך אַזאַ לאַנגע צייט דערצויגן, גע־בילדעט און אויסגעהאַלטן!

אַלע מיינע רייזעס, פון וועלכע איך האָב אַזוי פיל געלערנט, פאַרדאַנק איך אים.

און איצט בין איך נישט אין דער היים, ווען ער פאַרמאַכט די אויגן.

איך האָב זיך שטענדיק געאיילט מיטצוטיילן מיינע עלטערן יעדע אָנ־גענעמע זאַך, באַלד אויף דער הייסער מינוט. ווי גערעכט איך בין גע־ווען — עס פּאַסירט, אַז מען קומט צו שפּעט.

מיין טייערער פאָטער האָט נישט געלייענט דעם סוף פון מיין ראָמאַן "אַלט־ניי־לאַנד".

וויפל בין איך אים שולדיק געבליבן, הגם איך בין נישט געווען קיין שלעכטער זון.

וואָס פאַר אַ שטיצע ער איז געווען פאַר מיר כסדר! וואָס פאַר אַ ראַטגעבער!

ווי אַ בוים איז ער נעבן מיר געשטאַנען, איצט איז דער בוים אַוועק.

עס איז נאַריש אין פאַרהעלטעניש צו דעם, וואָס איך האָב פאַרלוירן — אַז עס טוט מיר איצט וויי, וואָס מיין פאָטער וועט זיך מער נישט דער־וויסן, אַז איבערמאָרגן האָב איך געזאָלט האָבן מיט לאָרד ראָטשילדן אַ געשפּרעך, וואָס וואָלט אפשר געקאָנט זיין אַנטשיידנדיק פאַרן ציוניזם.

נאַטירלעך, פאַלט איצט אַלץ אָפּ — דאָס געשפּרעך און מיין אַרויסטריט פאַר דער קעניגלעכער קאָמיסיע.

איך גלייב נישט אין דער שווערער קראַנקייט. דאָס וואָלט מען פאַר־שוויגן פאַר מיר. יוליעס דעפּעשע מיינט: טויט.

10טן יוני, אין געבורטס־טאָג פון האַנסן *
אויף דער שיף צווישן דאָווער און אָסטענדע.

פאַרן אָפּפאָר פון לאָנדאָן האָב איך דערהאַלטן די דעפּעשע פון דאָק־טער: "פאָטער נאָך אַן אַטאַקע, פלוצעם, אָן וויטיקן, אויסגעגאַנגען".

איך האָב נאָך געהאַט, טיף אין מיר, אַ שימער פון האָפענונג, אַז עס איז בלויז אַ לונגען־אָנצינדונג.

איך גלייב, אַז ווען מען שניידט ביי איינעם אַראָפּ אַ האַנט, באַמערקט מען עס נישט אין ערשטן אויגנבליק; דאַן טוט עס מוראדיק וויי, און דאַן פאַרגעסט מען.

11טן יוני, אין וואַגאָן פון אָסטענדע־עקספּרעס קיין ווין.

איצטער בין איך באַלד אין ווין, וווּ איך וועל האָבן דאָס "פאַרגעניגן" קובר צו זיין מיין פאָטער. וואָלפסאָן האָט געוואָלט אַריינקומען אין צוג אין קעלן און מיטפאָרן מיט מיר. איך האָב אים נישט געלאָזט. ער קאָן מיר גאָרנישט העלפן.

20סטן יוני, 1902, אַלט־אַוסזעי.

אַלץ גייט פאַרביי. איצט זיץ איך ווידער ביים שרייב־טיש, ווי פאַר־אַיאָרן זומער, און האָב פון מיין פאָטער נישט מער ווי דאָס בילד, וואָס שטייט פאַר מיר. ער איז אין גאַנצן אַרויס פון מיין לעבן. בלויז דאָס

* הערצלס זון.

דאָזיקע בילד זאָגט מיר, ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען דער, וועמען איך וועל שוין מער נישט זען.

הערצל קען קוים קומען צו זיך נאָך דעם שווערן קלאַפּ דורכן טויט פון זיין פאָטער, וועלכן ער האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט און פאַרהערלעכט — און די פליכט רופט אים ווייטער. ער דאַרף פאָרן קיין לאָנדאָן. עס וואַרט אויף אים די איינלאַדונג אַרויסצוטרעטן פאַר דער ענגלישער קעניגלעכער קאָמיסיע, וואָס באַהאַנדלט דאָס פּראָבלעם וועגן דער ווייטערדיקער איינוואַנדערונג פון אויסלענדער, בעיקר פון יידן, וועלכע ווילן זיך ראַטעווען פון מיזרח־אייראָפּע.

הערצל וויל אויסנוצן די דאָזיקע געלעגנהייט פאַר אַרויסברענגען די ציוניסטישע פאָדערונג — צו באַנייען די יידישע מדינה, וועלכע זאָל צוריק ווערן די פרייע און אומאָפּהענגיקע היים פון אַלע גערודפטע יידן.

הערצל איז געווען געצוווּנגען דורכצולאָזן איין טערמין, ווען ער האָט געדאַרפט מאַכן די דערקלערונג פאַר דער קאָמיסיע. די טעלעגראַמע פון ווין אין מיטן נאַכט וועגן טויט פון זיין פאָטער האָט געמאַכט אַ סוף צו אַלע זיינע פּלענער דאָס מאָל אין לאָנדאָן, און ער איז גלייך, אין עטלעכע שעה אַרום, אַוועקגעפאָרן. איצט האָט ער אַ צווייטן טערמין אַרויסצוטרעטן פאַר דער קאָמיסיע. ער גרייט זיך אויך ביי דער געלעגנהייט, צו האָבן אַ גרינדלעך און דעצידירנדיק געשפּרעך מיט לאָרד נתנאל מאיר ראָטשילד אין לאָנדאָן וועגן זיין הילף פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דער יידנשטאַט־אידעע.

די ערשטע טעג פון זיין איצטיקן באַזוך אין לאָנדאָן פאַרשאַפן הערצלען אַ געוויסע צופרידנקייט.

לאָנדאָן, 5טן יולי, 1902.

ווען איך בין אַוועקגעפאָרן פון דאַנען, האָב איך געהאַט פון די פינצטערסטע נעכט אין מיין לעבן. ווען איך בין נעכטן צוריקגעקומען, האָב איך געהאַט איינעם פון די דערפאָלגרייכסטע טעג.

אַרום צוועלף אַ זייגער איז געקומען צו מיר אַן אַטאַשע פון דער טערקישער אַמבאַסאַדע. ער האָט מיך אויפגעזוכט און געוואַרט אויף מיר.

דער אַטאַשע האָט מיר געמאָלדן, אַז דער אַמבאַסאַדאָר האָט מיר איבער־צוגעבן אַן אויפטראַג פון סולטאַן. איך האָב אים געבעטן צו קומען נאָך אַ מאָל נאָך מיטאָג, ווייל איך האָב גראָד געהאַט עטלעכע באַשטימטע באַגעגענישן.

אַ פערטל צו איינס בין איך שוין געווען אויפן וועג צו ראָטשילדן. געבוי איינס אַ זייגער בין איך דורכגעגאַנגען דורך דעם טויער, האָב זיך געלאָזט מעלדן דורך דער מחנה באַנק־אָנגעשטעלטע און בין אַריינגע־פירט געוואָרן אין אַ צימער, וואָס האָט אויסגעזען זייער סוחריש. איך האָב נישט געוואַרט קיין מינוט, און דער לאָרד איז אַריינגעקומען. אַ גוט אויסזעענדיקער ענגליש־יידישער אַלטער איידלמאַן. ער האָט זייער סימ־פאַטישע גרויסע יידישע אויגן און הערט זייער שווער. מיר האָבן גלייך אָנגעהויבן דאָס געשפּרעך.

אין ענגלאַנד — האָט ראָטשילד געזאָגט — וועט קיין מאָל נישט זיין קיין אַנטיסעמיטיזם. אין פראַנקרייך איז די לאַגע אַ גאַנץ אַנדערע, אאַז״וו.

אין ציוניזם גלייבט ער נישט (נאָך עטלעכע אַריינפּיר־ווערטער אין ענגליש האָבן מיר גערעדט דייטש).

ער איז נישט קיין ציוניסט. מיר וועלן קיין מאָל נישט קריגן ארץ־ישראל. אאַז״וו. ער איז אַן ענגלענדער און וויל בלייבן אַן ענגלענדער. ער "וואָלט געוואָלט", אַז איך זאָל דער קעניגלעכער קאָמיסיע זאָגן דאָס און דאָס, און אַז איך זאָל נ י ש ט זאָגן דאָס און דאָס.

אין דעם מאָמענט איז דער גאַנצער ענין געוואָרן פאַר מיר נאַריש. איך האָב אים שוין עטלעכע מאָל פריער געמאַכט צווישן־באַמערקונגען. איצט אָבער האָב איך אָנגעהויבן אַזוי שטאַרק אים איבערצושרייען, אַז ער איז געוואָרן אין גאַנצן צעחושט און האָט געהאַלטן פאַרמאַכט דאָס מויל.

"איך וועל זאָגן דער קאָמיסיע, וואָס איך האַלט פאַר ריכטיק, און איך וועל דערקלערן דאָס, אין וואָס איך בין איבערצייגט. דאָס איז שטענדיק מיין געוווינהייט און אַזוי וועל איך זיך אויך דאָס מאָל אויפפירן. עס איז פאַלש, אַז די גרויסע מלוכות זענען קעגן דעם, אַז מיר זאָלן זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל. דייטשלאַנד און רוסלאַנד האָב איך באַאיינפלוסט, אַז

זיי זאָלן זיין דירעקט אויף אונדזער זייט.ביים סולטאַן בין איך "פּער־סאָנאַ גראַטאַ".

"יאָ — האָט ער אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט — דער סולטאַן איז, נאַטירלעך, פריינדלעך מיט אייך, ווייל איר זייט דר. הערצל פון דער "נייע פרייע פרעסע".

"פאַלש האָב איך אויסגעשריגן — די "נייע פרייע פרעסע" האָט גאָר־נישט וואָס צו טאָן מיט דער זאַך. די אַרויסגעבער זענען טויט־שונאים פון מיין פּלאַן וועגן יידן. דאָס וואָרט ציוניזם איז ביזן היינטיקן טאָג נאָך נישט געווען געדרוקט אין דער "נייע פרייע פרעסע". מיט דעם סולטאַן האָב איך וועגן דער "נייע פרייע פרעסע" איבערהויפּט נישט פאַרהאַנדלט.

ראָטשילד האָט מיר ווייטער געזאָגט, אַז אַרנאָלד ווייט און גאָרדאָן * האָבן מיך גערופן אַלס קרוין־עדות, בכדי זיי זאָלן זיך קאָנען אויף מיר שטיצן און זאָגן: דר. הערצל איז זיכער דער בעסטער ייד, און ער דער־קלערט, אַז אַ ייד קאָן קיין מאָל נישט ווערן קיין ענגלענדער.

עס וואָלט געווען נאַריש און חוצפּהדיק פון מיר — האָב איך געענט־פערט — ווען איך זאָל האַלטן פאַר דער קאָמיסיע אַ לעקציע וועגן די אייגנשאַפטן פון אַ ריכטיקן ענגלענדער. איך וועל זאָגן פּשוט, וואָס פאַר אַן אומגעהייערע נויט עס הערשט אין מיזרח, און אַז די מענטשן מוזן פון דאָרט אַוועקפאָרן, אָדער זיי וועלן אויסשטאַרבן.

די נויט אין רומעניע איז אונדז באַקאַנט זינט 1897. אין גאַליציע איז אפשר די לאַגע נאָך אַן ערגערע. דאָרט זענען פאַראַן זיבן הונדערט טויזנט מענטשן, וואָס לעבן אין נויט. זיי וועלן אויך זיך אַרויסלאָזן אין וועג.

"איך האָף, אַז איר וועט דאָס נישט זאָגן דער קאָמיסיע — האָט דער לאָרד זיך אָנגערופן — עס קאָנען נאָך קומען געזעצן צו באַגרענעצן די איינוואַנדערונג".

* אַרנאָלד הענרי ווייט, אַ פּראָמינענטער ענגלישער פּאָליטישער שריפטשטעלער, וועל־כער האָט אויסגעדריקט אַנטיסעמיטישע אָנשויונגען, האָט פאָרגעלייגט דער קעניגלעכער קאָמיסיע צו באַגרענעצן די איינוואַנדערונג פון יידן.

מאַיאָר וויליאַם אידען עוואַנס־גאָרדאָן, דעפּוטאַט פון פּאַרלאַמענט און הויפּט־אויס־פאָרשער פון דער קאָמיסיע.

דאָ בין איך שוין אַרויס פון די כּלים: געוויס וועל איך עס זאָגן! גאַנץ געוויס! איר קאָנט זיך שוין אויף דעם פאַרלאָזן!

ער איז געוואָרן צערודערט ביז גאָר, האָט אַ קלוגג געטאָן און געלאָזט רופן זיין ברודער לעאָפּאָלד.

איך האָב פאַר לעאָפּאָלדן איבערגעזאָגט נאָך אַ מאָל, וואָס איך האָב שוין פריער געהאַט דערקלערט, און האָב צוגעגעבן, אַז לויט מיין מיינונג איז די יידישע צדקה געוואָרן אַ מאַשין צו אונטערדריקן דאָס געשריי פון נויט.

לאָנדאָן, דעם 5טן יולי, 1902.

איך האָב געזאָגט דעם טערקישן אַמבאַסאַדאָר, וועלכער האָט מיך אינ־פאָרמירט, אַז דער סולטאַן בעט מיך צו קומען גלייך קיין קאָנסטאַנטינאָ־פּאָל, אַז איך קאָן נישט פאָרן פאַר דינסטיק (אין צוויי טעג אַרום) צוליב מיין אַרויסטריט פאַר דער קעניגלעכער קאָמיסיע. איך בין גרייט זיך אַרויסצולאָזן אין וועג מיטוואָך, אָבער איך דאַרף פריער וויסן גענוי, צי איך זאָל פאָרן, בכדי צו מאַכן מיינע אַראַנזשירונגען.

הערצל טרעט אַרויס דעם 7טן יולי, 1902, פאַר דער ענגלישער קאָמיסיע און מאַכט אַ לענגערע דערקלערונג, פול מיט טאַקט און גרינדלעכע אַרגומענטן, וועגן דער יידן־פראַגע אין אייראָפּע, און ער ברענגט אַרויס זיין אידעע וועגן אַ ציוניסטישער לייזונג פון דער יידן־פראַגע. זיין דערקלערונג מאַכט אַ שטאַרקן איינ־דרוק. אָבער הערצל אַליין איז נישט צופרידן. זיין אייגענער רושם איז, אַז עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן, און אַז ער איז דורכ־געפאַלן מיט זיין אַרויסטריט פאַר דער קאָמיסיע.

לאָנדאָן, 9טן יולי, 1902.

איך האָב מיט צוויי טעג צוריק אויסגעזען היפּש נעבעכדיק מיט מיין אַרויסטריט פאַר דער קעניגלעכער קאָמיסיע. איך בין נישט געווען אין דער שטימונג און האָב זיך נישט באַהערשט. איך האָב גערעדט אַ שלעכטן ענגליש און האָב אויך שלעכט פאַרשטאַנען זייער ענגליש, איך בין אויך נישט געווען גענוג פאַרזיכטיק.

נאָך דעם ווי איך האָב געמאַכט מיין דערקלערונג פאַר דער קאָמיסיע, בין איך אַוועקגעפאָרן אויף אַ "גאַרדען פּאַרטי" צו ראָטשילדן, ווו מען האָט מיך "געזען". און מיט דעם האָב איך ביי די ענגלישע "הויך־יידן" אפשר געבראַכט מער נוצן דער ציוניסטישער אידעע, ווי מיט אַלע מיינע פריערדיקע רעדעס און אַקציעס.

נעכטן האָב איך פאַרריכט דעם שלעכטן איינדרוק, וואָס איך האָב גע־מאַכט — ווי איך האָב געפילט — אויף דעם פאָרזיצער פון דער קאָ־מיסיע לאָרד דזשיימס אָוו הערפאָרד, בעת מיין דערקלערונג. איך האָב אים געזאָגט אָפן און אָפנהאַרציק דאָס אַלץ, וואָס איך האָב ביים פאַר־הער פון דער קאָמיסיע אויסגעדריקט נישט קלאָר און מיט רעזערוו.

לאָרד דזשיימס מיינט, אַז איך קאָן פאַרווירקלעכן דעם סיני־על־אַריש־ציפערן־פּלאַן (וועגן יידישער קאָלאָניזאַציע) בלויז מיט דער הילף פון לאָרד ראָטשילד.

די ראָטשילדס דאַרפן ווערן מיינע אַגענטן דאָ, אין ענגלאַנד. זיי ווערן זייער געאַכטעט דאָ, אין דעם לאַנד, ווו עס איז נישטאָ קיין אַנטיסעמיטיזם.

מיר זאָלן נישט דערוואַרטן קיין געלט פון דער בריטישער רעגירונג פאַר דער קאָלאָניע, וואָס מיר ווילן שאַפן (האָט לאָרד דזשיימס ווייטער געזאָגט). די נייטיקע פאָנדן וועלן דאַרפן צוגעשטעלט ווערן דורך די יידן.

איך בין נישט אַריינגעגאַנגען מיט אים אין קיין פּרטים וועגן דער עווענטועלער קאָנסטיטוציע פאַר דער יידישער קאָלאָניע. איך האָב בלויז באַמערקט, אַז די קאָלאָניע וועט דאַרפן זיין אַ שיינע און האָבן אַ צו־ציִונגס־קראַפט, אַזוי אַז נישט בלויז בעטלערס זאָלן קומען אַהין. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז מיין אידעע איז לאָרד דזשיימסן געפעלן געוואָרן אַ סך מער, ווי ער האָט דאָס מיר אַרויסגעוויזן.

הערצל לאָזט זיך אַריין אין פאַרהאַנדלונגען מיט לאָרד ראָט־שילד וועגן דעם נייעם קאָלאָניזאַציע־פּלאַן אין סיני־על־אַריש־ציפערן. ער האָט מיט אים וויטערדיקע געשפּרעכן אין לאָנדאָן און פירט אויך מיט אים אַ גרויסע קאָרעספּאָנדענץ נאָכן אַוועק־פאָרן פון ענגלאַנד. פון זיין אַפּרו־אָרט אין אַלט־אַוסזעי, וווהין

הערצל פלעגט פאַרן יעדן זומער, שרייבט ער אַ לענגערן בריוו צו לאָרד נתנאל מאיר ראָטשילד אין לאָנדאָן:

אַלט־אַוסזעי, 21סטן יולי, 1902.
פּריוואַט און פאַרטרוילעך.
ליבער לאָרד ראָטשילד!

אויף אייער בריוו פון דעם 15טן, ד״ח, האָב איך נישט געקאָנט ענטפערן אין לאָנדאָן, אין דער איילעניש פון מיין אַוועקפאָרן, ווייל איר אַליין האָט געזאָגט, אַז מיינע קאָלאָניזאַציע־פאָרשלאָגן פאָדערן אַ לענגערע שטודיע.

דערמיט בין איך נישט אין גאַנצן מסכים. עס איז אויך געווען מיין אידעע, אַז אַ קאָלאָניזאַציע קאָן מען אָנהייבן נאָר קורץ פאַרן פרילינג, אין פעברואַר, אָדער מערץ, אין דער צייט פון די פלאַנצונגען פאַרן זומער, ווייל דאָס איז צום נאָענטסטן צום ערשטן שניט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דעם באָדן דאַרף מען זיך פאַרזיכערן שוין אין האַרבסט, און דעם ווינטער דאַרף מען באַנוצן פאַר די צוגרייטונגען. די פּרטים פון די צוגרייטונגען האָב איך שוין לאַנג אויסגעאַרבעט.

איך וואָלט געווען אַזוי צופרידן, ווען איך וואָלט אייער ענטפער נישט געדאַרפט אויסטייטשן אַלס אַן אָפּזאָג. ווער קאָן העלפן אונדזער אָרעם פאָלק, אויב נישט איר?

איר זענט אַ גוטער מענטש. איצט, נאָך דעם ווי איך האָב זיך באַקענט מיט אייך נענטער, בין איך איבערצייגט, אַז איר זענט אַ גוטער מענטש. טאָ זייט אויך אַ גרויסער מענטש.

די אונטערנעמונג קאָן נאָר דעמאָלט זיין געזיכערט מיט דערפאָלג, אויב זי וועט דורכגעפירט ווערן מיט גענוגנדיקע מיטלען און אויב עס וועלן זיין מעגלעכקייטן פאַר אויסברייטערונג.

עס איז נישט שווער צו רעכענען אויף זעכצן מיליאָן פונט פאַר אַן אונטערערדישער באַן פון פּיקאַדילי קיין קאַרנהיל. געזעלשאַפטן מיט אַ קאַפּיטאַל פון צען מיליאָן פונט פאַר וועלכער עס איז אינדוסטריעלער אונטערנעמונג זענען אין די איצטיקע אַמעריקאַנישע צייטן אַ געוויינ־

לעכע זאַך. קאָן עס געמאָלט זיין, אַז אַ לאַנד־געזעלשאַפט, וועלכע וועט ענדגילטיק באַפרייען די וועלט פון דער פּיינלעכער יידן־פּראַגע, זאָל אונטער דער אָנפירונג פון לאָרד ראָטשילד נישט קאָנען שאַפן אַזאַ סומע ?

איך ווייס זייער גוט אין וואָס עס באַשטייט דאָ דער פּלאָנטער: אָן ענין, וואָס ווייזט אויס צו האָבן אַ פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער, דאַרף מען אויפנעמען און פאַרשטעלן ווי אַ געשעפטלעכע אָנגעלעגנהייט.

אָבער טאַקע דאָס איז אָן אונטערנעמונג, וואָס וועט פאַרבלייבן אויף אייביק אייער גרויסער פאַרדינסט פאַר אונדזער פאָלק.

ווי איך פאַרשטיי, מיין ליבער לאָרד, וואָלט איר נישט געמאַכט קיין גרויסע געשיכטע דערפון, אויב מען זאָל זיך ווענדן צו אייך וועגן שענקען אַ צען טויזנט אָדער צוואַנציק טויזנט פונט פאַר אַ גרויסער הילפס־אַקציע. איך האָב געהערט, אַז איר שענקט אַוועק יערלעך איבער הונ־דערט טויזנט פונט.

דאָ, אָבער, וועט איר אין גאַנצן נישט דאַרפן שענקען קיין געלט, אַפילו קיין איין פעני. איר וועט נאָר דאַרפן געבן אייער אויטאָריטעט, אייער איינפלוס, אייער מאַכט פאַר אָן אונטערנעמונג, וואָס וועט זיכער ברענגען רווחים.

האָט איר אַזאַ נידעריקע מיינונג וועגן דעם פּרעסטיזש פון אייער הויז, אַז איר זאָלט אויף איין מאָמענט צווייפלען אין דעם, אַז איר וועט קאָנען צונויפזאַמלען צען מיליאָן פונט צווישן די יידן אין דער גאַנצער וועלט, אויב איר אַליין וועט זיך שטעלן אין שפּיץ פון דער דאָזיקער אַקציע ?

אייערע שוועסטער־קינדער אין פּאַריז קאָנען איצט שוין נישט פירן מער אַזאַ אַקציע, זיי ווערן אומדירעקט דיריגירט פון ה׳ דרומאָן (פירער פון די פראַנצויזישע אַנטיסעמיטן). און ווי איז צו זיי, אויב זיי וועלן זיך נישט אויפפירן ווי פראַנצויזישע פּאַטריאָטן אין די געלט־אָנגעלע־גנהייטן פון דער רוסישער רעגירונג, וועלכע פאַרוואַנדלט אונדזערע מענטשן אין פּאַריאַס.

גאַנץ אַנדערש, מיין ליבער לאָרד, איז אייער סיטואַציע, לכל הפּחות נאָך איצט, איידער דער אַנטיסעמיטיזם איז אַריינגעדרונגען אין ענגלאַנד.

היינט זענען נאָך אייערע עלנבויגנס פריי. היינט קאָנט איר זיך נאָך פריי באַוועגן. יאָ, היינט קאָנט איר נאָך אויף אַ נישקשהדיקן אופן אַריינ־געבן אין חשבון אייער רעגירונג, אַז איר וועט פאַרשטאַרקן דעם ענגלישן איינפלוס אין מיזרח פון דעם מיטללענדישן ים, ביים קנופּן־פּונקט צווישן די עגיפּטישע און אינדאָ־פּערסישע אינטערעסן דורך דעם, וואָס איר וועט דאָרט באַזעצן אַ גרעסערע צאָל פון אונדזערע מענטשן.

ווי לאַנג, מיינט איר, וועט בכלל נאָך בלייבן נישט באַמערקט די וויכ־טיקייט פון דעם דאָזיקן ראַיאָן? און דעמאָלט וועלן מיר, די קלוגע און פּיפּיקע יידן, וועלכע ווערן כסדר איבערגעכיטרעוועט פון אַנדערע, ווידער אַ מאָל האָבן געקומען צו שפּעט. די זאַך קאָן געמאַכט ווערן גיך און אין אַ גרויסן פאַרנעם דורך דער לאַנד־און־האַנדלס־געזעלשאַפט, וואָס אירע הויפּט־שטריכן האָב איך אייך שוין אָנגעוואָרפן. באַראָן הירשס אונטער־נעמונג איז געווען אַ שפּיל, אַ באַרימעריי, און אָן מעגלעכקייטן פאַר אויס־ברייטערונג. דאָס לעבן פון אַ יישוב באַשטייט נישט בלויז פון לאַנד־ווירטשאַפט. דער טייל פון די מיליאָנען, וועלכע זענען נאָך נישט פאַר־טאַכלעוועט געוואָרן, וועט אומפאַרמיידלעך מוזן אַריינפליסן אין אַ גרוי־סער אַלץ־אַרומנעמענדיקער קאָלאָניזאַציע־אונטערנעמונג. אָבער אויף דעם וואָלט איך געוואָלט שטיצן מיינע אויסרעכענונגען, פּונקט אַזוי ווי־ניק ווי אויף אַנדערע "פילאַנטראָפּן".

די לאַנד־געזעלשאַפט קאָן האָבן אַ דערפאָלג נאָר דעמאָלט, ווען זי וועט זיין באַזירט נישט אויף "רחמנות", נאָר אויף ווירטשאַפטלעכע אינ־טערעסן. אפשר וועט זיך מיר נאָך איינגעבן צו באַקומען פינאַנציעל־ווערטפולע קאָנצעסיעס. איר וועט דעמאָלט ווידער הערן פון מיר.

איך פאָר מאָרגן אין דער פרי קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. ווי לאַנג איך וועל דאָרטן בלייבן, ווייס איך גאָר נישט. אויב איר וועט האָבן מיר עפּעס מיטצוטיילן, בעט איך אייך צו באַנוצן זיך מיט דער פאַרמיטלונג פון מר. גרינבערג (רעדאַקטאָר פון לאָנדאָנער "דזשואיש קראָניקל"), 30 טשענסערי לעין, וועלכער האָט תמיד מיין אַדרעס.

אַלט־אַוסזעי, 21סטן יולי, 1902.

שטורמישער דעפּעשן־אויסטויש זינט צוויי טעג.
דער סולטאַן פאַרלאַנגט מיך דרינגענדיק.
איך פאָר מאָרגן אַהין צוזאַמען מיט וואָלפסאָנען.
מיר וועלן זען!

הערצל פאַרענדיקט זיין ראָמאַן "אַלט־ניי־לאַנד", וואָס איז געבליבן אַ קלאַסיש ווערק אין דער ציוניסטישער ליטעראַטור ביז דעם היינטיקן טאָג. איבער זיין ווערק, וואָס איז געשריבן אין דער פאָרעם פון אַן אוטאָפּיע — אָבער הערצל האָט טיף געגלייבט, אַז דאָס איז נישט קיין אוטאָפּיע — און שטעלט פאָר דאָס לעבן אין דער באַנייטער יידישער מדינה אין צוואַנציק יאָר אַרום, האָט דער גרינדער פון ציוניזם אַרויפגעשטעלט זיין מאָטאָ: "אויב איר ווילט, איז דאָס נישט קיין לעגענדע". פון דאַן אָן זענען די דאָזיקע נביאישע ווערטער געבליבן אויף אייביק פאַרבונדן מיט דעם נאָמען פון גרויסן ציוניסטישן מנהיג און פאָטער פון דער יידישער מדינה.

אָבער דערווייל האָט הערצל זייער שווער געאַרבעט פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דער לעגענדע. ביי זיין אָפּגעשוואַכטן געזונט מאַכט ער נייע גרויסע אָנשטרענגונגען. ווידער אַ מאָל האָט ער ביטערע אַנטוישונגען, אָבער ער פאַלט נישט אַראָפּ ביי זיך. ער איז אייזן־שטאַרק אין זיין גלויבן, אַז די יידישע מדינה מוז קומען.

הערצל מאַכט אַ נייע רייזע קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, די פינפטע און די לעצטע אין זיין פּריצייטיק איבערגעריסענעם לעבן. ער באַקומט אַ דרינגענדיקע איינלאַדונג פון סולטאַן אַבדול חאַמיד דעם צווייטן צו פירן ווייטער די פאַרהאַנדלונגען וועגן דעם "טשאַרטער" פאַר ארץ־ישראל. ער פאָרט צוזאַמען מיט דר. וואָלפסאָן, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן זיין נאָכפאָלגער אויפן אַמט פון פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע.

הערצל איז שוין אַ היימישער אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און אין סולטאַנס הויף. ווידער איז ער דער אָפיציעלער גאַסט פון אַבדול חאַמיד. דער סולטאַן שטעלט צו זיין רשות אַ יאַכט־שיף, אַ רעגירונגס־קאַרעטע און אַ פּראַכטפולע זומער־רעזידענץ אין טע־

ראַפּיאַ. דער סולטאַן שיקט אים אויך ווידער אַ מאָל אַ זעקל מיט גאָלדענע מטבעות צו דעקן די הוצאות פון זיין רייזע.

אָבער ביי דעם גאַנצן אָנשטעל פון פּאַראַדן און אַ פייערלעכן לוקסוס־קבלת־פּנים, ווייל דעם סולטאַנס קאַנצעלאַריע ווייטער פאַרפירן הערצלען מיט אַרויסדרייען זיך פון די פריערדיקע צוזאָגן און שטעלן נייע אוממעגלעכע באַדינגונגען. הערצל דער־פילט באַלד די פוסטקייט און די פאַלשקייט פון די פאַרהאַנד־לונגען מיט אים. אין מיטן פון דעם אויסערלעכן גלאַנץ דערזעט ער זייערע אמתע כּוונות.

קאָנסטאַנטינאָפּאָל — טעראַפּיאַ, 25סטן יולי, 1902.

שמוץ, שטוב, ליאַרעם, רויטע מיצלען, בלויע וואַסערן. און די דיקע ביימער, וואָס באַשיצן דעם וועג אַרויף צום "יילדיז" (דעם סולטאַנס פּאַלאַץ).

די באַקשיש־נעמער ביים אַריינגאַנג אין "יילדיז" קומען מיר שוין אַנט־קעגן מיט פּאַרטרויען. זיי ווייסן שוין וועגן דעם גאָלד־רעגן, ווען איך באַווייז זיך דאָרט.

קאָנסטאַנטינאָפּאָל — טעראַפּיאַ, 2טן אויגוסט, 1902.

איבראַהים (ערשטער איבערזעצער אין סולטאַנס הויף און מייסטער פון צערעמאָניעס) האָט מיר געזאָגט, אַז ער וויל נישט זיין אומדיסקרעט. דאָך גלייבט ער צו פאַרשטיין, אַז איך האָב נישט געהאַט קיין דערפאָלג. איך האָב אים דערקלערט, אַז איך האָב נאָך נישט דעם ענטפער פון זיין מאַ־יעסטעט דעם סולטאַן.

איבראַהים האָט מיר דאַן געזאָגט, אַז איך דאַרף נישט צווייפלען אין זיין מאַיעסטעטס גוטן ווילן, ווען אפילו ער וועט מיט מיר גאָרנישט אָפּ־שליסן. ער איז טאַקע אַן אַבסאָלוטער הערשער. פון דעסטוועגן קאָן ער אָבער נישט טאָן אַלץ, וואָס ער וויל. — — —

"און פאַר אייך פּערזענלעך האָט זיין מאַיעסטעט פיל אַכטונג און סימ־פּאַטיע. דאָס, וואָס איר ווילט טאָן פאַר אייער פאָלק, איז זייער איידל. דער ציוניזם איז זייער אַ נאָבעלע אידעע".

איך האָב אים געדאַנקט און געזאָגט, אַז איך וועל שטענדיק בלייבן אַ פריינד פון טערקיי און אַן אָנהענגער פון איר יידן־פריינדלעכן סולטאַן. אָבער די נויט פון אונדזערע מענטשן אין מיזרח־אייראָפּע דערלויבט אונדז נישט צו וואַרטן. איך האָב שוין אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט דער ענגלישער רעגירונג און האָב געמאַכט אַ פאָרשלאָג דעם קאַבינעט־מיניסטער לאָרד דזשיימס אָוו הערפאָרד וועגן גרינדן אַ יידישע קאָלאָניע אין אַפריקע. ענגלאַנד פאַרלאַנגט נישט פון אונדז קיין געלט־קרבנות. פאַרקערט, ענגלאַנד וועט נאָך אפילו אונדז מאַכן אַלערליי פאַרלייכטערונגען — האָב איך געזאָגט איבראַהימען.

ער האָט מיר אויף דעם געענטפערט, אַז ער האַלט, אַז דאָס איז פאַרשטענדלעך, און ער מיינט, אַז ווען דער סולטאַן וועט זען אונדזער קאָלאָניזאַציע־דערפאָלג אין אַפריקע, וועט ער גיכער זיין געניגט צו טאָן עפּעס פאַר אונדז.

איך האָב אים באַמערקט, אַז דעמאָלט וועט עס שוין אפשר זיין צו שפּעט, ווייל מיר וועלן שוין האָבן געמאַכט גרויסע אינוועסטיציעס אויף אַן אַנדערן פונקט.

אין אָוונט איז אָנגעקומען אַ שיפרירטע טעלעגראַמע פון גרינבערגן (רעדאַקטאָר פון ״דזשואיש קראָניקל״ אין לאָנדאָן), וועלכער מעלדעט מיר, אַז ער האָט דערהאַלטן אַ פאַרחתמעטן פּריוואַטן בריוו פון לאָרד ראָטשילד פאַר מיר. איך האָב אים גלייך אַרויסגעשיקט פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל אַ דעפּעשע: ״עפנט און טעלעגראַפירט״.

הערצל לאָזט זיך, פון דעסטוועגן, אַריין ווייטער אין געשפּרעכן און פאַרהאַנדלונגען מיט דער קאַמאַריליע אַרום סולטאַן. אַבדול חאַמידן אַליין קאָן ער אויך דאָס מאָל נישט זען. נישט געקוקט אויף דעם גרויסן כבוד, וואָס דער סולטאַן האָט צוגעגרייט פאַר הערצלען, נעמט ער אים נישט אויף. ער שיקט דורך דער קאַמאַריליע בריוו צום סולטאַן מיט זיינע פאָרשלאָגן. צווישן אַנדערן מאַכט ער דעם סולטאַן אַ נייעם פאָרשלאָג וועגן אַ קאָנצעסיע פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע אין מעסאָפּאָטאַמיע, מיט דעם צוגאַנג פון חיפה און פון דער אַרומיקער געגנט.

דער סולטאַן שיקט הערצלען אַן ענטפער.

קאָנסטאַנטינאָפּאָל — טעראַפּיאַ, 2טן אויגוסט, 1902.

טאַשין בעי (אַבדול חאַמידס ערשטער סעקרעטאַר) האָט מיר געבראַכט אַ מיטטיילונג פון סולטאַן מיט פאָלגנדיקן אינהאַלט:

"די יידן וועלן קאָנען אויפגענומען ווערן און זיך באַזעצן אין דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע מיטן באַדינג, אַז זיי וועלן זיך איינאָרדענען נישט אין צונויפגעזאַמלטע גרופּעס, דאָס הייסט אויף אַ צעזייטן אופן, און אַז זייער צאָל וועט פאָרויס באַשטימט ווערן דורך דער רעגירונג. זיי וועלן באַקומען די אָטאָמאַנישע אונטערשטאַטשאַפט, און וועלן טראָגן אויף זיך אַלע ציווילע פליכטן, אַריינגערעכנט מיליטערדינסט, און וועלן זיין אונטערגעוואָרפן אַלע געזעצן פון לאַנד, ווי אַנדערע אָטאָמאַנער".

4טן אויגוסט, 1902, אין באַן־וואַגאָן, ערגעץ ווו אין אונגאַרן.

ווען מען שלעפט זיך אַזוי אין אַ שלאָפלאָזער הייסער נאַכט, טראַכט מען ווידער איבער די גאַנצע זאַך אַרום און אַרום.

וואָס פאַר אַ טעותים בין איך דאָס מאָל באַגאַנגען?

ווען איך האָב דעם לעצטן טאָג פאַרן אָפּפאָר פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל געשיקט דורך טאַשין בעי פרעגן דעם סולטאַן, ווי אַזוי ער שטעלט זיך פאַר די קאָלאָניזאַציע "אויף אַ צעזייטן אופן", צי די רעגירונג וועט געבן די מענטשן די נייטיקע מיטלען, אָדער עס דאַרף געשאַפן ווערן אַן אָר־גאַניזאַציע, ד"ה, אַ געזעלשאַפט — האָט ער מיר געלאָזט ענטפערן, אַז דאָס איז בלויז אַ פראַגע פון איינצלהייטן ביי דער אויספירונג.

אויב עס האָט זיך הינטער דעם נישט באַהאַלטן דער פאַרלאַנג אָפּצו־ברעכן פאַרן איצטיקן מאָל דאָס געשפּרעך, איז עס אַן איינפאַכע טיפּשות.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט הערצלס לעצטע רייזע קיין קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל. באַלד האָט ער נייע פּלענער. ער טראַכט וועגן ווענדן זיך צום איטאַליענישן קעניג, דעם דעמאָלט נאָך זייער יונגן קעניג וויקטאָר עמאַנועל דעם דריטן, אַז ער זאָל אויסנוצן זיין איינפלוס אויף טערקיי. הערצל האָט אויך נייע פּלענער וועגן פאַרהאַנד־לונגען מיט ענגלאַנד, הגם זיינע האָפענונגען אויף לאָרד נתנאל מאיר ראָטשילדס הילף לאָזן זיך אויס מיט גאָרנישט.

5טן אויגוסט, אין באַן־וואַגאָן צווישן אַטנאַנג און אַוסזעי (עסטרייך).

דער סוד פון ראָטשילדס בריוו, וועגן וועלכן מען האָט מיר שוין גע־מאָלדן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און וואָס אויף זיין אינהאַלט האָב איך געוואַרט פיר טעג נאָך דעפּעשירן דרינגענדיק — איז ענדלעך אויפגעדעקט.

היינט אין דער פרי האָב איך באַקומען פון גרינבערגן אַ טעלעגראַ־פישן אינהאַלט פון דעם בריוו. פאַראַן נאָר איין וואָרט פאַר דעם: „קוואַטש".

מיט דעם פולן וואָרטלעכן אינהאַלט וועל איך זיך באַקענען ערשט אין אַוסזעי. און דעמאָלט וועל איך שיקן אַן ענטפער — אויב איך וועל בכלל נאָך ענטפערן.

אַזוי פיל זע איך שוין איצט — אַז פונקט ווי פריער בלייב איך אָנגע־וויזן בלויז אויף מיינע אייגענע מיטלען.

איך וויל איצט נאָך אויספּרוּוון די ענגלישע קאָמבינאַציע, דירעקט דורך טשעמבערליינען. עס זענען אמת פאַראַן וויניק אויסזיכטן, אַז די ענג־לישע רעגירונג זאָל מיט אונדז עפּעס מאַכן, אויב מיר האָבן נישט מיט אונדז ראָטשילדן.

אויב עס וועט זיך גאָרנישט לאָזן אויפטאָן מיט טשעמבערליינען, וויל איך מאַכן אַ פּרוּוו אין איטאַליע.

דער ראַבינער פון סאָפיאַ, ערנפּרייז (דר. מרדכי ערנפּרייז, סעקרע־טאַר פון ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס) האָט מיר דערציילט, ווען ער איז מיטגעפאָרן מיט מיר אַ שטיקל וועג אין באַן־וואַגאָן, אַז דער קעניג פון איטאַליע האָט זיך אָנגעפרעגט וועגן אונדזער באַוועגונג ביי דעם פריער־דיקן איטאַליענישן אַטאַשע אין סאָפיאַ, פּאַלאַקאַ, אַ ייד. נאַטירלעך האָט דער ייד פּאָלאַקאָ געוווּסט וועגן דעם וויניקער, ווי דער קעניג. אויך דער דאָזיקער קליינער יונגער קעניג, וועלכער האָט נאָך גאָרנישט געטאָן פאַר דער אומשטערבלעכקייט און האָט אינטערעסן אין מיטללענדישן ים, וואָלט אפשר געקאָנט אויף וועלכן עס איז אופן אויסגענוצט ווערן.

אפשר קאָן געלינגען צו אים צוצוקומען דורך לאָמבראָזאָן *.

* צעזאַר לאָמבראָזאָ, באַרימטער איטאַליעניש־יידישער אַנטראָפּאָלאָג און פּסיכיאַטער, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן אינטערעס פאַרן ציוניזם.

הערצל ענטפערט פון דעסטוועגן לאָרד נתנאל מאיר ראָטשילדן. ער שרייבט אים אַ רירנדיקן בריוו פון זיין אַפּרו־אָרט אין אַלט־אַוסזעי, ביי ווין, ווו הערצל פלעגט פאַרברענגען זומער מיט זיין משפחה.

אַלט־אַוסזעי, 22סטן אויגוסט, 1902.

פון אַ בריוו צו לאָרד ראָטשילדן:

"———אייער פריינדלעכן קעגנערישן בריוו האָב איך מיט דאַנק דערהאַלטן. אויף דעם, אַז דער יידישער יישוב, וועלכן איך וויל אויפשטעלן, זאָל זיין קליין, אָרטאָדאָקסיש און נישט ליבעראַל — קאָן איך נישט מסכים זיין. איך האָב דריי יאָר לאַנג געאַרבעט איבער אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקן ענטפער אויף די און ענלעכע פראַגן. דערפון איז געוואָרן אַ בוך אונטערן נאָמען "אַלט־ניי־לאַנד", וואָס וועט דערשיינען אין עטלעכע וואָכן אַרום. איר וועט זיין צווישן די ערשטע צו וועמען איך וועל עס שיקן.

אָבער איינס וואָלט איך אייך שוין איצט געוואָלט זאָגן. זענען די באַגרינדער פון די מלוכות, וועלכע זענען איצט גרויס, געווען מעכטיקער, קליגער, געבילדעטער, רייכער, ווי מיר, די איצטיקע יידן? אָרעמע פּאַסטעכער און יעגער האָבן געגרינדעט יישובים, פון וועלכע עס זענען שפּעטער אויסגעוואַקסן מלוכות. אין אונדזער אייגענער צייט האָבן גריכן, רומענער, סערבן, בולגאַרן זיך איינגעאָרדנט אַלס מלוכות — און מיר זאָלן דאָס נישט קאָנען טאָן?

אונדזער ראַסע איז אין אַלעמען טיכטיקער, ווי די מערסטע פעלקער אויף דער ערד. דאָס איז טאַקע די סיבה פון דער גרויסער שינאה צו אונדז. מיר האָבן ביז איצט נישט געהאַט קיין צוטרוי צו זיך אַליין. אין דעם טאָג, ווען מיר וועלן אָנהייבן גלייבן אין אונדז אַליין, וועט אונדזער מאָראַלישע נויט זיך ענדיקן. נאַטירלעך, וועלן נאָך ווייטער זיין קאַמפן און שוועריקייטן, אינערלעך און אויסערלעך. אָבער וואָס פאַר אַ לאַנד, וואָס פאַר אַ מדינה האָט זי נישט? מיר וועלן אויך שטענדיק אַרויסגעבן פון זיך די מענטשן, וועלכע וועלן זיך קאָנען ראַנגלען מיט די שוועריקייטן.

די אַנטשטייונג פון יידישן יישוב, פון דער יידישער קאָלאָניע — רופט

עס אין אָנהייב, ווי איר ווילט — וועט פון די מלוכות אויפגענומען ווערן נישט מיט אַ קעגנערישן ווילן, אָדער אומצוטרוי. אויף דעם האָב איך אַ סך און גענוגנדיקע באַווייזן".

אין זיינע אומדערמידלעכע אָנשטרענגונגען צו דערגרייכן כאָטש דעם אָנהייב פון דער פאַרווירקלעכונג פון דער יידנשטאַט־אידעע, וועלכע האָט אים שוין געקאָסט אַזוי פיל מי, געזונט און זיין אייגן פאַרמעגן — פאַלט איין הערצלען אַ נייער געדאַנק: צו פאָרן צו דעם רוסישן צאַר ניקאָליי דעם 2טן און אויסנוצן דעם גרויסן איינפלוס, וואָס רוסלאַנד האָט דאַן געהאַט אויף טערקיי.

הערצל ווענדט זיך מיט אַ בריוו צו דער פוילישער גרעפין פאָן קאָרווין־פּיאָטראָווסקאַ, וועלכע האָט געהאַט איינפלוסן אין צאַרישן הויף און אין די רעגירונגס־קרייזן אין פּעטערבורג, ווו זי האָט געוווינט. פרוי קאָרווין־פּיאָטראָווסקאַ האָט סימפּאַטיזירט מיט דער אידעע פון ציוניזם און האָט אַ סך געהאָלפן הערצלען אין זיינע שפּעטערדיקע פאַרהאַנדלונגען אין פּעטערבורג.

הערצל איז רעקאָמענדירט געוואָרן צו דער פוילישער גרעפין דורך דעם דעמאָלטיקן אָנגעזעענעם ציוניסטישן פירער אין וואַר־שע, אַדוואָקאַט ישראל יאַסינאָווסקי, הערצלס אַ געטרייער פריינד און מיטאַרבעטער.

אַלט־אַוסזעי, 23סטן אויגוסט, 1902.

פון אַ בריוו צו פרוי פאָן קאָרווין פּיאָטראָווסקאַ:

" — — מיין ליבער און זייער געערטער פריינד, אַדוואָקאַט יאַסינאָווסקי, שרייבט מיר, אַז איר זענט געוועזן אַזוי גוט צו פאַראינטערעסירן דעם אינערן־מיניסטער מיט אונדזער אידעע. אפשר וואָלט איר געקאָנט באַ־וועגן זיין עקסעלענץ צו פאַרשאַפן מיר באַלד אַן אוידיענץ ביי זיין מאַ־יעסטעט דעם צאַר.

— — פאַר אַלץ וואָס איר וועט טאָן פאַר אונדזער גרויסער אידעע, הויך־געערטע גענעדיקע פרוי, בעט איך אייך צו זיין זיכער אין מיין טיפסטער דאַנקבאַרקייט".

[ ה ]

דער ראָמאַן "אַלט־ניי־לאַנד"

הערצלס טרעפונג מיט דזשאָזעף טשעמבערליין

דער פּלאַן פון ציפּערן, על־אַריש און סיני־האַלב־אינדזל

די ספּעציאַליסטן קאָמיסיע און די אונטערהאַנדלונגען מיט לאָרד קראָמער

הערצל אין קאַיראָ

טשעמבערליינס פּלאַן וועגן אוגאַנדע

ענדלעך דערזעט הערצל די ערשטע עקזעמפּלאַרן פון זיין ראָמאַן "אַלט־ניי־לאַנד" אין דרוק. ער האָט איבער דעם ווערק געאַרבעט פון אָקטאָבער 1899 ביז סוף אַפּריל 1902. הערצל איז איבערצייגט, אַז זיין בוך וועט האָבן אַ גרויסע באַדייטונג פאַר פאַרשפּרייטן די ציוניסטישע אידעע און פאַר פאַרשטאַרקן דעם גלויבן אין דער מעגלעכקייט פון ווידעראויפריכטן די יידישע מדינה. ער שיקט זיין בוך צו אַ ריי פּירנדיקע פּערזענלעכקייטן אין אייראָפּע, צווישן זיי צו די אָנגעזעענסטע שטאַטסלייט. און אין די בריוו צו זיי באַטאָנט ער, אַז די ווידעראויפלעבונג פון יידישן "אַלט־ניי־לאַנד" איז נישט קיין אוטאָפּיע.

ווין, 5טן אָקטאָבער, 1902.

פון אַ בריוו צום גרויסהערצאָג פון באַדען:

— — דערמיט דערלויב איך זיך איבערצושיקן אייער קעניגלעכער הויכקייט מיין ניי בוך "אַלט־ניי־לאַנד". עס איז אַ מעשׂהלע, וואָס איך וואָלט פּונקט אַזוי דערציילט אין אַ לאַגער, אַנוואַרעמענדיק זיך ביים מאַכן פייער, בכדי אויפצוהאַלטן מיט גוטן מוט מיינע אָרעמע מענטשן אויף דער וואַנדערונג.

וואַרטן, איבערוואַרטן און אויסוואַרטן איז אַלץ.

אין דעם בוך רעדט זיך וועגן אַ נייער געזעלשאַפט. איך גלייב, אַז אַלע פעלקער זענען שטענדיק אויפן וועג צו אַ נייער געזעלשאַפט — —

ווין, 5טן אָקטאָבער, 1902.

ליבער לאָרד ראָטשילד!

אין מיין לעצטן בריוו, אויף וועלכן איך האָב נאָך נישט דערהאַלטן

קיין באַשטעטיקונג פון אייך, אַז איר האָט אים באַקומען, האָב איך אייך צוגעזאָגט מיין בוך „אַלט־ניי־לאַנד״. היינט שיק איך עס אייך.

עס וועלן נאַטירלעך זיין נאַראָנים, וועלכע וועלן די גאַנצע זאַך דער־קלערן אַלס אַן אוטאָפּיע, דערפאַר ווייל איך האָב אויסגעקליבן די פאָרעם פון אַן אוטאָפּיע, וואָס איז גענוצט געוואָרן דורך פּלאַטאָ, טאָמאַס מאָרוס און אַנדערע. בנוגע אייך האָב איך נישט קיין מורא פאַר אַזאַ מיספאַר־שטענדעניש. — — —

ווין, 5טן אָקטאָבער, 1902.

צו פאָן בילאָוו.

איך האָב געבעטן מיין פאַרלעגער איבערצושיקן אייך מיין ניי בוך „אַלט־ניי־לאַנד״. — — איך ווייס, אַז אַ רייכסקאַנצלער קומט נישט דערצו, צו לייענען אַ בוך. דערפאַר גיב איך אייך דאָ איבער קורץ דעם אינהאַלט. אין דער פאָרעם איז עס אַן אוטאָפּיע. אָבער אין דער זאַך — נישט. איך האָב אַפילו אָנגעשריבן די דאָזיקע אוטאָפּיע נאָר דערפאַר, בכדי צו ווייזן, אַז עס איז נישט קיין אוטאָפּיע. — — —

הערצלס „אַלט־ניי־לאַנד״ האָט זייער אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג. אייר־ראָפּעישע שטאַטסמענער פאַראינטערעסירן זיך מיט הערצלס בוך און שטודירן אין איינעם מיט „אַלט־ניי־לאַנד״ די צילן פון ציוניזם.

כמעט אין דער זעלבער צייט, ווען „אַלט־ניי־לאַנד״ איז דער־שינען אין דייטשן אָריגינאַל, ווערט הערצלס ווערק אויך אַרויס־געגעבן אין דער מייסטערהאַפטער העברעישער איבערזעצונג פון נחום סאָקאָלאָוו, אונטערן נאָמען „תל־אביב״, און אין דער אויס־געצייכנטער יידישער איבערזעצונג פון דר. איזידאָר עליאַשעוו (בעל־מחשבות). ביידע ביכער ווערן שטאַרק געלייענט אין רוס־לאַנד און אין גאַנץ מזרח־אייראָפּע און העלפן צו פאַרשפּרייטן די ציוניסטישע אידעע צווישן די יידישע פאָלקסמאַסן.

הערצל בלייבט נישט רוען אויף די לאָרבער־קרענץ פון זיין גרויס און וויכטיק ווערק. באַלד לאָזט ער זיך אַרויס אויף אַ נייער נסיעה, דאָס מאָל קיין לאָנדאָן, פאַר אַ שטאַרק געוואַגטער און קאָמפּליצירטער פּאָליטישער אַקציע.

הערצלס נאָענטער און געטרייער מיטאַרבעטער, לעאָפּאָלד גרינבערג, רעדאַקטאָר פון לאָנדאָנער "דזשואיש קראָניקל", האָט זיך אונטערגענומען צו פאַרמיטלען צווישן דעם ציוניסטישן פירער און דער ענגלישער רעגירונג וועגן דעם נייעם פּלאַן פון אַן אויטאָנאָמער יידישער קאָלאָניע אין על־אַריש, אין סיני־האַלבאינדזל, און מעגלעך אויך אויפן אינדזל ציפּערן. דערביי זאָלן זיין די אויסזיכטן, אַז מיט דער צייט זאָל די קאָלאָניע אויסגעברייטערט ווערן און אַרומנעמען אויך די טעריטאָריע פון ארץ־ישראל, ווערנדיק פאַרוואַנדלט אין אַן אומאָפּהענגיקער יידישער מדינה.

הערצל האָט געלייגט גרויסע האָפענונגען אויף דעם פּלאַן, נאָך דעם ווי פון אַלע זיינע באַמיונגען ביים טערקישן סולטאַן האָט זיך דערווייל ווידער גאָרנישט אויסגעלאָזט, און זיין לעצטע רייזע קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט אים אין גאַנצן אַנטוישט.

לעאָפּאָלד גרינבערג האָט אונטערגענומען שריט אין די העכסטע רעגירונגס־קרייזן אין לאָנדאָן, און האָט אויסגעפּועלט, אַז דער דעמאָלטיקער בריטישער קאָלאָניע מיניסטער, דזשאָזעף טשעמבערליין, זאָל אויפנעמען דר. הערצלען. ענדע סעפּטעמבער, 1902, האָט גרינבערג טעלעגראַפירט צו הערצלען קיין ווין, אַז טשעמבערליין איז גרייט אים אויפצונעמען אויף אַ געשפּרעך וועגן דעם ציוניסטישן פּלאַן.

סוף אָקטאָבער, 1902, פאָרט הערצל קיין לאָנדאָן און לעבט דאָרט איבער גרויסע טעג.

לאָנדאָן, 20סטן אָקטאָבער, 1902, אין דער פרי.

— — — אונטערוועגנס האָב איך אַ סך גערעדט (אין מיינע געדאַנקען) מיט טשעמבערליינען. איך מיין, אַז אַלס איינלייטונג זאָל איך אים זאָגן אַט־וואָס:

"איר זענט געוווינט צו זען גרויסע היסטאָרישע פּראָבלעמען, ווי זיי שטעלן זיך פּלוצעם פאַר אייך — "

איבעריקנס לאָזט זיך אַזאַ געשפּרעך גאָרנישט אויסרעכענען פריער. אַלץ איז אינספּיראַציע, דיספּאָזיציע פון אויגנבליק, גייסטיקער צושטאַנד אין דעם געגעבענעם מאָמענט.

לאָנדאָן, 22סטן אָקטאָבער, 1902.

נעכטן האָב איך גערעדט מיט דעם באַרימטן הערשער פון ענגלאַנד, דזשאָזעף טשעמבערליין, אַ שעה צייט. איך האָב אים דערקלערט אַלץ, וואָס איך האָב זיך געהאַט פריער צוגעגרייט אים צו זאָגן, און ער האָט זיך גוט צוגעהערט. לײדער האָט מיין שטים אין אָנהייב אַ ביסל געצי־טערט, פון וואָס איך האָב געהאַט שטאַרק עגמת־נפש, בעת איך האָב גערעדט.

אָבער אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז עס געוואָרן בעסער. און איך האָב גערעדט רויִק און טיף צו דער זאַך, אויף וויפל דאָס איז מעגלעך מיט מיין נישט קלאָרן ענגליש.

איך האָב פּאַר דער אומבאַוועגלעכער מאַסקע פון דזשאָזעף טשעמבער־ליין פונאַנדערגעוויקלט די גאַנצע יידן־פראַגע, ווי איך פאַרשטיי זי און ווי איך וויל זי לייזן. איך האָב גערעדט וועגן מיינע באַציִונגען מיט טערקיי אאַז״וו.

״איך שטיי אין פאַרהאַנדלונגען מיטן סולטאַן״ — האָב איך געזאָגט —, אָבער איר ווייסט, וואָס עס זענען טערקישע פאַרהאַנדלונגען. איר ווילט קויפן אַ טעפּעך, מוזט איר פריער אויסטרינקען אַ האַלבן טוץ טעפּלעך קאַפּע און אויסרייכערן אַ הונדערט סיגאַרעטן. דאַן דערציילט איר מש־פּחה־מעשׂיות, און פון צייט צו צייט וואַרפט איר אַריין אַ פּאָר ווערטער וועגן טעפּעך. איז די געשיכטע די, וואָס איך אַליין האָב צייט פאַר פירן אַזעלכע פאַרהאַנדלונגען, אָבער מיין פאָלק האָט קיין צייט נישט. זיי גייען אויס פון הונגער אין תחום־המושב אין רוסלאַנד. איך מוז זיי באַלד העלפן״, אאַז״וו.

ביי דער טעפּעך־מעשׂה האָט די מאַסקע געלאַכט.

איך בין דאַן אַריבערגעגאַנגען צו דער פראַגע וועגן דער טעריטאָריע, וואָס איך פאַרלאַנג פון ענגלאַנד: ציפּערן, על־אַריש און סיני־האַלב־אינדזל.

אויף דעם האָט ער מיר געענטפערט אין אָנהייב, אַז ער קאָן רעדן בלויז וועגן ציפּערן. דאָס איבעריקע געהערט נישט צו אים, נאָר צום אויסערן־מיניסטעריום. אָבער וואָס אָנבעלאַנגט ציפּערן, איז די לאַגע

דאָרט אַזעלכע, אַז עס לעבן דאָרט גריכן און מאַכמעדאַנער, און זיי וואָלט ער נישט געקאָנט אַרויסשטופּן פון לאַנד צוליב נייע איינוואַנדערער. להיפּוך — עס וואָלט געווען אַ סך מער זיין פליכט צו שטיין אויף זייער זייט. אויב די גריכן וואָלטן — אפשר מיט דער הילף פון גריכנלאַנד און רוסלאַנד — זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער יידישער איינוואַנדערונג, וואָלטן שוין אַלע שוועריקייטן זיך געשטעלט אין וועג. ער פערזענלעך האָט גאָר־נישט קעגן די יידן. להיפּוך. און ווען ער וואָלט צופעליק געהאַט אַ טראָפּן יידיש בלוט אין זיינע אָדערן, וואָלט ער מיט דעם שטאָלצירט. אָבער דאָס איז עס, ער האָט נישט קיין איין טראָפּן.

ביז וואָס, ביז ווען — איז ער גרייט צו העלפן, ווען ער וועט נאָר קאָנען. די ציוניסטישע אידעע איז אים סימפּאַטיש, אאַז״וו.

״ביי אונדז איז דאָך אַלץ עפנטלעך״ — האָט ער געזאָגט — און ווי נאָר מען וועט אָנהייבן צו רעדן וועגן ציפּערן — וועט גלייך אויסברעכן אַ שטורעם״.

אויף וואָס איך האָב אים געענטפערט, אַז אין דער פּאָליטיק מאַכט מען דאָך נישט אַלץ עפנטלעך. מען פאַרעפנטלעכט בלויז די רעזולטאַטן און די אַרגומענטן, וואָס מען האָט באַנוצט אין דער דיסקוסיע. און איך האָב אים אַנטוויקלט מיין פּלאַן צו שאַפן קודם־כל אַ באַוועגונג פאַר אונדז אין ציפּערן. מען דאַרף אונדז איינלאַדן, אַז מיר זאָלן קומען אַהין. דאָס וועל איך צוגרייטן דורך אַ האַלבן טוץ עמיסאַרן. ווען מיר וועלן גרינדן די יידיש־מיטל־מיזרח־געזעלשאַפט מיט פינף מיליאָן פונט פאַר סיני און על־אַריש, וועלן די איינוווינער פון ציפּערן באַקומען חשק אַריינצוקריגן דעם רעגן פון גאָלד אויך אויף זייער אינדזל.

די מאַכמעדאַנער וועלן זיך אַוועקציען, און די גריכן וועלן גערן און גוט פאַרקויפן זייערע באָדן־פאַרמעגנס און זיך אַריבערקלייבן קיין אַטען אָדער קרעטע.

די דאָזיקע אידעע איז אים, ווייזט אויס, געפעלן געוואָרן. אָבער וועגן על־אַריש און סיני וואָלט ער גאָרנישט געקאָנט זאָגן. די רעגירונג וואָלט געוואָלט אויסהערן די מיינונג פון לאָרד קראָמער (ענגלישער וויצע־רע־גענט אין עגיפּטן), צו וועמען זי האָט גרויס צוטרוי.

אַ שאָד, וואָס לאָרד קראָמער געפינט זיך שוין נישט אין לאָנדאָן; ער איז שוין אַוועקגעפאָרן צוריק קיין עגיפּטן.

„איך קאָן עמעצן שיקן אַהין", — האָב איך געזאָגט.

„איר דאַרפט אָבער רעדן מיטן אויסערן־מיניסטעריום".

„העלפט מיר אין דעם, מר. טשעמבערליין. איך פאָר אַוועק איבער־מאָרגן".

ער האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם און מיר באַשטימט אַ באַגעגעניש אויף הײַנט, 15 מינוט נאָך צוועלף, ווען איך וועל קאָנען זען דעם לאָרד לאַנסדאַון (אויסערן־מיניסטער).

איז דאָס געווען פריער אָדער שפּעטער, ווען איך האָב אויף אַ שטיקל פּאַפּיר, וואָס איז געלעגן אויף זיין טיש, אויסגעצייכנט פאַר אים על־אַריש? און דערצו — מיין אידעע וועגן חיפה־הינטערלאַנד. איך וואָלט באַוויזן די טערקן צו קומען גיכער מיט מיר צו אַן אָפּמאַך, ווען איך וועל אויך אויפשווימען ביי די וואַסערן פון נילוס. דעמאָלט וועל איך אפשר קריגן ביליקער די געגנט פון חיפה.

דאָ האָט די גלאַט־ראַזירטע מאַסקע ווידער געלאַכט און געלאָזט פאַלן דעם מאַנאָקל.

אָבער ער האָט נישט געוווּסט גאָרנישט, ווו על־אַריש געפינט זיך, און אַזוי זענען מיר צוגעגאַנגען צו אַ גרויסן טיש, ווו ער האָט צווישן אַנדערע גרויסע ביכער אויסגעזוכט אַן אַטלאַס און געפונען עגיפּטן. דערביי האָט ער געזאָגט: „אין עגיפּטן וואָלטן מיר געהאַט די זעלבע שוועריקייטן מיט די אָרטיקע איינוווינער".

דאָ האָט ער ווידער געלאַכט, דאָס מאָל טיף אַריבערגעבויגן איבער דעם בוך. ערשט איצט האָט ער אין גאַנצן פאַרשטאַנען מיך און מיין פאַרלאַנג צו קריגן אַן איינזאַמלונגס־אָרט פאַר דעם יידישן פאָלק בשכנות פון ארץ־ישראל.

אין על־אַריש און אין סיני איז דאָס לאַנד ליידיק. ענגלאַנד קאָן עס אונדז געבן. דערפאַר וועט זי באַקומען אַ צוּוואוקס אין איר מאַכט און די דאַנקבאַרקייט פון צען מיליאָן יידן. דאָס אַלץ האָב איך אים געזאָגט, און עס האָט געמאַכט אויף אים אַן איינדרוק. און איך האָב אויסגעפירט:

"וועט איר געבן אייער צושטימונג, אַז מיר זאָלן דאָ, אויף דעם האַלב־אינדזל סיני, גרינדן אַ יידישע קאָלאָניע?"

"יאָ!", האָט ער געזאָגט, "אויב לאָרד קראָמער וועט זיין פאַר דעם פלאַן".

דאָס איז דעריבער די ערשטע זאַך, וואָס איך דאַרף איצט באַזאָרגן.

ער האָט זיך געזעגנט מיט מיר, און מיר האָבן אָפּגערעדט צו האָבן ווידער אַ באַגעגעניש היינט.

פון דעם צווייטן געשפּרעך מיט טשעמבערליין איז הערצל גע־בליבן גאָר שטאַרק צופרידן. פאַרן אַוועקפאָרן פון לאָנדאָן האָט הערצל אונטערגענומען נאָך אַנדערע וויכטיקע שריט פאַר זיין נייעם פּלאַן.

24סטן אָקטאָבער, 1902, אין באַן־וואַגאָן צווישן לאָנדאָן און פאָלקסטאָן.

איך גלייב, אַז נעכטן איז געווען אַ גרויסער טאָג אין דער יידישער געשיכטע.

24סטן אָקטאָבער, 1902, אויף דער שיף צווישן פאָלקסטאָן און בולאָן.

אָט אַזוי זענען געווען די געשעענישן פון נעכטן.

פופצן מינוט נאָך צוועלף בין איך אַריינגעקומען אין טשעמבערליינס סאַלאָן. ער האָט זיך אויפגעהויבן מיט אַ מינע, וואָס האָט געדאַרפט אויס־דריקן, אַז ער איז זייער באַשעפטיקט. ער האָט בלויז פאַר מיר עטלעכע מינוט. אָבער ער האָט דאָס מיר געזאָגט אין אַ זייער שטאַרק פריינדלעכן טאָן.

"איך האָב איינגעאָרדנט פאַר אייך אַ באַגעגעניש מיט לאָרד לאַנס־דאון", האָט ער מיר געזאָגט. "ער דערוואַרט אייך 4,30 נאָך מיטאָג. איך האָב שוין צוגעגרייט פאַר אייך דעם וועג. דערקלערט אים אייער גאַנצן פלאַן, אָבער רעדט נישט וועגן ציפערן. דער ציפערן־טייל פון דעם פּלאַן גייט מיך אָן"...

מיר האָבן זיך געדריקט די הענט, און איך האָב אים געזאָגט ביים גע־זעגענען זיך, אַז איך בין גליקלעך דערפון, וואָס איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט אים.

אַ פערטל צו צוויי בין איך געווען ביי לאָרד ראָטשילדן. מען האָט מיך גלייך אַריינגעפירט אין עס־צימער. מיר זענען אַריינגעגאַנגען אין דעם צימער, ווו מיר האָבן געהאַט אונדזער ערשטע באַגעגעניש. איך האָב אים געזאָגט, צו זיין גרויסער דערשטוינונג — וואָס מען האָט געקענט אָפּן זען אויף זיין פּנים, — אַז איך בין געווען נעכטן און היינט ביי טשעמ־בערליינען. נאָך דעם ווי ער האָט געהערט, אַז טשעמבערליין האָט מיך גוט אויפגענומען, האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט קומענדיקע וואָך גיין צו טשעמ־בערליינען און אים אויספרעגן. שפּעטער וועט ער מיר שרייבן.

דער פּלאַן וועגן ציפּערן געפעלט אים בעסער ווי על־אַריש. אָבער מיר מוזן דאָרט אָנהייבן, האָב איך אים דערקלערט.

"ווען מיר וועלן קריגן די קאָנצעסיע, וועט איר מוזן שאַפן די פינף מיליאָן פונט־געזעלשאַפט. אָן איך וועט עס זיין שווער און אפשר איבער־הויפּט אוממעגלעך", האָב איך געזאָגט לאָרד ראָטשילדן. ער האָט גע־מאַכט אַ מינע, ווי: "מיר וועלן רעדן וועגן דעם שפּעטער"...

מיר זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען ווי פריינד.

נאָך האַלב פיר אַ זייגער בין איך ווידער געווען אין דאַונינג־סטריט, דאָס מאָל אין די פיינע צימערן פון אויסערן־מיניסטעריום... אַרום פינף אַ זייגער בין איך ענדלעך אַריינגעקומען אין לאַנסדאַונס קאַבינעט (אַן איידעלער סאַלאָן) און בין פון אים שאַרמאַנט באַגריסט געוואָרן.

...מיין ענגליש האָט פונקציאָנירט שלעכט. עס האָבן מיר אויסגע־פעלט ווערטער אאַז"וו. ביז איך האָב ענדלעך באַשלאָסן אַריבערצוגיין אויף פראַנצויזיש. און דאַן איז שוין די זאַך "געגאַנגען אויף רעדלעך"... איך האָב אים דערקלערט נאָך אַ מאָל מיין גאַנצן פּלאַן, אָבער אָן דעם אינדזל ציפּערן. ער האָט זיך זייער פריינדלעך צוגעהערט, האָט געמאַכט וויניק איינווענדונגען און האָט צום סוף מיך געבעטן צוצושטעלן אים אַ שריפטלעכן מעמאָראַנדום וועגן דעם פּלאַן — פאַר דעם מיניסטאָרן־ראַט, ווי עס איז געווען קלאָר צו זען...

אויך דאָס געזעגענען זיך מיטן אויסערן־מיניסטער לאָרד לאַנסדאַון איז געווען זייער פריינדלעך.

איך גלייב, אַז עס איז געווען אַ דערפאָלגרייכער טאָג.

הערצל טרעט צו, מיט זיין איינגעבוירענעם טיפן גלויבן, צו די נייע גרויסע באַמיונגען וועגן דעם נייעם פּלאַן, וואָס ער האָט פאַר־געשלאָגן דער ענגלישער רעגירונג. צוריקקומענדיק קיין ווין אַרבעט ער ווידער אומדערמידלעך פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דעם נייעם פּראָיעקט. אָבער אין מיטן פון אָט דער אָנגעשטרענג־טער אַרבעט ווערט ער קראַנק און פילט, אַז זיין האַרץ ווערט אָפּגעשוואַכט.

ווין, 7טן נאָוועמבער, 1902, פרייטיק.

איך בין אין גאַנצן אויסגעמאַטערט, און האָב זיך געדאַרפט אָפּרוען.

ביי דער ציוניסטישער יאָר־קאָנפערענץ און ביי די אַרומיקע ענינים, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט די באַראַטונגען, בין איך געוואָרן אַזוי אויסגעשעפּט, אַז זינט זונטיק האָב איך אַלערליי האַרץ־ווייטיקן.

די גאַנצע וואָך האָב איך זיך אַרומגעשלעפּט און בין נישט געווען פעיִק אָנצושרייבן אַ פּאָר שורות. היינט האָב איך ענדלעך געמאָלדן דער "נייע פרייע פּרעסע", אַז איך בין קראַנק.

איך האָב געשיקט גרינבערגן קיין עגיפּטן. נאָר־וואָס האָב איך פון דעם אויסגעצייכנטן מענטשן דערהאַלטן אַ דעפּעשע פון קאַירא. ער איז אייער־נעכטן אַהין אָנגעקומען און מאָרגן אין דער פרי פאָרט ער צוריק. "אַלץ איז אין אָרדענונג". מיטוואָך וועט ער זיין דאָ, אין ווין.

איז דאָס מעגלעך, אַז מיר זאָלן שטיין אויף דער שוועל פון אָפּשליסן אַ טשאַרטער אַן ענגלישן — און ערב דער גרינדונג פון אַ יידישער מדינה?

ביי מיינע אויסגעשעפּטע כוחות זעט עס אויס אַזוי, אַז עס לאָזט זיך גלייבן.

אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן "אַלט־ניי־לאַנד" זאָגט דר. גאַנץ (הוגאָ גאַנץ, באַקאַנטער עסטרייכיש־יידישער שריפטשטעלער) זייער ריכטיק: "קיין איין משה קומט נישט אַריין אין צוגעזאָגטן לאַנד".

הערצל מוז אָוועקפאָרן אין דעם קור־אָרט עדלאַך צו היילן זיין קראַנק האַרץ. פון דעמאָלט אָן האָבן אים די דאָקטוירים אָפּט באַפוילן צו פאָרן קיין עדלאַך. און פון איינער אַזאַ רייזע, ווינצי־קער ווי אין צוויי יאָר אַרום, איז ער שוין מער נישט צוריק־געקומען.

איצט אַרבעט הערצל פאַרן ציוניזם און פאַר דער יידנשטאַט־אידעע שוין מיט די לעצטע כוחות זיינע — אָבער מיט אַ דאָפּל־טער אָנשטרענגונג.

עדלאַך, 13טן נאָוועמבער, 1902.

מיין האַרץ קלאַפּט ווידער רויִקער.

גרינבערג איז צוריקגעקומען פון קאַיראָ מיט אַ פולן דערפאָלג, ווי וויים דאָס איז געווען מעגלעך. ער האָט געוווּנען פאַר אונדזער זאַך לאָרד קראָמערן, ווי אויך דעם עגיפּטישן פּרעמיער־מיניסטער בוטראָס גאַלי פּאַשאַ און די וויכטיקע ענגלישע אונטערגעאָרדנטע, מר. בייל, קאַפּיטאַן האַנטער א״אַ.

ווין, 22סטן דעצעמבער, 1902.

נעכטן האָב איך דערהאַלטן לאָרד לאַנסדאַונס ענטפער, געשריבן דורך סער ט. ה. סאַנדערסאַן. אַ היסטאָרישער דאָקומענט.

לאָרד קראָמער באַריכטעט, אַז דער פּראָיעקט וועגן האַלב־אינדזל סיני וועט זיין מעגלעך — אויב די קאָמיסיע וועט אײַנזען די רעאַלע פאַרהעל־טענישן פאַר מעגלעך. די עגיפּטישע רעגירונג וועט פאַרלאַנגען בלויז די אָטאָמאַנישע אונטערטאַנשאַפט און אַ יערלעכן בייטראָג פאַר אויפהאַלטן די אָרדענונג אינערלעך און אויסערלעך.

איך וועל שיקן אַהין אַ קאָמיסיע: דעם אַרכיטעקט מאַרמאָרעק, דעם אינזשעניר קעסלער, דעם פּראָפעסאָר וואַרבורג*; איינעם פון די ארץ־ישראל־אַגראָנאָמען און דעם געאָגראַף דזשענינגס בראַמלי פון סודאַן, וועלכער ווערט רעקאָמענדירט דורך קראָמערן.

די אָטאָמאַנישע אונטערטאַנשאַפט (אונטער דער ענגלישער גאַראַנטיע) וועל איך געבן דעם סולטאַן פאַר אַ הויכן פּרייז. איך וועל דערפאַר פאָדערן אַ שטיק פון ארץ־ישראל.

דעם יערלעכן שטייער־אָפּצאָל וועל איך פאַרזיכערן דער עגיפּטישער רעגירונג, און איך וועל האַלטן דעם צוזאָג, אויב דער גווערנאָר פון דער

* אָטאָ וואַרבורג, באַרימטער וויסנשאַפטלער, שפּעטערדיקער פּרעזידענט פון דער ציו־ניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע.

עגיפּטישער פּראָווינץ יודעאַ וועט געוויילט ווערן דורך די קאָלאָניסטן אויף צען אָדער אויף זיבן יאָר. דער כעדיוו וועט אים דאַרפן בלויז באַ־שעפטיקן. אָדער ער וועט פּרעזענטירט ווערן דורך דער ענגלישער רע־גירונג, און דער כעדיוו וועט אים נאָמינירן.

די פּאָליצײַ קאָן אָנגעפירט ווערן דורך ענגליש־עגיפּטישע אָפיצירן. די פּאָליציאַנטן וועלן זיין אונדזערע מענטשן.

אויף דער באַזע פון די דאָזיקע דערגרייכונגען מוז לאָרד ראָטשילד מיר פאַרשאַפן דאָס געלט פון דער יק"א — אַמווינציקסטן צוויי אָדער דריי מיליאָן פונט פאַר דער יידיש־מיטל־מיזרח־געזעלשאַפט. דאָס איבעריקע — דורך אַן עפנטלעכער סובסקריפּציע.

וואָס עס אימפּאָנירט מיך אַממייסטן איז די קאַלטקייט און רו, מיט וועלכער דאָס ענגלישע אויסערן־מיניסטעריום באַהאַנדלט ווייטער דעם סיני־פּלאַן, אין מיטן די גרויסע פאַרוויקלונגען אין דער וועלט. די דאָזיקע קאַלטקייט און רו דאַרף מען לערנען. דאָס איז דער שליסל צו גרויסקייט.

הערצל איז שוין אַזוי שטאַרק איינגעלייבט אין זיין בייער אידעע וועגן דער אויטאָנאָמער געגנט "יודעאַ" אויפן האַלב־אינדזל סיני, אַז ער הייבט אָן אויסצואַרבעטן פּלענער וועגן דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון דער גרויסער קאָלאָניע, וועלכע דאַרף שפּעטער אויך אַרומנעמען ארץ־ישראל און פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ יידישער מדינה. הערצל באַטראַכט שוין אַ באַוואַ־סערונגס־פּלאַן פאַר דעם מידבר סיני און קלערט אויך וועגן אויס־נוצן די נאַטור־אוצרות, באַזונדערס פאַר פּראָדוצירן פאָספאַטן.

ווין, 30סטן דעצעמבער, 1902.

היינט, צווישן נאַכט און באַגינען, איז מיר איינגעפאַלן:

אפשר וועלן מיר קאָנען באַפרוכפּערן דאָס וויסטע לאַנד דורך דעם טייך נילוס!

אַן איינפאַכע באַוואַסערונג וועט מסתמא נישט זיין מעגלעך צוליב דעם סועץ־קאַנאַל. מען וועט דאַרפן אויספּאָמפּען און אַריבערפירן דאָס וואַסער דורך רערן, וואָס וועלן דורכגעצויגן ווערן, אָדער אין דער הייך, אָדער

אין דער טיפעניש פון דער ערד. דאָס צווייטע ווייזט זיך מיר אויס צו זיין אַ סך לייכטער.

אַזאַ וואַסער־רערן־ליניע קאָן אָפּקאָסטן מיליאָנען און וועט דאָך נישט זיין צו טייער . . .

די אויספירונג פון דעם פּלאַן קאָן זיין אויף פאַרשידענע אופנים. דעם דאָזיקן פּלאַן און די פראַגע וועגן די פּאָספּאַטן וועל איך איבערגעבן מאַר־מאָרעקן און וואַרבורגן (וועלכער האָט אָנגענומען צו זיין אין דער דעלע־גאַציע) אַלס אַ געהיימע אויפגאַבע.

פאַר דער נייער אידעע זיינער פאָרט הערצל ווידער אַ מאָל קיין לאָנדאָן צו פירן ווייטערדיקע אונטערהאַנדלונגען.

הערצל גלייבט שטאַרק אין זיין נייעם פּלאַן וועגן גרינדן אַ גרויסע אויטאָנאָמע יידישע קאָלאָניע אין על־אַריש־סיני, וואָס זאָל שפּעטער אויסגעברייטערט ווערן און אויך אַרומנעמען ארץ־ישראל. הערצל פירט אַליין אָן מיט דער גאַנצער קאָמפּליצירטער אַרבעט פאַר דער דורכפירונג פון דעם פּלאַן. ער שאַפט אַן עקס־פּעדיציע פון עקספּערטן, וואָס זאָל פאָרן אין דער געגנט פון על־אַריש־סיני און אויספאָרשן דאָרט די קאָלאָניזאַציע־מעגלעכקייטן.

ער פירט ווייטער די פאַרהאַנדלונגען מיט דער ענגלישער רע־גירונג, וואָס דאַרף געבן איר צושטימונג צו דעם פּלאַן. און ער לאָזט נישט אָפּ לאָרד נתנאל מאיר ראָטשילד אין לאָנדאָן, פאַר־לאַנגענדיק פון אים צוצוגרייטן די גרויסע קאַפּיטאַלן, וואָס וועלן זיין נייטיק פאַר פינאַנסירן דעם פּלאַן צו גרינדן די קאָלאָניע.

עטלעכע מאָל פאָרט הערצל פון ווין קיין לאָנדאָן און מאַכט גרויסע אָנשטרענגונגען פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון זיין נייעם פּראָיעקט. אָנהייב 1903 איז ער ווידער אין דער ענגלישער הויפּט־שטאָט.

לאָנדאָן, 17טן יאַנואַר, 1903.

נעכטן איז געווען אַ גוטער טאָג.

געווען צו מיטאָג ביי ראָטשילדן. איך האָב אים געזאָגט: "דריי אַ זייגער דאַרף איך זיין אין אויסערן־מיניסטעריום. וואָס וועלן מיר טאָן ווען די יק"א־מענטשן וועלן נישט מיטגיין?"

לאָרד ראָטשילד האָט געענטפערט: "דעמאָלט וועלן מיר מאַכן די סובסקריפּציע. איך זע אָבער נישט, ווי אַזוי זיי קאָנען זיך אָפּזאָגן. — איר וועט שטיין אין שפּיץ, דר. הערצל. איך וויל זיין בלויז אייער מיטאַרבעטער. איך בין צופרידן, וואָס איך קאָן אייך העלפן".

אַזוי ווייט זענען מיר געווען — אויב ער וועט זיך ווידער נישט אַרויסדרייען. "פאַרלאָז זיך נישט אויף פירשטן (אויך פון דער פינאַנץ). זיי זענען ווי ווינט".

דערנאָך בין איך מיט גרינבערגן געווען ביי סער טאָמאַס סאַנדערסאָן, דעם פּערמאַנענטן אונטער־סעקרעטאַר פאַר אויסערן־ענינים, אויף דאַונינג־סטריט.

מיד האָבן גערעדט אַהין און אַהער. נישט קיין סך נייעס. עס איז צום שטוינען, וואָס אין דער צייט, ווען אין דער גאַנצער וועלט גלייבט מען, אַז ענגלאַנד איז אַנטשלאָסן צו האַלטן עגיפּטן פאַר יעדן פּרייז, האָב איך פון סער טאָמאַס רייד אַרויסגעטראָגן דאָס געפיל, אַז זיי באַטראַכטן זיך נישט אַזוי שטאַרק אין זאָטל און קוקן אויף דער גאַנצער זאַך, ווי אויף אַ פּראָוויזאָרישער.

איך האָב אים געגעבן דעם מאַרשרוט פון דער קאָמיסיע און איר צוזאַמענשטעל. אין די איינצלהייטן פון טשאַרטער האָט ער נישט געוואָלט אַריינגיין. וועגן דעם דאַרפן מיר קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט לאָרד קראָמער (ענגלישן וויצע־רעגענט אין עגיפּטן). די ענגלישע רעגירונג וועט גיין אַזוי ווייט, ווי קראָמער, נישט ווייטער. סער טאָמאַס האָט אָפן מורא געהאַט פאַר מיר, אַז איך קאָן אים אַריינשלעפּן צו ווייט אין אַן אַוואַנטורע.

די עקספּעדיציע פאַרלאָזט דעם 29סטן יאַנואַר.

מיט קוק האָב איך דערליידיקט אַלע פּרטים, וועגן דער גאַנצער באַשפּייזונג אאַז"וו.

איך שטודיר איצט די מאַפּעס פון לאַנד.

דאָס איז אַ גרויסער אָפּשלוס פון דרייצנטן בוך פון הערצלס טאָג־ביכער.

הערצל הייבט אָן אַ ניי טאָגבוך, נומער 14, פול מיט אָפּטימיזם

וועגן זיין פּלאַן. ער טראָגט זיך שוין אַרום מיט פאַרשידענע מח־שבות אויסצובורייטערן דעם פּראָיעקט. ער פאַרשרייבט אַלע פּרטים:

טאָגבוך נומער 14.

אָנגעהויבן אין לאָנדאָן, דעם 18טן יאַנואַר, 1903.

אַ געדיכט פאַרנעפּלטער זונטיק. איך בין אין מיין קליינעם האָטעל־צימער, ביים קאַמין. איך וויל שרייבן אַ פעליעטאָן פאַר דער "נייע פרייע פּרעסע" און אָוועקפּטרן דעם פּוסטן זונטיק.

קעסלערן * האָב איך היינט שוין געגעבן אינסטרוקציעס. ער מוז מיר ברענגען אַ באַריכט וועגן די מעגלעכקייטן צו קאָלאָניזירן דאָס לאַנד, בכדי איך זאָל באַקומען דעם טשאַרטער און דאָס געלט. איך האָב אים אויך געזאָגט פאַרטרויליך, אַז צו על־אַריש וויל איך אויך האָבן דאָס אינדזל ציפּערן און חיפה מיט דעם הינטערלאַנד. און אַז איך טראַכט אָנצוהייבן די קאָלאָניזאַציע מיט דעם בעסטן באָדן.

לאָנדאָן, 21סטן יאַנואַר, 1903.

נעכטן האָב איך ביז נאָך מיטאָג געאַרבעט מיט דעם גענעראַל־שטאַב פון מיין עקספּעדיציע. קעסלער געפעלט מיר זייער גוט מיט זיין רויקייט, אַלס אָנפירער.

ג. ה. סטיוועגס, דער באַוואַסערונג־אינזשעניר, ווייזט מיר אויס צו זיין אַ דערפאַרענער ענגלענדער, מיט דער קילער באַגייסטערונג פון אַ ריכ־טיקן אינזשעניר, — ער וואָלט געוואָלט דורכפירן אַ קאַנאַל מיט זיס וואַסער פון נילוס צום סועץ־קאַנאַל. דער דאָזיקער קאַנאַל האָט געזאָלט דורכגעפירט ווערן אין די צייטן פון לעסעפּס (בויער פון סועץ־קאַנאַל) פאַר די קאַנאַל־אַרבעטער. (אַלס צען־יאָריק ייִנגל האָב איך גערעדט וועגן דעם, אויפצוטאָן אַזאַ זאַך ווי לעסעפּס — דורכצושטעכן דעם פּאַ־נאַמאַ־קאַנאַל!).

* אַ דרום־אַפריקאַנער ציוניסטישער טוער, אַן אינזשעניר, וועמען הערצל האָט באַשטימט פאַר דעם אָנפירער פון דער קאָמיסיע, וואָס ער האָט געשיקט קיין על־אַריש.

די קאָמיסיע פאָרט אַוועק קיין על־אַריש. הערצל גיט מיט די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע אַלע נייטיקע מאַטעריאַלן, מאַפּעס אאַז״וו. ער נעמט אויך אַרויס אַ פאַרזיכערונג אויף זייער לעבן. ער גיט זיי מיט אַ ״פאָנאָגראַף צו אַמוזירן די בעדויִנער״ אין על־אַריש. פון ווין טעלעגראַפירט ער צו די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע נייע אינסטרוקציעס און דערהאַלט פון זיי באַריכטן.

הערצל דעלעגירט אויך קיין קאַיראָ זיין נאָענטן מיטאַרבעטער לעאָפּאָלד גרינבערג, צו פירן די פּאָליטישע פאַרהאַנדלונגען מיט דעם ענגלישן וויצע־רעגענט, לאָרד קראָמער, און מיט דער עגיפּ־טישער רעגירונג. איין טאָג קריגט הערצל פון גרינבערגן אַ פיל־צוזאָגנדיקע ידיעה:

ווין, 23סטן פעברואַר, 1903.

נעכטן שפּעט אין אָוונט איז אָנגעקומען פאָלגנדיקע טעלעגראַמע פון גרינבערגן (פון קאַיראָ):

״מזל טוב! דאָקומענט באַקומען מיט אונטערשריפט פון עגיפּטישער רעגירונג. זייער צופרידנשטעלנדיק. ווייטערדיקע איינצלהייטן וועל שיקן אַזוי גיך ווי מעגלעך דורכן טעלעפאָן פון ברינדיזי. וועל אָפּפאָרן מאָרגן פרי״.

אויב איך פאַרשטיי גוט די דאָזיקע דעפּעשע, האָט ער אַ קאָנצעסיע־בריוו, אָבער נישט קיין טשאַרטער. איך מוז זיין געדולדיק ווייניקסטנס נאָך פיר טעג.

ווין, 2טן מערץ, 1903.

היינט איז אָנגעקומען גרינבערגס באַריכט און דער ״דאָקומענט״. דער דאָקומענט איז אַ כמעט גאָרנישט זאָגנדיקער בריוו פון עגיפּטישן פרעמיער־מיניסטער בוטראָס צו גרינבערגן פאַר אַ יידישער נאַציאָנאַלער קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט, וואָס דאַרף געשאַפן ווערן. דער דאָקומענט באַשטימט פון היפּאָטעטישע צוזאָגן מיט זייער באַשטימטע באַגרענע־צונגען.

איך האָב געשריבן גרינבערגן:

״אייער באַריכט גיט מיר אַן אויסגעצייכנט בילד פון דער פּאַקטישער

לאַגע. אָבער ער באַגרינדעט, לײדער, נישט אײער "מזל־טוב"־דעפּעשע. איך קאָן נישט און טאָר נישט זיך אַרײנלאָזן אין קײן שום אילוזיעס".

הערצל הײבט אָן צו פילן, אַז אויך אויפן װעג צו דער דורכ־פירונג פון זײן על־אַריש־פּלאַן באַװײזן זיך גרויסע שװעריקײטן. די קאָמיסיע, װאָס ער האָט געשיקט קײן על־אַריש, באַגעגנט שטערונגען אין איר אַרבעט. הערצל באַשליסט צו פאָרן אַלײן קײן קאַירא און אונטערהאַנדלען דירעקט אויפן אָרט מיט דער בריטישער אַדמיניסטראַציע און מיט דער עגיפּטישער רעגירונג.

װין, 18טן מערץ, 1903.

הײנט אין אָװנט פאָר איך אָפּ קײן עגיפּטן דורך טריעסט.

קאַירא, 24סטן מערץ, 1903.

אָנגעקומען אַהער נעכטן בײ טאָג. אין אָװנט האָב איך באַקומען אַ בריװ פון בײלן (סעקרעטאַר פון ענגלישן װיצע־רעגענט אין עגיפּטן, לאָרד קראָמער) קראָמער װיל מיך אויפנעמען מאָרגן, מיטװאָך אין דער פרי.

קאַירא, 25סטן מערץ, 1903.

11 אַ זײגער אין דער פרי בין איך געקומען צו לאָרד קראָמער. ער (קראָמער) איז מיר אַקעגנגעגאַנגען. דאָס געשפּרעך האָט זיך גיך אַנטװיקלט. איך האָב אין קורצע שטריכן אָנגעצײכנט אונדזער פּלאַן. װען איך האָב דערמאָנט, אַז מיר װילן בויען באַנען, האָט ער אַרײנגעװאָרפן: "װעגן דעם װעלן מיר נאָך רעדן". איך האָב דערמאָנט דעם באַריכט. מיר װעלן דאַרפן װאַסער, און טאַקע פון טײך נילוס. "װעגן דעם װעל איך אײך קאָנען געבן אַן ענדגילטיקן ענטפער, ערשט װען מײן פאַכמאַן פאַר דער פראַגע װעט צוריקקומען, אין אַ מאָנאַט אַרום" — האָט ער געזאָגט.

"מיר פאַרלאַנגען — האָב איך װײטער גערעדט — נאָר דאָס איבער־פליסיקע װאַסער פון נילוס, פון װינטער, דאָס װאַסער, װאָס גײט אַרײן אָן שום נוצן אין ים. מיר װעלן דערפאַר בויען רעזערװואַרן". דערבײ האָב איך דערמאָנט, אַז מיר װעלן דורך שאַפן עפנטלעכע אַרבעטן באַ־

שעפּטיקן אַרום צוואַנציק טויזנט מענטשן. איך בין אויך אַריבערגעגאַנגען צו דער פינאַנץ־פראַגע און האָב אים געוויזן אַ טעלעגראַמע, וואָס איך האָב נעכטן באַקומען פון ראָטשילדן. ער איז דורכגעלאָפן די טעלעגראַמע, ווי אַ פריץ, וואָס ווייסט וועגן דער מאַכט, וואָס ער באַזיצט, און האָט מיר געזאָגט: "זייער פאַרזיכטיק, זייער פאַרזיכטיק".

ער האָט פאַרענדיקט די אוידיענץ אויף אַ מין קעניגלעכן אופן. איך מיין, אַז איך בין אים נישט געפעלן געוואָרן.

און דאַן בין איך געפאָרן צו בוטראָסן (עגיפּטישער פּרעמיער־מיניס־טער). אַן עגיפּטיש מיניסטעריום, אין וועלכן די עגיפּטער האָבן גאָרנישט וואָס צו באַפעלן. איך בין גלייך אויפגענומען געוואָרן פון בוטראָסן. איך אָנהייב האָבן מיר געפירט אַ טוריסטן־געשפּרעך און זענען אַריבערגעגאַנגען צו דעם ענין.

"פון וואַנען וועט איר נעמען דאָס וואַסער?" — האָט אויך ער גע־פרעגט.

איך האָב אים אָנגעצייכנט קורץ אונדזערע פּלענער וועגן דער באַוואַ־סערונג. אויך דאָס גאָלד איז באַוואַסערונג, האָב איך געזאָגט. ער האָט מיט מיר איינגעשטימט, בעת מיר האָבן געטרונקען טערקישע קאַפע אַזוי לאַנג, ביז עס האָט זיך אָנגעמאָלדן דער עסטרייכישער קאָנסול. דאָ האָב איך זיך געזעגנט מיט אים.

איך בין צוריקגעפאָרן צו קראָמערס הויז, בכדי צו באַזוכן זיין סעק־רעטאַר בייל. ער איז נישט געווען. דאָס הייסט: ער האָט געלאָזט זאָגן, אַז ער איז נישטאָ און האָט זיך אַרויסגעדרייט פון מיין באַזוך. אַ שלעכ־טער סימן. אַזוי, אַז פון היינטיקן פאַרמיטאָג איז ביי מיר פאַרבליבן אַ שלעכטער איינדרוק.

וואָס פאַר אַ פעלער איך האָב געמאַכט, וועל איך ערשט שפּעטער אויסגעפינען.

הערצל פאָרט אַוועק פון קאַירע, נישט האָבנדיק דערגרייכט קיין קאָנקרעטע רעזולטאַטן. ער טראָגט אַרויס אַ שלעכטן איינ־דרוק פון דעם ענגלישן וויצע־רעגענט, לאָרד קראָמער. די ענג־לישע באַאַמטע אין קאַירע מאַכן שטערונגען און פירן נישט אויס

די אינסטרוקציעס פון קאָלאָניען־מיניסטעריום אין לאָנדאָן. הערצל באַשליסט איבערצוגעבן זיין פריינד פון די ערשטע צייטן אין ציוניזם, קאָלאָנעל אַלבערט עדוואַרד גאָלדסמיט, צו פירן ווייטער די פאַרהאַנדלונגען אין קאַירא:

7טן אַפּריל, אויפן אַדריאַטישן ים, אויף דער שיף "באָהעמיאַ".

גאָלדסמיט האָט באַקומען פון מיר דעם אויפטראַג צו נעמען פון קראָמערן קודם־כל די קאָנצעסיע אָן דעם וואַסער פון טייך נילוס, אויב דאָס איז מעגלעך, און די וואַסער־פראַגע איבערלאָזן ביז סער וויליאַם גאַרסטין (קראָמערס פאַכמאַן) וועט צוריקקומען, אין מיי, ווי באַלד קראָמער וויל נישט אַנדערש.

איך לייג איצט מיין האָפענונג אויף טשעמבערליינען, וועלכן איך וויל זען קומענדיקע וואָך. ער זעט די זאַך ווייטער און דערפאַר אויך העכער.

הערצל פאָרט ווייטער קיין לאָנדאָן און האָט אַ ניי געשפּרעך מיט דעם קאָלאָניען־מיניסטער דזשאָזעף טשעמבערליין. צום ערשטן מאָל הערט ער פון דעם ענגלישן קאָלאָניען־מיניסטער וועגן דעם אוגאַנדע־פּלאַן, וואָס האָט שפּעטער געבראַכט אַזעלכע טראַגישע אַנטוויקלונגען פאַר הערצלען.

לאָנדאָן, 24סטן אַפּריל, 1903.

נעכטן ביי טאָג האָב איך געזען טשעמבערליינען. ער האָט מיך אויפגענומען ליבנסווירדיק, ווי אַן אַלטן באַקאַנטן. ער האָט מיר אויסגעזען זייער פאַרעלטערט און באַזאָרגט, אָבער גייסטיק פריש.

"זינט מיר האָבן זיך געזען, בין איך אויסגעפאָרן אַ שיין שטיק וועלט" — האָט ער אָנגעהויבן, און באַלד זענען מיר געווען אין מיטן פון אונדזער ענין.

"ווען איך בין געווען אין עגיפּטן האָב איך גערעדט מיט לאָרד קראָמער וועגן אייער פּראָיעקט. וואָס האָט איר געטאָן?"

איך האָב אים באַריכטעט און האָב אים אָנגעוויזן אויף דעם ראַפּאָרט פון דער קאָמיסיע, וואָס איך האָב אים געשיקט אַ טאָג פריער און וואָס איז געלעגן פאַר אים.

"דאָס איז נישט קיין גינסטיקער ראַפּאָרט" — האָט ער באַמערקט.

"יאָ — האָב איך געזאָגט — עס איז אַ זייער אָרעם לאַנד, מיר ווילן אָבער עפּעס מאַכן פון דעם".

"איך האָב אויף מיין רייזע געזען אַ לאַנד פאַר אייך — האָט געזאָגט דער גרויסער טשעמבערליין — דאָס לאַנד איז א ו ג אַ נ ד ע. ביים ברעג איז הייס, אָבער וואָס ווייטער אין די אינערלעכע געגנטן ווערט דער קלימאַט אויסגעצייכנט אויך פאַר אייראָפּעער. איר קאָנט דאָרט פלאַנצן צוקער און ביינוול. האָב איך מיר געטראַכט, אַז דאָס וואָלט געווען אַ לאַנד פאַר דר. הערצלען. אָבער ער וויל נאָר פאַלעסטינע, אָדער אַ שכנותדיק לאַנד".

"יאָ, איך מוז — האָב איך געענטפערט — די באַזע מוזן מיר האָבן אין פאַלעסטינע, אָדער בשכנות. שפּעטער וועלן מיר קאָנען קאָלאָניזירן אויך אוגאַנדע. ווייל מיר האָבן מאַסן מענטשן, וועלכע זענען גרייט צו עמיגרירן. מיר מוזן אָבער בויען אויף אַ נאַציאָנאַלער באַזע, און דערפאַר דאַרפן מיר האָבן די פּאָליטישע אַטראַקציע אין על־אַריש. דאָס פאַרשטייען זיי אָבער נישט אין עגיפּטן. איך האָב דאָרט אויך נישט געקאָנט רעדן אַזוי קלאָר און דייטלעך, ווי דאָ. דאָרט האָב איך געמוזט פאַרלאַנגען אַ גאַנץ נישט־גענוגנדיקע קאָנצעסיע, נעמענדיק אין באַטראַכט די פּאָליטישע פאַרהעלטענישן".

מיר האָבן גערעדט אַהין און אַהער.

אין קליין־אַזיע — האָט געזאָגט טשעמבערליין — ווערן אונדזערע אינ־טערעסן וואָס אַ מאָל ווייניקער. דאָרט וועט איין טאָג קומען צו אַ רעגו־לירונג צווישן פראַנקרייך, דייטשלאַנד און רוסלאַנד, און מיר וועלן וואָס אַ מאָל מער ווערן אַרויסגעשטויסן צו די ווייטערע פונקטן. איך פרעג זיך, וואָס וועט דעמאָלט זיין דער גורל פון אייער יידישער קאָלאָניע אין פאַ־לעסטינע. אויך ווען עס וועט ביז דעמאָלט זיך אייך איינגעבן צו גרינדן די קאָלאָניע ?"

איך האָב געזאָגט : "איך גלייב, אַז דעמאָלט וועלן מיר ערשט האָבן די אמת־גוטע אויסזיכטן. ווייל דעמאָלט וועלן מיר קאָנען באַנוצט ווערן אַלס אַ קליינע בופער־מדינה. מיר וועלן זי באַקומען נישט פון דעם גוטן ווילן,

נאָר פון דער אייפערזוכט פון די מלוכות. און אויב מיר וועלן זיין אין על־אַריש אונטער דער ענגלישער פאָן, דאַן וועט אויך אונדזער ארץ־ישראל אַריינפאַלן אין דער בריטישער איינפלוס־ספערע״.

הערצל פאָרט אַוועק פון לאָנדאָן מיט דעם געפיל, אַז עס האַלט נישט נעענטער, נאָר ווייטער, אויף דעם וועג צו זיין ציל, דורכצוּפירן דעם על־אַריש־פּלאַן. אָנהייב מיי באַקומט ער אין ווין אַ מיטטיילונג פון קאָלאָנעל גאָלדסמיט פון קאַירא, אַז דער גאַנצער על־אַריש־פּראָיעקט איז דורכגעפאַלן. — און באַלד טראָגט ער זיך שוין אַרום מיט אַ נייעם פּלאַן.

ווין, 13טן מיי, 1903.

דערהאַלטן אַ בריוו פון גאָלדסמיטן, פון 6טן מיי, מיט דער מיטטיילונג: ״סער וויליאַם גאַרסטין (לאָרד קראָמערס ספּעציאַליסט) האָט דערקלערט, אַז מיר וועלן דאַרפן פינף מאָל אַזוי פיל וואַסער, ווי סטיווענס (מיטגליד פון הערצלס קאָמיסיע קיין על־אַריש) האָט אויסגערעכנט. אויך וואָלט דאָס דורכציען רערן געבראַכט דערצו, אַז דער פאַרקער אין סועץ־קאַנאַל וואָלט געשטערט געוואָרן אויף מערערע וואָכן״.

אין די פרוכטבאַרע פרימאָרגן־שעהן, נעכטן און היינט, האָב איך מיר, נאָכן דורכפאַל פון דער דאָזיקער קאָמבינאַציע, געמאַכט אַ נייעם פּלאַן.

פון טשעמבערליינס אוגאַנדע־פּלאַן בין איך אַרויסגעגאַנגען און געקומען קיין מאָזאַמביק. איך וויל מאַכן אַ פּרווו צו באַקומען דאָס דאָזיקע פּאַסיווע לאַנד פון דער פּאָרטוגעזישער רעגירונג, וועלכע נייטיקט זיך אין געלט, פאַר אַ טשאַרטער־געזעלשאַפט. איך וועל צוזאָגן צו דעקן דעם דעפיציט און שפּעטער צאָלן אַ יערלעכן ביישטייער. מאָזאַמביק וויל איך אָבער באַקומען בלויז פאַר מאַכן שפּעטער אַן אויסטויש. איך וויל פאַר מאָזאַמביק קריגן שפּעטער פון דער ענגלישער רעגירונג דאָס גאַנצע סיני־האַלב־אינדזל מיט דעם וואַסער פון נילוס פאַר זומער און ווינטער, און עווענטועל אויך אין ציפּערן — און טאַקע אומזיסט!

אָבער הערצלס שטימונג איז זייער אַ געדריקטע צוליב דעם דורכפאַל פון על־אַריש־פּלאַן. און זיין נייער פּראָיעקט וועגן דער

פּאָרטוגעזישער קאָלאָניע אין אַפריקע, מאָזאַמביק, איז — ווייזט אויס — פּאַר אים אַ גאַנץ קנאַפּע טרייסט. ער שרייבט אַריין אין זיין טאָגבוך זייער אומעטיקע ווערטער:

ווין, 16טן מײַ, 1903.

איך האָב געהאַלטן, אַז דער סיני־פּלאַן איז שוין אַזוי געזיכערט, אַז איך דאַרף מער נישט קויפן קיין פאַמיליען־קבר אויף דעם דעבלינגער בית־עולם, ווו מיין פאָטער רוט פּראָוויזאָריש. איצט האַלט איך אָבער, אַז דער גאַנצער ענין האָט שוין אַזוי שטאַרק געקראַכט, אַז איך בין אַוועק־געגאַנגען און האָב געקויפט אַ קבר אויף דעם בית־עולם — דעם קבר נומער 28.

[ו]

הערצלס באַזוך אין רוסלאַנד

די פאַרהאַנדלונגען מיטן אינערן־מיניסטער פלעווע

די טרעפונג מיטן פינאַנץ־מיניסטער וויטע

צווישן יידן אין ווילנע

דער זעקסטער ציוניסטישער קאָנגרעס

דאָס פּראָבלעם פון אוגאַנדע

די "יאָ־זאָגער" און "ניין־זאָגער"

עס איז דאָס לעצטע יאָר אין הערצלס פּריצייטיק אויסגעגאַנגען לעבן. די צייט לויפט, אָבער הערצל נוצט אויס יעדע מינוט צו אַרבעטן ווייטער פאַר דער ציון־אידעע און פאַר זיין פאָלק — הגם די איבערגעשטרענגטע אַרבעט קאָסט אים געזונט און לעבן.

אין לעצטן יאָר פון הערצלס טראַגיש איבערגעריסן לעבן, אין 1903—1904, פאַרנעמט אַ וויכטיק אָרט דאָס קאַפּיטל רוסלאַנד. ווען דער גרינדער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג איז געווען פאַרנומען מיט זיינע פאַרהאַנדלונגען וועגן דעם על־אַריש־פּלאַן, וואָס איז אין גאַנצן דורכגעפאַלן — האָט פּאַסירט דער שרעק־לעכער פּאָגראָם אין קישינעוו, וועלכער האָט ביים אָנהייב פון אונדזער איצטיקן יאָרהונדערט אויפגערודערט די גאַנצע יידישע וועלט און אויך אַ גרויסן טייל פון דער נישט־יידישער עפנטלע־כער מיינונג אין דער וועלט.

דער פירער פון ציוניזם, וועלכער איז אַרויסגעקומען אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע מיט דער אידעע וועגן באַנייען די יידישע מדינה אַלס לייזונג פון דער יידן־פראַגע, איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז עס מוז געפינען ווערן אַן ענטפער אויף קישינעוו. אַלע זיינע דורכפאַלן אין די ביז איצטיקע גרויסע אָנשטרענגונגען און פאַרשידענע פאַרהאַנדלונגען האָבן אין אים נישט אָפּגעשוואַכט זיין טיפע איבערצייגונג און אייזן־פעסטע אמונה, אַז דער יידנ־שטאַט איז דער ענטפער. ער האָט געטראַכט וועגן אַ צייטווייליקער יידישער אויטאָנאָמער טעריטאָריע, אַ „נאַכט־אַזיל" — לויט נאָרדויס אויסדרוק — אויפן וועג צו דער יידישער מדינה, בכדי באלד צו ראַטעווען די פאַרפאָלגטע און געפּלאָגטע יידישע מאַסן. אַחוץ דער פּאָרטוגעזישער קאָלאָניע מאָזאַמביק — וועלכע איז דערמאָנט געוואָרן אין פריערדיקן קאַפּיטל, האָט ער אויך געהאַט אַ פּלאַן, וואָס איז געווען פאַרבונדען מיט דער בעלגישער קאָנגאָ,

און אַ סך מער קאָנקרעט האָט הערצל באַטראַכט דעם פּראָיעקט וועגן אוגאַנדע, וואָס דער ענגלישער קאָלאָניע־מיניסטער טשעמ־בערליין האָט אים פאָרגעשלאָגן, און וואָס האָט געשפּילט אַ פּאַ־טאַלע ראָלע אין די לעצטע חדשים פון הערצלס לעבן.

און אין דער זעלבער צייט האָט הערצל אין זיין איבערגע־שטרענגטער אַרבעט אין לעצטן יאָר פון זיין לעבן, באַנייט זיין פּאָליטישע אַקציע, וואָס ער האָט שוין געהאַט אָנגעהויבן פריער, אויסצונוצן דעם איינפלוס פון רוסלאַנד אויף טערקיי פאַר באַ־קומען סוף־כל־סוף דעם "טשאַרטער" פון טערקיי אויף ווידער־אויפריכטן די יידישע מדינה אין ארץ־ישראל. הערצל האָט גע־האַלטן, אַז די לאַגע אין רוסלאַנד נאָך דעם קישינעווער פּאָגראָם, ווען די צאַרישע רעגירונג האָט פאַר דער עפנטלעכער מיינונג פון דער וועלט זיך געמוזט פאַרטיידיקן צוליב די באַגאַנגענע רציחות און רויבערייען אויף די שוצלאָזע יידן — קאָן זיין גינסטיק פאַר זיינע פּאָליטישע שריט אין פּעטערבורג. ער האָט אויך געגלייבט צו קענען אויספּועלן אַ בעסערע באַציונג צו די מיליאָנען יידן אין רוסלאַנד גופא דורך זיין פּערזענלעכער אינטערווענץ ביי דער צאַרישער רעגירונג און געשפּרעכן מיט די צאַרישע מיניסטאָרן.

אַ באַקאַנטער ציוניסטישער עסקן פון וואַרשע אין יענער צייט, אַדוואָקאַט איזידאָר (ישראל) יאַסינאָווסקי, האָט געפונען דורך דער פּוילישער פירשטין מאַדאַם קאָרווין־פּיאָטראָווסקאַ אַ וועג צו די קרייזן פון דער צאַרישער רעגירונג. אין מיי 1903 האָט זי געלאָזט וויסן, אַז וויאַטשעסלאַוו פּלעווע, דער צאַרישער אינערן־מיניסטער "וועט זיין צופרידן צו באַקענען זיך מיט אַזאַ אינטע־רעסאַנטער פּערזענלעכקייט, ווי דר. הערצל, און וועט גערן שטיצן אַ באַוועגונג פון יידישער אויסוואַנדערונג, אָן דעם, אַז די אויס־געוואַנדערטע זאָלן האָבן דאָס רעכט צוריקצוקומען קיין רוסלאַנד".

פּלעווע איז געווען באַקאַנט אַלס אַ פינצטערער אַנטיסעמיט און צורר היהודים. ער איז אויך געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם יידישן בלוט, וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן אין קישינעוו. אָבער הערצל, דער שטאַטסמאַן, האָט געהאַלטן, אַז פאַר דער טובה פון די געדרודפּטע יידן טאָר ער נישט דורכלאָזן קיין איין געלע־גנהייט, ווו עס קאָן זיין אַ מעגלעכקייט פון רעטונג. און מיט אַ שווער האַרץ האָט ער געשריבן צום צאַרישן מיניסטער:

ווין, 19טן מיי, 1903.

פון אַ בריוו צו פּלעווען:

אייער עקסעלענץ וועט מעגלעך זיין באַקאַנט מיין נאָמען, אַלס פירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

די געשעענישן פון קישינעוו, וועלכע דאַרפן באַקלאָגט ווערן, דריקן די פעדער אין מיין האַנט — אָבער נישט בכדי צו קלאָגן אויף דעם, וואָס לאָזט זיך שוין נישט ענדערן.

איך הער פון קוועלן, אויף וועלכע מען קאָן זיך פאַרלאָזן, אַז צווישן די יידן אין רוסלאַנד פאַרשפּרייט זיך אַ שטאַרקע פאַרצווייפלונג. זיי גלייבן, אַז זיי זענען אויסגעליפערט געוואָרן אָן שום שוץ צו די בייזע אינסטינקטן פון המון.

עס איז געווען אין די פאַרגאַנגענע יאָרן דער רום פון דער ציוניס־טישער באַוועגונג צו געבן די אַלע אומגליקלעכע אַ העכערן אידעאַל, וועלכער זאָל זיי טרייסטן און באַרויקן. דאָס איז זיכער נישט געבליבן אומבאַקאַנט פאַר אייער עקסעלענץ.

איצט בין איך אינפאָרמירט געוואָרן דורך זייער ערנסטע מענטשן, אַז עס איז דאָ אַ מיטל צו באַרויקן באַלד די פאַרצווייפלטע שטימונג פון אונדזערע אָרעמע מענטשן. און דאָס זאָל זיין: אַז זיין מאַיעסטעט דער צאַר זאָל מיר געבן אַן אוידיענץ. דער דאָזיקער פאַקט אַליין וועט שוין האָבן אַלס רעזולטאַט אַן אויגנבליקלעכע איינשטילונג, אויך ווען פון דעם אינהאַלט פון געשפּרעך וועט קיין איין וואָרט נישט אַרויסקומען אין דער עפנטלעכקייט.

איך בין געווינט צו באַרעכטיקן אַזאַ פאַרטרויען. אויף דעם איז פאַראַן דער באַווייז, אַז דער אינהאַלט פון מיינע עטלעכע געשפּרעכן מיט זיין מאַיעסטעט דעם דייטשן קייזער און מיט דעם סולטאַן פון טערקיי איז קיין מאָל נישט אַרויסגעקומען אין דער עפנטלעכקייט. די געלעגנהייט פון מיין אוידיענץ, אויב זי זאָל מיר געגעבן ווערן, וואָלט איך געקאָנט באַנוצן צו געבן דער רעגירונג פון זיין מאַיעסטעט דעם צאַר די פאַרלאַנגטע אינפאָרמאַציע וועגן אונדזער באַוועגונג און בעטן די וויכטיגע הילף פון זיין מאַיעסטעטס רעגירונג.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָב איך שוין געשילדערט דעם צאַר די צוועקן פון אונדזער ציוניסטישער באַוועגונג אין אַ מעמאָראַנדום, געשריבן אין פראַנצויזיש, וועלכן זיין קעניגלעכע הויכקייט, דער גרויס־הערצאָג פון באַדען, איז געווען אַזוי גענעדיק איבערצוגעבן. און איך האָב באַקומען דערפאַר דעם דאַנק פון זיין מאַיעסטעט.

איך בין גרייט, אויב מעגלעך, נאָך היינטיקע וואָך צו פאָרן קיין פעטערבורג.

פון הערצלס האָפענונג צו האָבן אַן אוידיענץ ביים צאַר לאָזט זיך גאָרנישט אויס. ער קריגט אָבער די מעגלעכקייט צו ווערן אויפגענומען דורך פלעווען און באַשליסט צו מאַכן די רייזע קיין רוסלאַנד. עטלעכע ציוניסטישע פירער אין רוסלאַנד, מיטגלידער פון אַקציאָנס־קאָמיטעט, פרוּוון אים שטאַרק אָפּרעדן פון דער רייזע און פון זיין באַשלוס צו פאַרהאַנדלען מיט דעם בלוטיקן אַנטיסעמיט און פינצטערן רעאַקציאָנער פלעווע. הערצל בלייבט אָבער ביי זיין באַשלוס, זעענדיק פאַר זיך אַ הויכן ציל. עס שאַפט זיך אַ פיינלעכער ריס צווישן הערצלען און די דאָזיקע ציוניסטישע פירער אין רוסלאַנד. דער ריס, וועלכער איז נאָך שאַרפער געוואָרן שפּעטער, ווען עס איז אויפגעשוואומען די אוגאַנדע־פראַגע.

גרייטנדיק זיך צו זיין רייזע קיין פעטערבורג שרייבט הערצל אַ פאַרטרויילעכן בריוו צו לאָרד נתנאל מאיר ראָטשילד אין לאָנדאָן:

אַלט אַוסזעי (ביי ווין), 30סטן יולי, 1903.

אין טיפסטן פאַרטרויען טייל איך אייך מיט, אַז איך פאָר קומענדיקע וואָך קיין פעטערבורג, בכדי דאָרט עפּעס דורכצוזעצן לטובת די יידן און אויספּועלן אַ פאַרבעסערונג פון זייער לאַגע. עס איז מיר שוין פאַרזיכערט געוואָרן, אַז איך וועל אויפגענומען ווערן דורך די הויפּט־פּערזאָנען, אָבער איך וואָלט געוואָלט אייך בעטן מיר צו געבן אַן אָפענעם רעקאָמענדאַציע־בריוו צום פינאַנץ־מיניסטער וויטע. איך ווייס פון אַ גוטע קוועלע, אַז ער רעספּעקטירט אייך שטאַרק, און אייערס אַזאַ בריוו וואָלט דעריבער געהאַט אַ גרויסן ווערט.

פאַרן אָפּפאָר קיין רוסלאַנד שליסט אָפּ הערצל דאָס טאָגבוך 16 פון זיינע טאָג־ביכער. ער הייבט אָן אַ ניי בוך, דאָס 17טע פון זיינע טאָג־ביכער, אָנקומענדיק קיין פּעטערבורג — מיט דער האָפענונג, אַז ער הייבט אויך אָן אַ ניי וויכטיק קאַפּיטל אין זיין קאַמף פאַר דעם יידנשטאַט און פאַר לייזן די יידן־פּראַגע.

בוך 17, אָנגעהויבן אין פּעטערבורג דעם 7טן אויגוסט 1903.

מיין רייזע איז פאַרשוויגן געוואָרן פאַר די חברים, דאָך, ווו נאָר זיי האָבן זיך דערוווּסט, האָט מען מיך אָפּגעוואַרט: אין וואַרשע, ווילנע.

עס גייט זיי אַזוי שלעכט, אַז איך — דער אָרעמער טייוול — זע אויס צו זיין פאַר זיי, ווי אַ באַפרייער... אין האָטעל האָט נישט געוואַרט אויף מיר קיין רעקאָמענדאַציע־בריוו פון ראָטשילדן. דער לאָרד אַנטשולדיקט זיך מיט "די איצטיקע אומשטענדן". איז עס אָפּאָרטוניזם, אָדער פּחד־דנות? אָדער האָט ער מורא, איך וועל ווערן צו גרויס? איך וועל מוזן גיין ווייטער אָן אים, ווי ביז איצט.

פּעטערבורג, 8טן אויגוסט, 1903.

די גוטע אַלטע פרוי קאָרווין־פּיאָטראָווסקאָ האָט שוין אַ בריוו פון פּלעווען, וועלכער האָט זי געבעטן צו באַשטעלן מיך צו אים אויף היינט 9.30 פאַר מיטאָג.

הערצל האָט צוגעגעבן אַ באַזונדערע באַדייטונג זיין געשפּרעך מיט דעם צאַרישן אינערן־מיניסטער וויאַטשעסלאַוו פּלעווע. אין זיינע טאָג־ביכער האָט הערצל פאַרשריבן זייער אויספירלעך דעם וויכטיקן געשפּרעך, וואָס ער האָט — אין זיין הערצלישן סטיל — באַצייכנט אַלס אַן "אומשטערבלעכע שאַך־פּאַרטיע".

פּעטערבורג, 10טן אויגוסט 1903.

ערשט היינט, נאָכן דערליידיקן די דרינגענדיקסטע ענינים, קום איך צו דעם, צו קאָנען פאַרשרייבן מיינע באַגעגענישן מיט די וויכטיקסטע מענטשן פון היינטיקן רוסלאַנד.

אייערנעכטן אין דער פרי האָב איך געזען פּלעווען. ער רעדט פראַנ־

צוויזיש נישט גלענצנד, אָבער אויך נישט שלעכט. ער האָט אָנגעהויבן מיט אַפּרייניקן דאָס פּעלד:

"איך האָב איינגעשטימט אויף דעם דאָזיקן געשפּרעך, וואָס איר האָט מיך געבעטן, הער דאָקטאָר, בכדי צו פאַרשטענדיקן זיך מיט אייך וועגן דער ציוניסטישער באַוועגונג, פון וועלכן איר זענט דער אָנפירער. די באַציונגען, וואָס וועלן זיך איינשטעלן צווישן דער אימפּעריאַלער רע־גירונג און דעם ציוניזם, און וועלכע קאָנען ווערן, איך וויל נישט זאָגן פריינדלעכע, אָבער קאָנען זיך אַנטוויקלען אין אַ פאַרשטענדיקונג — וועלן זיין אָפּהענגיק פון אייך".

איך האָב אַריינגעוואָרפן: "אויב זיי וועלן זיין אָפּהענגיק בלויז פון מיר, אייער עקסעלענץ, וועלן זיי זיין אויסגעצייכנטע".

פלעווע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און ווייטער גערעדט: "די יידן־פראַגע איז נישט פאַר אונדז קיין לעבנסוויכטיקע, אָבער דאָך האָט זי פאַר אונדז אַ גאַנץ גרויסע באַדייטונג, און מיר באַמיען זיך צו ווערן פאַרטיק מיט איר אויף דעם אַממעגלעכסטן גוטן אופן. איך האָב אייך באַוויליקט דאָס דאָזיקע געשפּרעך, בכדי מיט אייך צו רעדן וועגן דעם נאָך פאַר אייער קאָנגרעס אין באַזעל, ווי עס איז געווען אייער ווונטש. איך פאַרשטיי, אַז איר נעמט אָן אין דער דאָזיקער פראַגע אַן אַנדערן שטאַנדפּונקט, ווי די רוסישע רעגירונג, און איך וויל אייך פריער דער־קלערן אונדזער שטאַנדפּונקט. דער רוסישער שטאַט מוז פאַרלאַנגען אַ האָמאָגעניטעט פון זיין באַפעלקערונג. זיכער באַגרייפן מיר, אַז מיר קאָנען נישט מאַכן פאַרשווינדן אַלע פאַרשידנקייטן פון רעליגיעס און שפּראַכן.

מיר מוזן, צום ביישפּיל, צוגעבן, — האָט פלעווע ווייטער געזאָגט, — אַז די עלטערע סקאַנדינאַווישע קולטור האַלט זיך אויף אין פינלאַנד, ווי עפּעס אַזעלכעס, וואָס עקזיסטירט, — וואָס מיר מוזן אָבער פאָדערן פון אַלע פעלקער אין אונדזער לאַנד, און דאָס מיינט אויך פון די יידן, איז — אַז זיי זאָלן אויפפאַסן דעם רוסישן שטאַט פּאַטריאָטיש, ווי עפּעס, וואָס איז אַן אינטעגראַלער טייל פון זייער לעבן. מיר ווילן זיי אַסימי־לירן צו אונדז און מיר האָבן פאַר דעם צוועק צוויי וועגן: די העכערע

בילדונג און דאָס אויפשטייגן עקאָנאָמיש. ווער עס האָט דערפילט געווויסע באַדינגונגען אויף די דאָזיקע צוויי געביטן, און דער, וועגן וועלכן מיר קאָנען דעריבער אָננעמען, אַז דורך זיין בילדונג אָדער דורך זיין וווילשטאַנד איז ער געוואָרן אַן אָנהענגער פון דער באַשיידענער אָרדענונג, דעם גיבן מיר די בירגערלעכע רעכט. אָבער די דאָזיקע אַסימילירונג, וואָס מיר פאַרלאַנגען, גייט צו זייער פּאַמעלעך״.

דאָ האָב איך אים געבעטן אַ שטיק פּאַפּיר, אַז איך זאָל מיר קאָנען מאַכן נאָטיצן, בכדי אים נישט איבערצורייסן און דאָך אים ענטפערן אויף אַלעם. ער האָט אַרויסגעריסן אַ בלעטל פון אַ בלאָק, און פון דעם בלעטל האָט ער אָפּגעריסן דעם געדרוקטן ״קאָפּ״, איידער ער האָט דאָס מיר געגעבן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז איך זאָל זיך באַנוצן מיט דעם בלעטל פאַר עפּעס אַ פעלשונג. אַזוי קליינלעך האָט ער געהאַנדלט. מיין ליבער גאָט, וואָס וואָלט איך שוין געקאָנט אויפטאָן מיט איין אַזאַ פּאַפּירל ?

אין ווייטערדיקן טייל פון געשפּרעך האָט ער מיר געזאָגט : ״איך האָף, אַז איר וועט נישט מאַכן קיין שום אומאָנגענעמען נוצן פון אונדזער געשפּרעך״.

״איך וועל קיין שום נוצן נישט מאַכן, סיידן אייער עקסעלענץ וועט מיר זאָגן״, האָב איך געענטפערט.

איך גלייב, אַז דאָס איז געווען דער הויפּט־צוג פון דער דאָזיקער אומשטערבלעכער שאַך־פּאַרטיע, ווייל איך האָב פון אָנהייב אָן פאַרשטאַנען, אַז אים גייט אָן זייער אַ סך דער קומענדיקער קאָנגרעס, אויף וועלכן עס וועט אומפאַרמיידלעך אויפגעוויקלט ווערן נאָך אַ מאָל די גאַנצע געשיכטע וועגן קישינעוו.

ווי ער וואָלט אַרויסגעפילט, וואָס איך טראַכט, אָדער ווייל ער איז אַזאַ שטאַרקער לאָגישער קאָפּ, האָט פּלעוועו גלייך צוגעגעבן :

״מיר קאָנען, זעלבסטפאַרשטענדלעך, דערלויבן בלויז אַ באַגרענעצטער צאָל יידן צו געניסן פון דעם נוצן פון העכערער דערציונג, ווייל אַנדערש וועלן מיר באַלד נישט האָבן מער קיין פּאָסטנס פאַר די קריסטן. איך קאָן אויך נישט פאַרהוילן דעם אמת, אַז די עקאָנאָמישע

לאַגע פון די יידן אין דער „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי" (תחום המושב) איז אַ שלעכטע. איך גיב צו, אַז זיי לעבן דאָרט, ווי אין אַ געטאָ, אָבער עס איז דאָך אַ גרויסער געביט. דאָס זענען דרייצן גובערניעס. די לאַגע האָט זיך אין דער לעצטער צייט נאָך פאַרערגערט צוליב דעם, ווייל די יידן גייען אַריבער צו די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען. אייער ציוניסטישע באַוועגונג איז געווען פריער פאַר אונדז סימפּאַטיש, אַזוי לאַנג ווי זי האָט געהאָלפן צו אַ ווייטערדיקער עמיגראַציע. איר דאַרפט מיר ערשט נישט באַגרינדן אייער באַוועגונג. איר רעדט צו איינעם, וועלכער האָלט פון איר. אָבער זינט דעם מינסקער קאָנגרעס * באַמערקן מיר אַן ענדע־רונג ביי די „קעפ" פון אייער אָרגאַניזאַציע. מען רעדט שוין ווייניקער וועגן ארץ־ישראלדיקן ציוניזם און מער וועגן קולטור, אָרגאַניזאַציע און יידישן נאַציאָנאַליזם. דאָס פּאַסט אונדז נישט. מיר האָבן באַמערקט באַזונדערס, אַז אייערע וויכטיקסטע מענטשן אין רוסלאַנד — וועלכע ווערן זייער רעספּעקטירט אין זייערע קרייזן — זענען נישט קיין אמתע אָנהענגער פון אייער ווינער קאָמיטעט. איר האָט אייגנטלעך בלויז דעם איינעם אוסישקין, וועלכער האַלט מיט אייך אין רוסלאַנד".

(איך האָב געשטוינט איבער זיין קענטעניש פון אונדזערע מענטשן. דאָס האָט מיר באַוויזן, ווי ערנסט ער האָט שטודירט אונדזער באַוועגונג. און פּאַקטיש האָט ער זיך אויפגעהויבן און גענומען אַ שיינעם, גרויסן באַנד, ברוין מיט גאָלד־דרוק, פול מיט צייכנס פון לייענען. דאָס איז געווען דער באַריכט פון זיין מיניסטעריום וועגן דער ציוניסטישער באַוועגונג).

איך האָב אָפּגעווענדט זיינע ווערטער: „עקסעלענץ, זיי האַלטן אַלע מיט מיר, די פירער פון רוסלאַנד, אַפילו ווען זיי מאַכן מיר אָפּאָזיציע ביי אַ געלעגנהייט. דער וויכטיקסטער איז דאָך פּראָפעסאָר מאַנדעל־שטאַם אין קיעוו".

און ווידער האָב איך געמוזט שטוינען, ווען ער האָט געזאָגט:

„אָבער כהן־בערנשטיין! ער איז דאָך אַנטשידן קעגן אייך!"

* די ציוניסטישע קאָנפערענץ, וועלכע איז פאָרגעקומען אין מינסק, אין סעפּטעמבער 1902, מיט דער דערלויבעניש פון דער צאַרישער רעגירונג.

צום סוף האָבן מיר זיך פאַרשטענדיקט וועגן דעם, אַז איך זאָל אים צושטעלן אַן עקספּאָזע וועגן אונדזערע פאָדערונגען.

דאַן האָב איך אים געבעטן וועגן אַ רעקאָמענדאַציע צו וויטען *. ער האָט זיך גלייך אָוועקגעזעצט און אָנגעשריבן אַנדערהאַלבן זייטן צו וויטען, און ער האָט פאַרקלעפּט דעם קאָנווערט איידער ער האָט מיר אים געגעבן.

איך האָב אים אויך געבעטן צו באַשטעטיקן די סטאַטוטן פון אונדזערע ציוניסטישע פאַראיינען. און ביז דער באַשטעטיקונג, האָב איך אים גע־בעטן, אַז ער זאָל געבן אַן אָנווייזונג די גובערנאַטאָרן צו טאָלערירן אונ־דזער באַוועגונג, ווייל איך האָב זיך דערוווּסט, אַז דאָ און דאָרט זענען דורך זיינע אונטערגעאָרדנטע געמאַכט געוואָרן שיקאַנעס קעגן אונדז.

אויף דעם האָט ער מיר געענטפערט: "איך קאָן נישט באַפעלן קיין טאָלעראַנץ. אָבער גיט מיר איבער אַ פּראָיעקט פון איירע סטאַטוטן".

ווען איך האָב געפילט, אַז מיר האָבן שוין נישט מער וואָס צו זאָגן איינער דעם אַנדערן, און ווען ער האָט שוין געהאַט באַשטעלט ביי מיר אַן עקספּאָזע וועגן אונדזערע פאָדערונגען, האָב איך זיך אויפגעהויבן און אים געבעטן צו געבן מיר נאָך אַן אוידיענץ נאָך דעם ווי ער וועט האָבן באַטראַכט מיין עקספּאָזע. ער האָט מיר צוגעזאָגט דאָס צו טאָן. איך האָב זיך געזעגנט. ער האָט מיר געדריקט די האַנט.

"איך בין זייער גליקלעך, וואָס איך האָב זיך באַקענט מיט אייך פּער־זענלעך. און נעמט דאָס נישט אָן בלויז פאַר אַ פראַזע" — האָט ער מיר געזאָגט.

"און איך אויך, עקסעלענץ, בין גליקלעך וואָס איך האָב געקאָנט זען ה' פּלעווען, וועגן וועלכן מען רעדט אַזוי פיל אין אייראָפּע".

ער האָט געשמייכלט:

"וועגן וועלכן מען רעדט אַזוי פיל שלעכטס!"

"וועגן וועלכן מען רעדט אויף אַזאַ אופן, אַז איך האָב זיך געטראַכט, אַז דאָס דאַרף זיין אַ גרויסער מענטש".

ער האָט מיך באַגלייט ביז צום פאָדערצימער, ווו עס האָבן שוין גע־וואַרט אויף אים גענעראַלן.

* גראַף סערגעי יוליעוויטש וויטע, צאַרישער פינאַנץ־מיניסטער אין יענער צייט.

נאָך דער אוידיענץ ביים צאַרישן אינערן־מיניסטער וויאַטשעס־לאַוו פּלעווע, ווערט הערצל אויפגענומען דורך דעם פינאַנץ־מי־ניסטער גראַף סערגעי יוליעוויטש וויטע, וועלכער האָט געהאַט זייער אַ שטאַרקן איינפלוס אין צאַרישן הויף. וויטע שטעלט זיך פאַר פאַר הערצלען אַלס אַ "יידן־פריינד", אָבער דאָס געשפּרעך מיט אים נעמט אָן אַ גאַנץ אומאָנגענעמען כאַראַקטער פאַר דעם ציוניסטישן פירער.

פּעטערבורג, 10טן אויגוסט, 1903.

זונטיק, דעם 9טן, בין איך געפאָרן אויף די "אינדזלען" צו וויטען.

ער האָט מיך באַלד אויפגענומען, אָבער גאָרנישט מיט קיין אָנגענעמער מינע. אַ גרויסער, העסלעכער, אָנגעשטאָפּטער, ערנסטער מענטש. בערך אַ זעכציק־יאָריקער. ער רעדט זייער שלעכט פראַנצויזיש.

ער האָט אָנגעהויבן מיט דער פראַגע, ווער איך בין (נישט געקוקט אויף דעם, וואָס איך בין געווען רעקאָמענדירט צו אים דורך פּלעוועו). און נאָך דעם ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט און האָב אים אויך אין קורצע ווערטער איבערגעגעבן וועגן אונדזער אידעע פון אַ רעגירונגס־שטאַנדפּונקט — האָט ער גענומען דאָס וואָרט פאַר אַ לאַנגער רעדע:

"זאָגט נישט, אַז דאָס איז די אויפפאַסונג פון דער רעגירונג. דאָס איז דער שטאַנדפּונקט בלויז פון איינצלנע מענטשן אין דער רעגירונג. איר ווילט אַוועקפירן די יידן? זענט איר אַ העברעער? איבערהויפּט, מיט וועמען רעד איך?"

"איך בין אַ העברעער און דער פירער פון דער ציוניסטישער באַ־וועגונג".

"און אַלץ, וואָס מיר רעדן, וועט בלייבן צווישן אונדז?"

"אַבסאָלוט!" — האָב איך אים געזאָגט אַזוי ענערגיש, אַז פון דעם מאָמענט אָן האָט ער אָנגעהויבן רעדן אין גאַנצן פריי. ער האָט אָנגעהויבן מיט פאָרשטעלן די יידן־פראַגע אין רוסלאַנד.

"עס זענען פאַראַן ערלעכע פאָראורטיילן. דער צאַר האָט ערלעכע פאָר־אורטיילן קעגן די יידן. אין דעם צאַרס ערלעכקייט קאָן מען נישט צווייפ־לען, ווייל ער שטייט איבער אַלעם. די יידן־פיינדלעכע פאָראורטיילן פון

צאַר זענען הויפּטזעכלעך פון רעליגיעזן כאַראַקטער. דאַן זענען אויך פאַראַן פאַראורטיילן, וואָס קומען פון מאַטעריעלע מאָטיוון און זענען אַרויסגערופן געוואָרן פון דער קאָנקורענץ, וואָס יידן מאַכן. ס'זענען אויך דאָ מענטשן, וועלכע זענען אַנטיסעמיטן, ווייל עס איז איצט אַזאַ מאָדע. ענדלעך זענען אויך פאַראַן אַזעלכע, וואָס זענען אַנטיסעמיטן צוליב געשעפט. צו זיי געהערן די זשורנאַליסטן, דער שמוציקסטער פון זיי איז אַ געוויסער ג., וועלכער גיט אַרויס אַ צייטונג אין מאָסקווע. ער איז טאַקע אַ געשמדטער ייד, אָבער ער איז געבליבן מיט אַלע יידישע אייגנשאַפטן. איך מיין, מיט די שלעכטע — און ער שעלט די יידן. אַ גאַנץ געוויינלעכער פאַרשוין. — — — איך — (נאָך אַזאַ אַריינפיר איז עס געקומען גאַנץ אומדערוואַרט) — בין אַ פריינד פון די יידן".

איך האָב זיך געטראַכט שטילערהייט: ווי אַזוי רעדן שוין די שונאים?

"עס איז שווער — האָט ער ווייטער גערעדט — זיך איינצושטעלן פאַר די יידן, ווייל עס הייסט גלייך, אַז מען איז אָפּגעקויפט. איך מאַך מיר אָבער דערפון גאָרנישט. איך האָב גענוג מוט. אויך איז מיין רעפּוטאַציע אַלס אַן אָנשטענדיקער מענטש אַ צו שטאַרקע, אַז מען זאָל מיך קאָנען אָנגרייפן. אָבער שוואַכע נאַטורן און אַזעלכע, וואָס רייסן זיך צו קאַריערעס, לאָזן זיך לייכט באַאיינפלוסן און האַלטן, אַז עס וועט זיין בעסער פאַר זיי אַרויסצוטרעטן קעגן די יידן. לעצטנס איז צוגעקומען נאָך עפּעס, וואָס וועגט שטאַרק איבער: דער אָנטייל פון די יידן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אין דער צייט, ווען פון די הונדערט און זעקס און דרייסיק מיליאָן פון אונדזער באַפעלקערונג זענען בלויז זיבן מיליאָן יידן, איז זייער באַטייליקונג אין די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען אומגעפער פופציק פּראָצענט".

"וועלכע אומשטענדן, מיינט איר, האָבן געבראַכט דערצו, אייער עקסעלענץ" — האָב איך געשטעלט די פראַגע.

"איך גלייב, אַז דאָס איז די שולד פון אונדזער רעגירונג. מען דריקט צו פיל די יידן. איך פלעג זאָגן דעם פאַרשטאָרבענעם קייזער אַלעקסאַנדער דעם דריטן: "מאַיעסטעט, אויב עס וואָלט געווען מעגלעך די זעקס אָדער די זיבן מיליאָן יידן אַריינצווואַרפן אין שוואַרצן ים, וואָלט איך

דערמיט געווען אין גאַנצן איינשטימיק, אויב אָבער דאָס איז נישט מעג־לעך, מוז מען זיי לאָזן לעבן". דאָס איז אויך געבליבן מיין מיינונג. איך בין קעגן ווייטערדיקע אונטערדריקונגען".

"אָבער דער איצטיקער צושטאַנד? גלייבט איר, אַז דער איצטיקער צושטאַנד קאָן ווייטער אָנגעהאַלטן ווערן?"

"געוויס — האָט וויטע געענטפערט — רוסלאַנד האָט אַ ווידערשטאַנד־קראַפט, וועגן וועלכער מען האָט נישט קיין שום באַגריף אין אויסלאַנד. מיר קאָנען אויסהאַלטן די גרעסטע אומגליקן זייער אַ לאַנגע צייט".

"איך רעד נישט וועגן רוסלאַנד, נאָר וועגן די יידן. גלייבט איר, אַז די יידן וועלן קאָנען נאָך לאַנג אויסהאַלטן די דאָזיקע פאַרצווייפלטע לאַגע?" — האָב איך אים ווייטער געפרעגט.

"ווו איז דער אויסוועג?"

דאָ האָב איך אָנגעהויבן צו דערקלערן, ענטפערנדיק אויף אַלע זיינע איינווענדונגען מיט מיינע אַרגומענטן, וועלכע איך האָב שוין לאַנג געהאַט צוגעגרייט. אָבער אויף זיינע טענות האָב איך זיך שוין אָנגעשטויסן פריער צווישן די אַנטיציוניסטישע רייכע יידישע פינאַנסיסטן, וועלכע זענען זיכער געווען זיינע רביים אין ציוניזם, ווי מען האָט עס געקאָנט קלאָר זען. עס האָט אַפילו נישט געפעלט דער אַלטער אַנעקדאָט וועגן אַמבאַסאַ־דאָרן־אַמט. ער האָט געזאָגט: "מיט צוואַנציק יאָר צוריק בין איך געווען אין מאַריענבאַד צוזאַמען מיט אַ יידישן דעפּוטאַט פון אונגאַרן. ווי האָט ער געהייסן?"

"וואַרמאַן?"

"יאָ. — מען האָט שוין דעמאָלט גערעדט וועגן גרינדן אַ יידישן שטאַט אין פּאַלעסטינע, און הער וואַרמאַן האָט געזאָגט, אַז ווען עס וועט קומען צו דעם, וואָלט ער געוואָלט זיין דער עסטרייכישער אַמבאַסאַדאָר אין ירושלים".

עס איז קלאָר, אַז וואַרמאַן האָט געזאָגט: "דער יידישער אַמבאַסאַדאָר אין בודאַפּעסט".

הער וויטע האָט שלעכט דערציילט דעם דאָזיקן אַנעקדאָט.

דאַן האָב איך גענומען ביים גאַרגל זיינע קעגן־אַרגומענטן, אין דער

ריי ווי ער האָט זיי אַרויסגעבראַכט, און האָב זיי פאַרניכטעט. וואָס אַ מאָל האָט ער מיר מער צוגעגעבן, אַז איך בין גערעכט. נאָר ביי דער פראַגע וועגן די הייליקע ערטער האָט ער זיך איינגעשפּאַרט (ווי אַלע יידישע באַנקירן).

קיין איין אַנטיסעמיט האָט זיך ביז איצט צו דעם נישט צוגעטשעפּעט, און נאָר ער, דער "יידן־פריינד", האָט עס נישט אָפּגעלאָזט.

ענדלעך האָט ער מיך געפרעגט, וואָס איך פאַרלאַנג פון דער רוסי־שער רעגירונג.

"געוויסע דערמוטיקונגען".

"אָבער מען גיט דאָך די יידן דערמוטיקונגען פאַר אויסוואַנדערן. צום ביישפּיל — מיט אַ בריק אין פּוס".

אויף דער דאָזיקער ממשותדיקער ברוטאַליטעט האָב איך געענטפערט, איינהאַלטנדיק מיין רויִקייט און אָנשטרענגנדיק זיך צו בלייבן קאַלט. איך האָב אים געענטפערט מיט אַן אייז־קאַלטן טאָן:

"דאָס איז נישט דער סאָרט פון דערמוטיקונגען, וועגן וועלכע איך וויל רעדן. זיי זענען באַקאַנט".

און איך האָב פאַר אים אַנטוויקלט דריי פּונקטן פון מיין מעמאָראַנדום צו פּלעווען.

צום סוף האָט וויטע צוגעגעבן, אַז מיין לייזונג וואָלט געווען אַ גוטע, ווען מען וואָלט זי געקאָנט דורכפירן. איך האָב פאַרלאַנגט פון אים, אַז ער זאָל אַלס שטיצע פאַר אונדזער באַוועגונג אָפּשאַפן דעם פאַרבאָט צו פאַרקויפן די אַקציעס פון דער יידישער קאָלאָניאַל־באַנק. ער האָט צוגעזאָגט דאָס צו טאָן מיט דעם באַדינג, אַז מיר וועלן גרינדן אַן אָפּ־טיילונג פון דער באַנק אין רוסלאַנד (וואָס מיר האָבן אַליין געוואָלט טאָן) אַזוי, אַז מען זאָל קאָנען האָבן אַ קאָנטראָל איבער דער זיכערקייט פון די אַקציעס. איך האָב דעם דאָזיקן באַדינג גלייך אָנגענומען.

אַזוי האָב איך פון דעם דאָזיקן אומאָנגענעמען מענטשן דאָך דערהאַלטן דעם צוזאָג, וואָס איך האָב געוואָלט. אַ שעה מיט אַ פערטל האָט געדויערט דאָס דאָזיקע געשפּרעך. איך האָב זיך אויפגעהויבן. ער האָט מיר נאָך מערערע מאָל געגעבן די האַנט און האָט מיך באַגלייט ביז צו די טרעפּ,

וואָס איז, ווי עס ווייזט אויס, ביי דעם דאָזיקן גראָבן פאַרשוין זייער אַ סך, ווייל ער פלעגט אָפּפאַרטיקן עקסעלענצן שטייענדיקערהייט.

פעטערבורג, 11טן אויגוסט, 1903.

צוגאָב צום געשפּרעך מיט וויטען.

צו דער פראַגע וועגן די הייליקע ערטער אין ארץ־ישראל האָט וויטע באַמערקט:

"ווי ווייט פון די הייליקע ערטער רעכנט איר דען צו גרינדן קאָלאָניעס? איך מיין, אַז עס וועט אַרויסרופן אַ באַאומרו:קונג, ווען מען וועט וויסן, אַז די יידן געפונען זיך אַזוי נאָענט צו די הייליקע ערטער".

"און דער איצטיקער צושטאַנד, ווען טערקישע סאָלדאַטן שטייען אויף דער וואַך ביי דעם הייליקן קבר?" — האָב איך געשטעלט די פראַגע.

"דאָס איז נישט אַזוי שווער צו פאַרטראַגן, ווי עס וואָלטן דאָרט געשטאַנען יידן — האָט געזאָגט דער "יידן־פריינד", — ווען עס זאָלן גלייך קומען אַהין עטלעכע הונדערט טויזנט יידן, מיט יידישע האָטעלן, יידישע געשעפטן, וואָלט דאָס געקאָנט אָנרירן די קריסטלעכע סענטימענטן".

דאָס איז די באַקאַנטע טענה פון די יידישע באַנקירן.

איך האָב געזאָגט: "מיר ווילן אונטערנעמען די קאָלאָניזאַציע מער אין טייל פון לאַנד, ווייט פון ירושלים. ערגעץ ווו מוז מען דאָך סוף־כל־סוף געפינען אַ פּלאַץ פאַר די יידן. מען קאָן זיי דאָך נישט אַריינוואַרפן אין ים, ווי אייער עקסעלענץ האָט אַזוי ריכטיק באַמערקט".

הערצל האָט אַ צווייט געשפּרעך מיט פּלעווען, נאָך דעם ווי דער צאַרישער אינערן־מיניסטער האָט אים צוגעשיקט אַ פאַרמעלן בריוו אין נאָמען פון דער רעגירונג. הערצל האָט באַטראַכט דעם דאָזיקן בריוו ווי אַ וויכטיקן דאָקומענט. אין דעם בריוו האָט פּלעווע דערקלערט, אַז די ציוניסטישע באַוועגונג קאָן רעכענען "אויף דער מאָראַלישער און מאַטעריעלער הילף" פון דער רוסישער רעגירונג פאַר די מיטלען, וואָס די ציוניסטישע באַוועגונג וועט אָננעמען צו פאַרקלענערן די יידישע באַפעלקערונג אין רוסלאַנד. די דאָזיקע הילף וועט באַשטיין פון דעם, וואָס די רוסישע

רעגירונג וועט געבן איר שוץ פאַר די ציוניסטישע פאַרשטייער ביי דער טערקישער רעגירונג; וועט פאַרלייכטערן די אַרבעט פון די יידישע עמיגראַציע הילפס־געזעלשאַפטן און וועט אויך זען צו שאַפן די נייטיקע מיטלען פאַר די געזעלשאַפטן. דערביי דאַרף פאַרשטאַנען ווערן — האָט פּלעווע באַטאָנט אין זיין בריוו — אַז די מיטלען וועלן קומען נישט פון רוסישע רעגירונגס־פאָנדן, נאָר פון שטייערן, וואָס וועלן אַרויפגעלייגט ווערן אויף די יידן.

צוזאַמען מיט די דאָזיקע פאַרזיכערונגען איז אין פּלעוועס בריוו אויך געווען אַ וואָרענונג, אַז אויב אָנשטאָט דעם ציוניס־טישן פּראָגראַם פון עמיגראַציע וועט קומען אין רוסלאַנד אַ פאַרשטאַרקונג פון יידישן נאַציאָנאַליזם, וועט די רוסישע רעגי־רונג נישט קאָנען מער טאָלערירן די ציוניסטישע באַוועגונג.

פּלעווע האָט אין זיין צווייטן געשפּרעך מיט הערצלען גאָר שטאַרק אַרויסגעהויבן די באַדייטונג פון זיין בריוו און האָט גע־זאָגט, אַז ער האָט אויף אים באַקומען די צושטימונג פון זיין מאַיעסטעט, דעם צאַר־אימפּעראַטאָר אַליין.

פּעטערבורג, 11טן אויגוסט, 1903, אין אָוונט.

נאָר־וואָס האָב איך געטראָפן פּלעווען אויף נעווסקי־פּראָספּעקט. איך האָב אים דערמאָנט וועגן מיר אין אַ שטומען גרוס.

אַ פּאָר דעטעקטיוון, וועלכע זענען געגאַנגען הינטער אים, האָבן מיך באַטראַכט מיט אַ „ליבלעכער" איינדרינגלעכקייט.

פּעטערבורג, 14טן אויגוסט, 1903.

מיין צווייטער שמועס נעכטן מיט פּלעווען איז פאַרלאָפן נאָך אַ סך גינסטיקער ווי דער ערשטער.

ער האָט מיך אויפגענומען מיט פריינדשאַפטלעכער ליבנסווירדיקייט, און נאָך דעם ווי איך האָב אים געדאַנקט פאַר זיין בריוו, האָט ער געזאָגט: „איך האָב אייך געלאָזט אַ ביסל וואַרטן אויף מיין בריוו. אָבער איך האָב נישט געקאָנט אַרויסגעבן פון מיינע הענט אַ דאָקומענט אין אַזאַ וויכטי־קער אָנגעלעגנהייט, איידער איך האָב געהאַט פאַרגעשטעלט די זאַך פאַר זיין מאַיעסטעט דעם אימפּעראַטאָר. זיין מאַיעסטעט דער אימפּעראַטאָר, דער הויפּט פון לאַנד, דער הויפּט פון דער רעגירונג און אויטאָקראַטישער

סוווערען. עס איז מיר געגאַנגען וועגן דעם, אַז די דערקלערונג, וואָס איך האָב אייך געוואָלט געבן, זאָל זיין נישט פון קיין פּאָראַיבערגייענ־דיקן מענטש. נישט פון אַ מיניסטער, וועלכער קאָן שוין מעגלעך מאָרגן נישט זיין ...*

„לאָמיר האָפן, אַז ניין!" — האָב איך אַריינגעוואָרפן.

„נאָר די דערקלערונג פון דער רעגירונג. איך קאָן אייך דעריבער זאָגן פּאַרטרוילעך, אַז איך האָב צוגעגרייט מיין בריוו, ווי דעם אויספיר פון מיין באַריכט צום אימפּעראַטאָר, און האָב פון אים באַקומען די צושטי־מונג. ביי דער געלעגנהייט האָט זיין מאַיעסטעט דער אימפּעראַטאָר גע־רעדט וועגן די אָנגריפן, אויף וועלכע רוסלאַנד איז אין דער לעצטער צייט אויסגעשטעלט צוליב די יידן. עס האָט אים זייער שטאַרק וויי געטאָן, וואָס מען וואַגט צו באַהויפּטן, אַז די רוסישע רעגירונג זאָל האָבן מיט־געווירקט אין דער דורכפירונג פון די עקסצעסן, אָדער זאָל זיך אויך האָבן צוגעקוקט צו זיי בלויז פּאַסיוו".

„נו, וויל איך געוויס נישט לייקענען — האָט פּלעווע וויטער געזאָגט — אַז די לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד איז נישט קיין גליקלעכע. יאָ, ווען איך וואָלט געווען אַ ייד, וואָלט איך וואַרשיינלעך אויך געווען אַ פיינד פון דער רעגירונג".

„אָבער פּאַקטיש קאָנען מיר זיך נישט העלפן אַנדערש, ווי מיר האָבן עס ביז איצט געטאָן. און אונדז וואָלט דעריבער געווען אַמליבסטן, ווען מען גרינדעט אַן אומאָפּהענגיקן יידנשטאַט, וואָס זאָל קאָנען אויפנעמען עטלעכע מיליאָן יידן. מיר ווילן אָבער צוליב דעם נישט פאַרלירן אַלע אונדזערע יידן. די שטאַרקע אינטעליגענטע כוחות — און איר אַליין זענט דער בעסטער ביישפּיל, אַז עס זענען פאַראַן אַזעלכע — ווילן מיר איבער־לאָזן ביי זיך. פאַר די שטאַרקע אינטעליגענטע כוחות איז נישט פאַראַן קיין אונטערשייד פון רעליגיע אָדער נאַציאָנאַליטעט.

אָבער פון די שוואַכע אינטעליגענטן און פון די קבצנים וואָלטן מיר

* פּלעווע האָט געהאַט אַ ריכטיקן פאָרגעפיל. ווייניקער ווי אין אַ יאָר אַרום, דעם 15טן יולי, 1904, האָט דער רוסישער רעוואָלוציאָנער סאַזאָנאָוו געוואָרפן אויף אים אַ באָמבע און דער צאַרישער מיניסטער איז אומגעקומען.

גערן געוואָלט פטור ווערן. ווער עס קאָן זיך אַסימילירן, דעם וואָלטן מיר געוואָלט האַלטן ביי זיך. מיר האָבן נישט קיין פיינדלעכע שטימונג קעגן יידן אַלס אַזעלכע, און איך ווייז אייך אָן אויף דעם אין מיין בריוו צו אייך״. — — —

פלעווע האָט ווייטער גערעדט:

״איר דאַרפט וויסן, אַז איך האָב איבערגענומען די רעגירונג אַלס אַ פריינד פון די יידן. איך קען די יידן זייער גוט. איך האָב מיין יוגנט פאַרבראַכט צווישן זיי. דאָס איז געווען אין וואַרשע, ווו איך האָב געלעבט, ווען איך בין געווען אַ יינגל פון פינף יאָר, ביז איך בין אַלט געוואָרן זעכצן יאָר. איך האָב געוווינט מיט מיינע עלטערן, וועלכע האָבן געלעבט אין זייער באַשיידענע באַדינגונגען, אין אַ גרויס הויז. מיר האָבן דאָרט געהאַט אַ קליינע ווױנונג. און מיר, די קינדער, האָבן געמוזט זיך שפּילן אין דעם וויטן הויף. איך האָב זיך דאָרט געשפּילט בלויז מיט יידישע קינדער. מיינע יוגנט־פריינדשאַפטן זענען געווען יידישע. איר זעט דעריבער, אַז איר געפינט ביי מיר אַ געוויסע פּרעדיספּאָזיציע צו טאָן עפּעס פאַר די יידן״ — — —

הערצל ווענדט זיך טאַקע גלייך צו פלעווען אין ווייטערדיקן טייל פון דעם געשפּרעך, מיט עטלעכע פאָדערונגען וועגן אויסבעסערן די לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד. ער רעדט מיט דעם צאַרישן אינערן־מיניסטער וועגן פאַרלייכטערן פאַר יידן צו וווינען אין ריגע און אין גאַנצן קורלענדישן געביט. ער פאַרלאַנגט אויך צו דערלויבן די יידן, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט לאַנדווירטשאַפט, צו באַזיצן מער באָדן, ביז צו צען דעסיאַטין. פלעווע דערקלערט, אַז ער וועט די פאָדערונגען פאָרשלאָגן פאַרן צאַר און מיט אים דורכרעדן.

הערצל שרייבט ווייטער אין זיין טאָגבוך וועגן געשפּרעך מיט פלעווען:

״אָבער דאָס וויכטיקסטע איז און בלייבט די אינטערווענץ ביים סולטאַן״ — האָב איך צוריקגעפירט דאָס געשפּרעך אויף ציוניסטישע ענינים.

פּלעווע האָט מיר דערקלערט, אַז ער וועט זיך דורכרעדן מיט דעם צאַר אויך וועגן דעם דאָזיקן ענין און אים ענערגיש פּאַרטיידיקן — — —

ווען איך האָב אַ טאָפּ געטאָן, ווי עס האַלט איצט וועגן אַן אוידיענץ פאַר מיר ביים צאַר, האָט ער געזאָגט: "מיר וועלן זען — נאָכן קאָנגרעס".

דערמיט האָט ער נאָך אַ מאָל געוויזן, אַז דער פאַרלויף פון קומענדיקן ציוניסטישן קאָנגרעס איז פאַר אים באַזונדערס וויכטיק. — — —

ענדלעך האָב איך אַרויסגענומען די סטאַטוטן פון די ציוניסטישע פאַראיינען, וואָס איך האָב געבעטן אַ רוסישן מיטגליד פון אַקציאָנס-קאָמיטעט אויסצואַרבעטן.

ער איז זיי גיך דורכגעפלויגן:

"מיט אַזעלכע סטאַטוטן וועט איר האַלטן אין איין האָבן קאָנגרעסן אין רוסלאַנד, און דאָס, וואָס וועט נישט זיין דערלויבט פאַר קריסטן, וועט זיין דערלויבט פאַר יידן".

"איך וועל זאָגן אונדזערע מענטשן נישט צו מאַכן קיין קאָנגרעסן".

ער האָט זיך איינגעבויגן צו דעם דיקן באַנד, אין ברוין און אין גאָלד, וואָס איז מיר שוין געווען באַקאַנט:

"איר פאַרלאַנגט פון מיר פּונקט דאָס פאַרקערטע פון דעם, וואָס עס איז פאַראַן אין אָט דעם ראַפּאָרט. איך האָב געוואָלט קומען צום מיניסטאָרן-ראַט אין אָקטאָבער מיט דעם פאַרשלאָג אונטערצודריקן די ציוניסטישע באַוועגונג".

"איר וועט באַשליסן" — האָב איך געזאָגט.

באַטירלעך איז עס קלאָר, אַז ער מאַכט אויך דאָס אָפּהענגיק פון קאָנגרעס. די לאַגע איז אַ קלאָרע:

אָדער הילף פאַר אונדז, אַדמיניסטראַטיווע און אויך פינאַנציעלע, ווי אויך די אינטערווענץ ביים סולטאַן.

אָדער דער פאַרבאָט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. — — —

איך האָב זיך געזעגנט מיט אים, און ער איז געווען זייער, זייער נעט.

הערצלס באַזוך אין פּעטערבורג האַלט זיך ביים פאַרענדיקן. די "אומשטערבלעכע שאַך-פּאַרטיע", וואָס ער האָט געשפּילט מיט די צאַרישע מיניסטאָרן, מיט פּלעווען און וויטען, לאָזט אים איבער

אין אַ געמישטער שטימונג. דער ביטערער טעם, וואָס איז אים געבליבן נאָך דעם געשפּרעך מיט וויטען, איז נישט געמילדערט געוואָרן דורך די פאַרזיכערונגען, וואָס פּלעווע האָט אים געגעבן אין איינעם מיט די אָפענע סטראַשונקעס, אַז ער וועט אין גאַנצן אונטערדריקן די ציוניסטישע באַוועגונג אין רוסלאַנד. דאָך האָט הערצל נאָך געהאָפט, אַז עפּעס וועט אַרויסקומען פון זיינע פאַר־האַנדלונגען אין פּעטערבורג, עפּעס אַזעלכעס, וואָס וועט זיין אַ טובה סיי פאַר די יידן אין רוסלאַנד און סיי פאַרן ציוניזם. ער האָט דאָס פּאָליטישע שפּיל מיט די צאַרישע מיניסטאָרן נישט איבערגעריסן, ווען ער האָט זיך געקליבן אַוועקצופאָרן פון פּע־טערבורג.

דר. ניסן קאַצענעלסאָן, איינער פון די פּראָמינענטסטע ציוניסטן אין צאַרישן רוסלאַנד און הערצל פאַרטרויונגס־מאַן אין פּעטער־בורג, האָט אים צונויפגעפּירט מיט נאָך אַנדערע פיגורן אַרום צאַרישן הויף, וואָס האָבן געדאַרפט האָבן אַן איינפלוס. דר. ניסן קאַצענעלסאָן — וועגן וועמען עס וועט נאָך אַ סך דערמאָנט ווערן אין די וויטערדיקע קאַפּיטלען — האָט צווישן אַנדערע געהאַלטן פאַר נייטיק, אַז הערצל זאָל זיך באַקענען מיט דעם אַלטן גענע־ראַל קירעיעוו, און ער האָט אים געבראַכט קיין פּאַוולאָווסק צו רעדן מיט דעם גענעראַל.

פּעטערבורג, 10טן אויגוסט, 1903.

שבת, דעם 8טן אויגוסט נאָך מיטאָג, בין איך געפאָרן מיט מאַקסי־מאָוון און קאַצענעלסאָנען קיין פּאַוולאָווסק — אַ מין רוסישער פּאָטסדאַם, ווו עס וווינט אין שלאָס גענעראַל קירעיעוו, אַלס הויף־מאַרשאַל פון אַ גרויסער פירשטין. קירעיעוו, דער נאָכפאָלגער פון אַקסאַקאָוו, איז דער פירער פון די סלאַוואָפילן. אָבער בעת איך האָב זיך ביז איצט פאָרגע־שטעלט צו האָבן פאַר מיר אַ ווילדן בער, האָב איך זיך געפונען אין דער אָנוועזנהייט פון אַ שאַרמאַנטן אַלטן קאַוואַליר, עלעגאַנט און ליבנסוויר־דיק, מאָדערן און געבילדעט, וועלכער רעדט אויסגעצייכנט דייטש, פראַנ־צויזיש און ענגליש און ווייסט אויך אַחוץ דעם אַ סך.

ווען איך האָב גערעדט מיט אים, האָב איך געקוקט אין זיינע שיינע

בלויע אויגן. מיט זיינע ווייסע רייטער־וואַנצעס האָט ער אויסגעזען רייצנד. איך האָב אים געוווּנטשן פאַר אונדזער אידעע.

גענעראַל קירעיעוו האָט שפּעטער נישט אָפּגעלאָזט הערצלען אין די טעג, וואָס ער איז געווען אין פּעטערבורג. ער האָט אים געגעבן רעקאָמענדאַציע־בריוו צו הויכע באַאַמטע אין די צאַרישע מיניסטעריומס און פלעגט אויך קומען צו הערצלען אין האָטעל מיט פאַרשידענע עצות איידער הערצל איז אַוועקגעפאָרן. גענע־ראַל קירעיעוו האָט אים אויך געוואָרנט, אַז ער זאָל זיך נישט פאַרלאָזן אויף די פאַרזיכערונגען, וואָס ער האָט געקראָגן, באַ־זונדערס האָט ער אים באַטאָנט, אַז ער זאָל נישט רעכענען אויף דעם, אַז די פּעטערבורגער רעגירונג וועט אינטערווענירן ביים סולטאַן לטובת די ציוניסטישע פאָדערונגען.

הערצל פאָרט אַוועק פון פּעטערבורג און ער קלייבט זיך צו מאַכן אַ באַזוך, וואָס האָט אים באַזונדערס אינטערעסירט. ער פאָרט קיין ווילנע, אויף דער איינלאַדונג פון די דאָרטיקע ציוני־סטן. הערצלס באַזוך אין ווילנע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויס היסטאָריש געשעעניש.

16טן אויגוסט, 1903, אין באַן־וואַגאָן צווישן דווינסק און ווילנע.

מיין לעצטן טאָג אין פּעטערבורג האָט מיר שטאַרק פאַרביטערט דער מיטגליד פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט פון וויטעבסק, דר. צבי ברוקס. אַ שטאַרק אויפגערעגטער איז ער געקומען צו מיר און האָט מיך געוואָלט אָפּרעדן דערפון, אַז איך זאָל מאַכן די נסיעה קיין ווילנע.

מען קאָן מיר דאָרטן אָפּטאָן אַ מיאוס שטיקל, האָט ער מיר געזאָגט. ווילנע זאָל זיין דאָס זיץ־אָרט פון דער פירערשאַפט פון "בונד", אַ גע־היימע רעוואָלוציאָנערע געזעלשאַפט, און די מענטשן פון "בונד" זענען אויף מיר גאָר שטאַרק אין כעס: 1. ווייל איך בין געקומען צו פלעווען, 2. ווייל איך האָב ביים פּעטערבורגער באַנקעט גערעדט קעגן זיי.

אין אַ סך שטעט פון רוסלאַנד האָט זיך איבעריקנס פאַרשפּרייט דער קלאַנג, אַז איך בין טויט. עס איז נישט געווען מעגלעך צו דערקענען דייטלעך, צי מען האָט געמיינט, אַז די רעגירונג אָדער די סאָציאַליסטן האָבן מיך אומגעבראַכט.

איך האָב דערקלערט, אַז איך וועל זיך נישט מאַכן אַזוי לעכערלעך, נישט צו פאָרן איצט קיין ווילנע, נאָך דעם ווי איך האָב איין מאָל שוין געגעבן מיין צוזאָג. אָבער בכדי פּטור צו ווערן פון דר. ברוקסן, האָב איך אים געשיקט פאַרויס, "צוליב פאָרזיכטיקייט" קיין ווילנע, צו דערוויסן זיך וועגן די דאָרטיקע פאַרהעלטענישן.

הערצל האַלט זיין וואָרט און פאָרט קיין ווילנע. דער באַזוך אין ווילנע מאַכט אויף אים אַן אומגעהייער שטאַרקן רושם. אין משך פון פיל חדשים שפּעטער האָט הערצל געהאַלטן כסדר אין איין איבערחזרן: "אַך, וואָס איך האָב געזען אין ווילנע!" אין די דאָזיקע ווערטער איז געלעגן הערצלס טיפע דערשיטערונג דערפון, וואָס ער האָט געזען און איבערגעלעבט אין ווילנע. כמעט צום ערשטן מאָל האָט ער זיך באַגעגנט פּנים אל פּנים מיט דער טראַגעדיע פון רוסישן יידנטום, מיט דער שרעקלעכער נויט און מיט דער טיפער בענקשאַפט נאָך אויסלייזונג אין ציון.

אין אָוונט איז איינגעאָרדנט געוואָרן לכבוד הערצלען אַ געהיי־מער באַנקעט אין דער זומער־וווינונג פון דעם באַקאַנטן ציוניס־טישן טוער און העברעישן שריפטשטעלער־ביבליאָגראַף יעקב בן־יעקב. הערצל האָט אין דעם אָוונט איבערגעלעבט שטאַרקע אומפאַרגעסלעכע מאָמענטן.

הערצל איז געפאָרן איבער די גאַסן פון ווילנע אין דער באַ־גלייטונג פון דעם שוין אויבן־דערמאָנטן דר. ניסן קאַצענעלסאָן און יצחק לייב גאָלדבערג, איינע פון די שענסטע פּערזענלעכקייטן פון אַמאָליקן רוסישן יידנטום און פון רוסישן ציוניזם. הערצל האָט געבעטן זיינע באַגלייטער צו ווייזן אים די וווינונג פון אָרעמע ווילנער יידן. ווען ער האָט צוגעזען די ווילנער יידישע אָרעמקייט, האָט הערצל זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון אויס־ברעכן אין אַ געוויין.

איינעם פון די אָרעמע ווילנער יידן האָט הערצל געפּרוּווט געבן אַ נדבה, אַ גאָלדענע מטבע, אָבער דער ווילנער ייד האָט געזאָגט, אַז עס איז גענוג פאַר אים, וואָס ער האָט זוכה געווען צו זען הערצלען, און ער האָט צוריקגעגעבן די נדבה.

זיינע איבערלעבענישן אין ווילנע האָט הערצל געשילדערט

אין זיין טאָגבוך אויספּירלעך, און אויף אַ דראַמאַטיש־רירנדיקן אופן:

17טן אויגוסט, 1903, אין וואַגאָן צווישן טאָרן און פּויזן.

דער נעכטיקער טאָג, דער טאָג פון ווילנע, וועט מיר פאַרבלייבן אומ־פאַרגעסלעך. דאָס איז נישט קיין באַנקעט־פּראַזע.

דאָס אָנקומען אַליין אין דער רוסיש־פּוילישער שטאָט ביי מיטאָג איז שוין באַצייכנט געוואָרן דורך אָוואַציעס. איך האָב דאָס נישט ליב.

עס איז פאַראַן אין אַזעלכע קבלת־פּנימס שוישפּילעריי פון איין זייט און אַ מין נאַרישע התפּעלות פון דער אַנדערער זייט.

אָבער די זאַך איז געוואָרן ערנסטער, געפערלעכער, ווייל די פּאָליציי, וועלכע האָט מיר גלייך געשענקט די גרויסע אויפמערקזאַמקייט, האָט פאַרבאָטן אַלערליי פאַרזאַמלונגען און אַפילו פאַרווערט מיר צו פאָרן אין דער שול.

איך בין אָבער געפאָרן דורך די אויפגערודערטע יידישע גאַסן אין דער קהילה, ווו עס האָט מיך אָפּגעוואַרט אַ גרויסע מאַסע פאַרשטייער און דעפּוטאַציעס, ביי אַ שטאַרקן געדראַנג. אין די באַגריסונגען, וועלכע זענען לכבוד מיר געהאַלטן געוואָרן, איז געווען אַ טאָן, וועלכער האָט מיך אויף אַזאַ אופן גערירט, אַז איך האָב געקאָנט צוריקהאַלטן מיינע טרערן, נאָר דורך דעם, וואָס איך האָב געטראַכט וועגן די באַריכטן, וועלכע מען וואָלט שפּעטער וועגן דעם געשריבן אין די צייטונגען.

אין די פיל פאַרשידענע רעדעס, האָט מען מיך געוואַלדיק איבערגע־שאַצט. אָבער דאָס אומגליק פון די שווער געדריקטע מענטשן איז געווען עכט.

דערנאָך זענען געקומען אַלערליי דעפּוטאַציעס מיט מתנות צו מיר אין האָטעל, פאַר וועלכן עס האָט זיך כסדר צונויפגעזאַמלט אַ גרויסער עולם, וואָס איז פונאַנדערגעטריבן געוואָרן דורך דער פּאָליציי. איז איין גרופּע צעטריבן געוואָרן, האָט זיך באַלד באַוויזן אַ צווייטע.

די פּאָליציי האָט מיר אויך געגעבן צו וויסן, אַז איך זאָל נישט אַרומ־פאָרן איבער דער שטאָט.

ווען עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט, זענען מיר געפאָרן קיין ווערקי, אַ שעה פון דער שטאָט, ווו יידן טאָרן אין אַלגעמיין נישט וווינען. דאָרט האָט אונדזער פריינד בן־יעקב געדונגען אַ זומער־דירה. ביי די באַדינגונגען פון פאַרקער אין דער דאָזיקער רוסישער פּראָווינץ־שטאָט, איז עס גאַנץ ווייט פון ווילנע.

ער האָט דאָרט איינגעלאַדן אַרום 50 געסט. ס׳איז געווען געטאָ מיט גוטע געטאָ־שמועסן. דער טיש איז געווען פּרעכטיק. זיי האָבן מיר געוואָלט פאַרשאַפן דעם גרעסטן נחת, וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט.

און דער בעל־הבית האָט צווישן די פיל באַגריסונגען פון די אַנדערע, געהאַלטן אַ שיינע רעדע פון אַ גאַסט־געבער מיט אמתער אַלט־יידישער איידלקייט. ער האָט געזאָגט: ״מיר זענען דאָ אַלע היינט גליקלעך, אָבער איך בין דער גליקלעכסטער, ווייל איך האָב דעם גאַסט אונטער מיין דאַך״.

ווייזט אויס, אַז אים, דעם גאַסט־געבער יעקב בן יעקב, האָבן נאָך איבערגעשטיגן די נישט־געבעטענע געסט, וועלכע האָבן זיך באַוויזן פּלוצעם אין דרויסן ביי נאַכט, פאַר דער וועראַנדע, וואָס איז געווען פאַרשטעלט מיט פאַרהאַנגען, — אָרעמע יינגלעך און מיידלעך פון ווילנע, וועלכע זענען געגאַנגען צוויי שעה צו־פוס, בכדי מיך צו זען ביים טיש.

זענען זיי געשטאַנען אין דרויסן, האָבן אונדז געזען ביים עסן און האָבן זיך צוגעהערט צו די רעדעס. און זיי האָבן באַזאָרגט די מוזיק פאַר דעם מאָלצייט, זינגענדיק העברעיִשע לידער. בן יעקב, דער אמתער איידעלער בעל־הבית, איז געווען אַזוי גוט צו געבן עסן אויך די דאָזיקע נישט־גערופענע געסט.

און איינער פון די יונגע אַרבעטער, אין אַ בלויער בלוזע, וועלכער איז מיר געוואָרן באַזונדערס אויפפאַלנדיק מיט די האַרטע אַנטשלאָסענע אויסדרוקן פון זיין פּנים, אַזוי אַז איך האָב אים געהאַלטן פאַר איינעם פון די רעוואָלוציאָנערע בונדיסטן, האָט מיך איבערראַשט, ווען ער האָט מאַכנדיק אַ ״לחיים״, אויפגעהויבן זיין כוס און האָט געטרונקען פאַר דער תקופה, ווען ״המלך הערצל וועט הערשן״. די דאָזיקע לעכערלעכקייט האָט אָבער מערקווערדיק אויסגענומען אין דער דאָזיקער פינצטערער רוסישער נאַכט.

מיר זענען צוריקגעפאָרן. און איינס אַ זייגער ביי נאַכט זענען מיר פון האָטעל געפאָרן צו דער באַן. די שטאָט איז געווען וואַך, ווייל זי האָט אָפּגעוואַרט מיין אַוועקפאָרן. אויף די גאַסן, דורך וועלכע מיר האָבן געמוזט דורכפאָרן, זענען געשטאַנען און געגאַנגען מענטשן, וועלכע האָבן אויסגערופן "הידד", ווען זיי האָבן מיך דערקענט. אַזוי אויך פון די באַלקאָנען. אָבער נאָענט פון וואָקזאַל, ווו די מאַסע איז געוואָרן געדיכטער, איז ליידער געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס מיט דער ברוטאַלער פּאָליציי, וועלכע האָט געהאַט אַ באַפעל אָפּצורייניקן דעם צופאָר צום וואָקזאַל. דאָס איז געווען אַ געוויינלעכער רוסישער פּאָליציי־מאַנעווער, וואָס איך האָב צוגעזען מיט עקל, ווען מיין קאַרעטע איז גיכער צוגעפאָרן צום וואָקזאַל. אויף די "הידד"־אויסרופן זענען געקומען אַלס ענטפער ברוטאַלע אויסגעשרייען פון די פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף די מאַסן, וועלכע האָבן זיך געשטופּט צו מיר. און מיין קוטשער האָט אונטערגעטריבן די פערד.

דריי פּאָליציי־אָפיצירן זענען געשטאַנען ביים אָפּגעשלאָסענעם אַריינגאַנג צום וואָקזאַל. דער עלטסטער, מיט אַ ווייסער באָרד, האָט מיך באַגריסט מיט אַן אונטערטעניקער העפלעכקייט.

אַ קליינע גרופּע פון אַרום פופציק־זעכציק פריינד, האָט זיך פון דעסטוועגן אַריינגעשמוגלט אין וואָקזאַל. מיט זיי בין איך געשטאַנען און האָב געפירט אַ שטילן געשפּרעך, ווען אַ פּאָליציי־אָפיציר איז אַריינגעקומען פון בופעט־זאַל, קלינגענדיק מיט זיין שווערד. הינטער אים איז נאָכגעגאַנגען אַ סערזשאַנט. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים טיש הינטער אונדז ווי אויף אַן אָבסערוואַציע־פּאָסטן און אונדז נאָכגעקוקט. ווען איך האָב זיך דאַן געזעגנט מיט מיינע פריינד און אַראָפּגענומען דעם הוט, האָט ער זיך אויך פאַרנייגט מיט רעספּעקט.

איז עס געווען אַ באַפעל פון פּעטערבורג מיך צו באַשיצן, אָדער דאָס אַלץ איז געשען צוליב דער געהיימער שרעק פון די פּאָליציי־אָפיצירן פאַר די מאַסן?

אין דער פרי האָט אין איידקונען מיך אָפּגעוואַרט אַ גרופּע ציוניסטן פון דער רוסישער גרענעץ.

נאָך אַ רעדע און אַ בוקעט.
דאָס איז געווען רוסלאַנד.

הערצל איז געווען בלייך, ווי די וואַנט, ווען ער האָט זיך גע־זעגנט מיט זיינע פריינד אויפן ווילנער וואָקזאַל — האָבן שפּעטער דערציילט די עדי־ראיה. אַזוי טיף איז ער געווען דערשיטערט פון די לעצטע סצענעס, וואָס ער האָט צוגעזען אין ווילנע, ווען די פּאָליציי האָט ברוטאַל צעטריבן און געשלאָגן די יידן, וואָס האָבן זיך געהאַט פאַרזאַמלט אויף די גאַסן אים צו באַגלייטן. די עט־לעכע צענדליק ווילנער יידן, וועלכע האָבן זיך אַריינגעקראָגן אין וואָקזאַל צו געזעגענען זיך מיט הערצלען, זענען דורכגעלאָזן גע־וואָרן דורך דער פּאָליציי, נאָר צוליב דעם, וואָס זיי האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זיי פאָרן אויך מיט דעם זעלבן צוג. זיי האָבן געטראָגן ליידיקע וואַליזעס און קלימעקלעך, אַז עס זאָל הייסן, אַז זיי זענען פּאַסאַזשירן.

הערצל האָט געבעטן די עטלעכע צענדליק ווילנער יידן אויפן וואָקזאַל צו האַלטן זיך רויק און נישט מאַכן קיין שום דעמאָנ־סטראַציעס לכבוד אים. ער האָט נישט געוואָלט, אַז די צאַרישע פּאָליציי זאָל זיך שפּעטער אָפּרעכענען מיט די יידן. זיינע לעצטע ווערטער צו זיינע באַגלייטער אויפן וואָקזאַל זענען געווען: "מיינע פריינד, פאַרלירט נישט דעם מוט! עס קומען אָן בעסערע צייטן. זיי מוזן קומען. מיר אַרבעטן פאַר דעם, אַז זיי זאָלן קומען".

הערצל איז פון ווילנע געפאָרן צו זיין פאַמיליע, וואָס האָט, ווי אַלע יאָרן, פאַרבראַכט דעם זומער אין אַלט־אַוסזעי, ביי ווין. הערצל האָט זיך דאָרט אָפּגערוט פון זיין דערשיטערנדיקער נסיעה קיין רוסלאַנד קוים איין־איינציקן טאָג. ער האָט גלייך צו־מאָרגנס זיך אַרויסגעלאָזט ווייטער אין וועג — צום זעקסטן ציוי־ניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, דעם דראַמאַטישן אוגאַנדע־קאָנ־גרעס, און דעם לעצטן ציוניסטישן קאָנגרעס, אין וועלכן עס איז אים געווען באַשערט זיך צו באַטייליקן אין זיין פּריצייטיק אויס־געלאָשענעם לעבן.

הערצל איז געפאָרן צום זעקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס, אין אויגוסט 1903 אין באַזעל, מיט געמישטע געפילן. ער האָט געהאַט הינטער זיך אַ יאָר פון אָנגעשטרענגטער פּאָליטישער אַרבעט,

וועלכע האָט לויט זיין טיפסטער איבערצייגונג געבראַכט עטוואָס רעזולטאַטן און נאָך מער האָפענונג, אַז די ציוניסטישע אידעע איז פון דעסטוועגן, נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן און אָנ־טוישונגען אַרויפגעגאַנגען אויפן וועג פון דער פאַרווירקלעכונג. און דאָך האָט הערצל געפילט, אַז די אַלע אויפטוען, מיט וועלכע ער קומט צו דעם קאָנגרעס, זענען ווייט צו ווייניק. זיין באַזוך אין ווילנע האָט אויף אים געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן רושם. ער האָט דערזען מיט זיינע אייגענע אויגן, ווי שרעקלעך גרויס עס איז די נויט פון די יידישע מאַסן און ווי דרינגענד מען דאַרף ברענגען די לייזונג פון דער יידן־פראַגע דורך אויפשטעלן דעם יידנשטאַט.

הערצל האָט אין זיין פּאָרטפעל געפירט מיט זיך צום קאָנגרעס דעם בריוו פון צאַרישן אינערן מיניסטער פלעווע. אָפּגעזען פון אַלע אַנדערע טעמים, וועלכע ער האָט גוט געוווּסט, האָט ער דעם בריוו באַטראַכט פאַר אַ וויכטיקן דאָקומענט, אין וועלכן עס איז פון דעסטוועגן געוועזן אַ האָפענונג אויף געוויסע פאַרלייכטערונ־גען אין דער שוידערלעכער לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד.

און דאַן — וואָס עס איז געוועזן דער עיקר — האָט הערצל געהאַט מיט זיך דעם אָפיציעלן און פאָרמעלן פאָרשלאַג פון דער ענגלישער רעגירונג וועגן שאַפן אַן אויטאָנאָמע יידישע געגנט אין אוגאַנדע, מיזרח־אַפריקע, מיט אַ יידישן גוּווערנאָר, וואָס זאָל שטיין אין שפּיץ פון דער לאָקאַלער זעלבסט־פאַרוואַלטונג. הערצל האָט באַקומען דעם באַריכט וועגן דעם פאָרשלאַג אין מיטן אוי־גוסט, ווען ער איז נאָך געווען אין רוסלאַנד. דער דאָקומענט איז אויפן אויפטראַג פון דער ענגלישער רעגירונג אויסגעאַרבעט גע־וואָרן דורך אַ פערציק־יאָריקן אַדוואָקאַט, אַ מיטגליד פון בריטישן פּאַרלאַמענט מיט דעם דעמאָלט נאָך ווייניק באַקאַנטן נאָמען לאָיד דזשאָרדזש, וועלכער איז 14 יאָר שפּעטער געווען דער פּרעמיער־מיניסטער פון דער ענגלישער רעגירונג, וואָס האָט געגעבן דעם יידישן פאָלק די באַלפור־דעקלאַראַציע מיט דער פאַרפליכטונג צו העלפן אין דער ווידעראויפריכטונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל.

אָבער איצט האָט הערצל נישט געהאַט קיין דעקלאַראַציע וועגן אַלט־נייעם יידישן היימלאַנד ארץ־ישראל. ער האָט געהאַט אַ דאָ־

קומענט מיט דעם פאָרשלאַג װעגן אוגאַנדע. דער דאָקומענט איז באַװיליקט געװאָרן דורך דעם אויסערן־מיניסטער לאָרד לאַנסדאַון פון דעם דעמאָלטיקן בריטישן רעגירונגס־קאַבינעט, פון װעלכן דער פּרעמיער־מיניסטער איז געװען אַרטור דזשיימס באַלפור — דער זעלבער, װאָס האָט 14 יאָר שפּעטער זיך באַרימט געמאַכט אויף אייביק אין דער יידישער געשיכטע מיט זיין דעקלאַראַציע װעגן ארץ־ישראל.

אָט די אוגאַנדע־דעקלאַראַציע האָט דעם זעקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס פאַרװאַנדלט אין דעם טראַגישן אוגאַנדע־קאָנגרעס, װי ער איז אונטער דעם נאָמען אַריין אין דער געשיכטע פון ציוניזם.

הערצל האָט געהאַלטן אין איין באַטאָנען אין זיינע דערקלערונ־גען און אין זיינע אַרויסטריטן ביי דעם קאָנגרעס, אַז אוגאַנדע איז נישט ציון, אַז דער ענד־ציל בלייבט ארץ־ישראל, און אַז דער פּראָיעקט װעגן קאָלאָניזאַציע אין אוגאַנדע טראָגט בלויז דעם כאַ־ראַקטער פון באַלדיקער הילף פאַר די יידישע מאַסן, װאָס זענען אין גרויס נויט. און נאָרדוי, װעלכער האָט געװאָלט אַרויסהעלפן הערצלען, איז געקומען מיט דעם נישט־איבעריק געלונגענעם אויסדרוק ״נאַכט־אַזיל״, אַלס אַ באַצייכענונג און באַרעכטיקונג פאַר דעם אוגאַנדע־פּראָיעקט — אַן אָרט, װוּ הונדערטער טויזנטער יידן װעלן אויף דערװייל קאָנען לעבן אַ פריי לעבן, אונטער אַן אייגענער מלוכהשער פאַרװאַלטונג.

הערצל האָט אויך נישט פאַרלאַנגט פון דעם קאָנגרעס אָנצונעמען באַלד אַ באַשלוס װעגן דעם אוגאַנדע־פּראָיעקט. אַלץ װאָס ער האָט פאָרגעשלאָגן איז געװען, אַז דער זעקסטער קאָנגרעס זאָל באַשליסן צו שיקן אַ קאָמיסיע קיין אוגאַנדע, װאָס זאָל אויספאָרשן די מעג־לעכקייטן און די באַדינגונגען פאַר שאַפן אַן אויטאָנאָמע יידישע קאָלאָניע און זאָל צושטעלן איר באַריכט צום קומענדיקן קאָנגרעס פאַר אַ װייטערדיקער דיסקוסיע און באַשלוס.

מיטװאָך, דעם 26סטן אויגוסט, 1903, שפּעט נאָך מיטאָג, האָט הערצל געבראַכט צום קאָנגרעס זיין אוגאַנדע־פאָרשלאַג מיט דער דערקלערונג, אַז ״עס איז די פליכט פון אַ פירער נישט אויסצומיידן קיין פאַראַנטװאָרטלעכקייט, נאָר אָננעמען אַן ענדגילטיקע שטע־לונג״. דער פאָרשלאַג איז אָפּגעשטימט געװאָרן דורך אויסרופן די נעמען פון אַלע דעלעגאַטן. דער רעזולטאַט איז געװען: 295 שטימען

פאַר און 177 קעגן. אין דער געשיכטע פון ציוניזם זענען זיי אַריינ־געגאַנגען אונטער דער באַצייכענונג: 295 "יאָ־זאָגער", און 177 "ניין־זאָגער". די מערסטע פון די "ניין־זאָגער" זענען געווען רו־סישע ציוניסטן.

דער רעזולטאַט איז געווען אַ קלאָרער נצחון פאַר הערצלען. אָבער נאָך דעם, ווי עס איז באַקאַנט געוואָרן דער אויסגאַנג פון דער אָפּשטימונג, האָט זיך אין זאַל אָפּגעשפּילט אַ דראַמאַטיש־רי־רנדיקע סצענע, וואָס אַזעלכע האָט מען שפּעטער נישט געזען אויף די ווייטערדיקע ציוניסטישע קאָנגרעסן: די "ניין־זאָגער" זענען אַרויסגעגאַנגען דעמאָנסטראַטיוו פון זאַל מיט אַ געוויין, ווי אבלים. עס איז געווען אַ סטיכישער אויסברוך פון ווייטיק און צער. די "ניין־זאָגער", וועלכע האָבן זיך שפּעטער אָנגערופן "ציוני־ציון", האָבן געהאַלטן, אַז דער אַלטער צוויי־טויזנט־יאָריקער אידעאַל פון ציון איז פאַרראַטן געוואָרן דורך דער אָפּשטימונג.

הערצל איז דערנאָך אַליין אַוועק צו דער באַראַטונג פון די "ניין־זאָגער", וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דעם קליינעם קאַזינאָ־זאַל אין באַזעל, דאָרט ווו עס איז פאָרגעקומען דער ערשטער ציוניס־טישער קאָנגרעס. הערצל האָט באַרויקט די אָפּאָזיציאָנערן. ער האָט זיי געזאָגט, אַז ער איז געבליבן געטריי, ווי פריער, דעם באַזעלער פּראָגראַם פון ערשטן קאָנגרעס, און האָט זיי ווידער פאַרזיכערט, אַז דער ציוניזם האַלט ווייטער אויפגעשריבן אויף זיין פאָן: ציון.

צומאָרגנס, דאָנערשטיק דעם 27טן אויגוסט, זענען די "ניין־זאָגער" צוריקגעקומען צום קאָנגרעס, און אין זייער נאָמען האָט דר. שמריהו לעווין אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג, אַז "זייער אַרויסגיין פון זאַל איז נישט געווען געצילט אַלס דעמאָנסטראַציע, נאָר איז אַרויסגערופן געוואָרן פון אַ טיפער גייסטיקער דערשיטערונג".

אין די ווייטערדיקע פאַרהאַנדלונגען, וואָס זענען שוין דורכגע־גאַנגען אָן אינצידענטן, האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען אַ באַשלוס צו שיקן אַ קאָמיסיע פון ספּעציאַליסטן קיין ארץ־ישראל צו ברענ־גען אַ באַריכט וועגן די מעגלעכקייטן פאַר אַ גרעסערער קאָלאָני־זאַציע־אַרבעט. אין דער קאָמיסיע זענען געוויילט געוואָרן דריי פון די אָנגעזעענסטע פערזענלעכקייטן ביים קאָנגרעס: פּראָפעסאָר אָטאָ וואַרבורג, פּראָפעסאָר פראַנץ אָפּענהיימער, דר. זעליג סאָסקין.

ווען הערצל האָט פרייטיק דעם 28סטן אויגוסט 1903 געשלאָסן

דעם דראַמאַטישן אוגאַנדע־קאָנגרעס, האָט ער טיף גערירט אַלע דעלעגאַטן מיט אויסרופן אויף דער טריבונע פון קאָנגרעס די אַלטע שבועה: ״אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני!״.

דאָס זענען שוין געווען די געזעגענונגס־ווערטער פון דעם גרויסן אומשטערבלעכן מנהיג פאַר דעם ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלכן ער האָט געשאַפן.

הערצל אַליין איז געווען צו פיל דערשיטערט און אויך צו שוואַך אין געזונט, אַז ער זאָל אין זיין טאָגבוך קאָנען פאַרשרייבן אַ סך וועגן דעם שווערן און טראַגישן קאָנגרעס, בעת וועלכן ער האָט אויך אַ סך געליטן פון זיינע האַרץ־ווייטיקן. אין די קורצע פאַר־צייכענונגען, וואָס ער האָט אַריינגעטראָגן אין זיין טאָגבוך וועגן דעם קאָנגרעס, פילט זיך אַרויס זיין טיפער און ביטערער עגמת־נפש:

באַזעל, 22סטן אויגוסט, 1903.

דער זעקסטער קאָנגרעס.

דער אַלטער הו־האַ און טומל.

איך האָב שווערע האַרץ־ווייטיקן פון פאַרמאַטערונג.

ווען איך וואָלט געטאָן דאָס אַלץ, וואָס איך טו, בכדי צו קריגן אַ דאַנק, וואָלט איך געווען אַ גרויסער נאַר.

נעכטן האָב איך איבערגעגעבן מיין באַריכט דעם גרויסן אַקציאָנס־קאָמיטעט. איך האָב גערעדט וועגן ענגלאַנד און רוסלאַנד. און עס איז ביי קיינעם פון זיי אַפילו אויף אַ רגע נישט דורכגעלאָפן די מחשבה, אַז עס קומט מיר אַ וואָרט פון דאַנק, זאָל זיין בלויז אַ שמייכל, פאַר די גרעסטע פון אַלע ביז־איצטיקע אויפטוען.

להיפוך, די הערן יאַקאָבסאָן, בעלקאָווסקי און טשלענאָוו (ציוניסטישע פירער אין רוסלאַנד) האָבן מיר געמאַכט פאַרשידענע פאָרוואורפן.

31סטן אויגוסט, 1903.

קאָנסטאַנץ ביי באָדענזעי.

דער שווערער, אָבער גרויסער זעקסטער קאָנגרעס איז אַריבער.

ווען איך בין צוריקגעקומען פון קאָנגרעס־הויז אין גאַנצן אָן אויסגע־

מאַטערטער, צוזאַמען מיט די פריינד זאַנגוויל, נאַרדוי און קאָוועןְ, און מיר זענען געזעסן אין קאָווענס צימער ביי אַ פאַלש מינעראַל־וואַסער, האָב איך געזאָגט צו זיי:

״איך וויל אייך איצט זאָגן, וואָס עס וועט זיין מיין רעדע אויפן זיבעטן קאָנגרעס, אויב איך וועל דערלעבן״.

ביז דעמאָלט וועל איך אָדער האָבן ארץ־ישראל, אָדער איך וועל שוין האָבן איינגעזען, אַז יעדע ווייטערדיקע באַמיונג מיינע וועט שוין זיין אין גאַנצן איבעריק, אָן שום אויסזיכטן.

אין לעצטן פאַל וועט מיין רעדע קלינגען אָט ווי אַזוי:

״עס איז נישט געווען מעגלעך. דער ענד־ציל איז נישט דערגרייכט געוואָרן און קאָן נישט דערגרייכט ווערן אין משך פון אַ צייט, וואָס עס זאָל זיין מעגלעך פאָרויסצוזען. אָבער אַ צווישן־רעזולטאַט ליגט פאַר אונדז: דאָס לאַנד אויף וועלכן מיר קאָנען באַזעצן אונדזערע ליידנדיקע מאַסן, אויף אַ נאַציאָנאַלער באַזע און מיט זעלבסטפאַרוואַלטונג. איך גלייב נישט, אַז צוליב אַ שיינעם חלום אָדער צוליב אַן אמתער פאָן זאָלן מיר האָבן דאָס רעכט צוריקצוהאַלטן די דאָזיקע פאַרלייכטערונג פאַר די אומגליקלעכע.

אָבער איך פאַרשטיי, אַז אין אונדזער באַוועגונג איז דורך דעם אַריינגעטראָטן אַן אַנטשיידנדיקע שפּאַלטונג. און דער דאָזיקער ריס גייט אויך דורך מיר אַליין. הגם אין אָנהייב בין איך געווען בלויז אַ יידנשטאַטלער — אומאָפּהענגיק דערפון ווו דער שטאַט זאָל נישט זיין — האָב איך שפּעטער דאָך אויפגעהויבן די ציון־פאָן, און איך אַליין בין געוואָרן אַ חובב־ציון. ארץ־ישראל איז דאָס איינציקע לאַנד, ווו אונדזער פאָלק קאָן קומען אל המנוחה ואל הנחלה. אָבער פאַר הונדערטער טויזנטער איז נייטיק צו געבן באַלדיקע הילף.

בכדי צו לייזן דעם דאָזיקן קאָנפליקט איז פאַראַן נאָר איין אויסוועג: איך מוז זיך צוריקציען פון דער פירערשאַפט. איך וועל, אויב איר וועט דאָס פאַרלאַנגען, נאָך אָנפירן מיט די פאַרהאַנדלונגען פון דעם קאָנגרעס. און צום סוף וועט איר וויילן צוויי אַקציאָנס־קאָמיטעטן, איינעם פאַר מיזרח־אַפריקע (אוגאַנדע), און איינעם פאַר ארץ־ישראל. איך וועל זיך



פראָפ׳ הערמאַן שאַפּיראָ



דוד וואָלפסאָן



דער באַראָן מאָריץ פאָן הירש



הערצל מיט דער ציוניסטישער דעלעגאַציע אין ירושלים
פון רעכטס אויף לינקס:
דר. שנירער, אינזש. זיידענער, דר. הערצל, דוד וואָלפסאָן, דר. באָדענהיימער

נישט לאָזן אויסוויילן אין קיין איינעם פון די צוויי. אָבער איך וועל קיין מאָל נישט אָפּזאָגן מיין עצה צו די, וואָס וועלן זיך ווידמען דער אַרבעט — ווען זיי וועלן פאַרלאַנגען פון מיר אַן עצה. און איך וועל באַגלייטן מיט מיינע בעסטע ווונטשן די, וועלכע וועלן זיך אָפּגעבן מיט דעם שיינעם חלום.

דורך דעם, וואָס איך האָב געטאָן, האָב איך דעם ציוניזם נישט געמאַכט אָרעמער, אָבער דאָס יידנטום האָב איך געמאַכט רייכער.

אַדיע!״

הערצל האָט געהאַט אַ טראַגישן פאַרגעפּיל מיט זיין געזעגענען זיך. ער האָט שוין אָט די אומעטיקע רעדע נישט געהאַלטן ביים זיבעטן ציוניסטישן קאָנגרעס. ער האָט נישט דערלעבט דעם קאָנגרעס.

אָבער נישט געקוקט אויף דער שווערער, ביטערער שטימונג זיינער איז הערצל ווייטער אָנגעגאַנגען פיבערהאַפט מיט זיין אַר־בעט פאַר דער יידנשטאַט־אידעע, און טאָקע פאַר ווידעראויפריכטן די יידישע מדינה אין ארץ־ישראל. הערצל אַרבעט מיט די לעצטע כוחות און ביי אַ געוואַלדיקער אָנשטרענגונג:

1טן סעפּטעמבער, 1903.

אין באַן־וואַגאָן צווישן אישל און אַוסזעי.

אין אַקציאָנס־קאָמיטעט האָבן זיי געשטימט קעגן דער פאַרעפנטלעכונג פון דעם בריוו פון פּלעווען. אָבער איך האָב עס דאָך דורכגעזעצט מיט געוואַלד.

אַלט־אַוסזעי, 23סטן סעפּטעמבער, 1903.

אייערנעכטן איז ביי מיר געווען שטיינער ווען איך שיק אַלס פאַר־וואַלטער פון דער יידישער קאָלאָניאַל־באַנק קיין ניו־יאָרק. איך האָב דעם באַשלוס וועגן דער אָפּטיילונג (פון דער קאָלאָניאַל־באַנק אין ניו־יאָרק) און וועגן שטיינערן דורכגעזעצט קעגן אַלעמען, ווייל איך האַלט אים פאַר זייער אַ טיכטיקן מענטש.

הערצל זוכט אַ נייעם אויסוועג פון זיינע גרויסע שוועריקייטן. ער וויל זען דעם איטאַליענישן קעניג און ווירקן אויף אים, אַז ער זאָל אויסנוצן זיין איינפלוס ביים סולטאַן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל:

אַלט־אַוסזעי, 19טן אָקטאָבער, 1903.

צוליב דער קראַנקייט פון מיין פרוי, מוז איך דאָ נאָך ווייטער בלייבן. דר. מאַרגוליעס * איז געווען ביים קעניג פון איטאַליע און האָט אים געבעטן מיך אויפצונעמען (דער קעניג האָט שוין געוווּסט אַלץ וועגן קאָנגרעס פון די צייטונגען). דר. מאַרגוליעס האָט באַקומען דעם ענטפער: "אויב ער וועט קומען קיין רוים, וועל איך אים גערן זען".

איך וויל באַוועגן דעם קעניג פון איטאַליע זיך אַרויסצוזאָגן קודם־כל לטובת דעם ציוניזם, ד"ה, דערלויבן מיר צו פאַרעפנטלעכן אונדזער געשפרעך, און דאַן צונויפרופן אַ קאָנפערענץ וועגן טערקיי.

ווען איך וועל קומען קיין וויִן, וועל איך מאַכן אַ פּרוּוו צו זען גאָלוכאָווסקין (אויסערן־מיניסטער פון דער עסטרייכיש־אונגאַרישער מאָנאַרכיע) און פאַרלאַנגען פון אים, אַז ער זאָל מיר געבן אַ רעקאָמענדאַציע צום פּויפּסט.

וויִן, 4טן דעצעמבער, 1903.

דער רוסישער אַקציאָנס־קאָמיטעט, אוסישקין, יאַקאָבסאָן און די אַנדערע זענען אין אַן אָפענעם רעוואָלט.

זיי ווילן מיר שטעלן אַן אולטימאַטום, אַז איך זאָל אַוועקגיין פון (דעם פּלאַן) מיזרח־אַפריקע (אוגאַנדע). זיי האָבן באַקומען אַלע שלעכטע אייגנשאַפטן פון פּראָפעסיאָנעלע פּאָליטיקער.

איך וועל מאָביליזירן די מאַסן קעגן די דאָזיקע אויפרודערער. איך האָב געשיקט אַן אינסטרוקציע צו אַווינאָוויצקין ** אין אָדעס.

* ראַבינער דר. שמואל מאַרגוליעס, וועלכער האָט געשטאַמט פון גאַליציע און איז געווען רב אין פלאָרענץ. אַ הייסער ציוניסט.

** דר. אַווינאָוויצקי, איינער פון די געציילטע אָנהענגער פון הערצלען צווישן די רוסישע ציוניסטן בעת דעם אוגאַנדע־קריזיס.

ווין, 16טן דעצעמבער, 1903.

היינט מעלדעט מיר (ראַבינער) מאַרגוליעס, פון פלאָרענץ, אַז ער האָט באַקומען אַ בריוו פון גענעראַל־אַדיוטאַנט פון איטאַליענישן קעניג: דער קעניג וועט מיך גערן אויפנעמען, ווען איך וועל נאָר קומען. גענעראַל־אַדיוטאַנט ברוסאַטי שלאָגט אָבער פאָר, אַז איך זאָל קומען אין מאָנאַט יאַנואַר.

מיר געפעלט דאָס זייער, ווייל ווידער אַ מאָל האָט זיך נאָר־וואָס גע־שאָפן אַן אויסזיכט, אַז איך זאָל ווערן דער שעף פון אַ צייטונג, און עס איז נייטיק, אַז איך זאָל זיין אין ווין אַרום ניי־יאָר.

דערווייל מאַכט הערצל נייע באַמיונגען ביים צאַרישן אינערן־מיניסטער וויאַטשעסלאַוו פּלעווע. ער האָפט נאָך אַלץ עפּעס אַרויסצוקריגן פון אים. דר. ניסן קאַצענעלסאָן איז דער פאַר־מיטלער.

ווין, 27סטן דעצעמבער, 1903.

פון אַ בריוו צו פּלעווען:

דערלויבט מיר איך צו דאַנקען אויפריכטיק פאַר אויפנעמען אַזוי גוט מיין פריינד דר. נ. קאַצענעלסאָן. ער האָט מיר אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון זיין געשפּרעך מיט אייער עקסעלענץ. דר. קאַצענעלסאָן שרייבט מיר, אַז אייער עקסעלענץ וווּנדערט זיך פאַר וואָס איך בין נישט געפאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. איך קאָן נישט פאָרן אַהין אָן אַן איינלאַדונג פון סול־טאַן, ווייל דריי מאָל בין איך געקומען אַהין בלויז אויף זיין איינ־לאַדונג. עס וואָלט אויסגעזען, ווי איך וויל זיך אָנצווינגען, און דאָס וואָלט געשטערט דער גאַנצער זאַך באַלד פון אָנהייב.

איך וויל דאַנקען אייער עקסעלענץ פאַר דער צוגעזאָגטער הילף אין דער פראַגע פון דער רוסישער אָפּטיילונג פון אונדזער יידישער קאָלאָ־ניאַל־באַנק. אַלס רעפּרעזענטאַנטן האָב איך דעם כבוד פאָרצושלאָגן:

דר. נ. קאַצענעלסאָן פון ליבוי.

ה׳ ל. שאַליט, סוחר אין ריגע.

ה׳ בן־יעקב, סוחר אין ווילנע.

ה׳ לואי לעווי, אינזשעניר אין קורסק.
ה׳ ריינעס, רב אין לידע.

דער לעצטער רעפּרעזענטירט דעם אָרטאָדאָקסישן עלעמענט. אַלע זענען ערלעכע מענטשן און פאַרדינען דעם אַבסאָלוטן צוטרוי.

אין מיטן פון אַלע זיינע דאגות און עגמת־נפשן שרייבט אַן הערצל אַ כאַראַקטעריסטישן בריוו צו זיין נאָענטן פריינד דזשאָ־זעף קאָוועז, איינעם פון די ערשטע ציוניסטן אין ענגלאַנד און פאַר פיל יאָרן פּרעזידענט פון דער ענגלישער ציוניסטישער פעדעראַציע.

ווין, 31סטן דעצעמבער, 1903.

פון אַ בריוו צו דזשאָזעף קאָוועז אין לאָנדאָן.

״נאַטירלעך וואָלט עס געווען גוט, ווען איך וואָלט געהאַט דעם צענטער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין לאָנדאָן. אָבער דאָס וואָלט געווען מעגלעך בלויז דאַן, ווען איך וואָלט דאָרט געהאַט מיין עקזיסטענץ. אַז איך זאָל ווען עס איז זיך לאָזן אויסהאַלטן פון אונדזער באַוועגונג, אין וועלכער עס איז פאַרעם — איז די לעכערלעכסטע אידעע.

ערשטנס, האָב איך נישט דעם נייטיקן כאַראַקטער.

צווייטנס, ווען איך וואָלט שוין געהאַט דעם כאַראַקטער, טאָ זאָל מיך גאָט דערפון שומר ומציל זיין.

ווין, 4טן יאַנואַר, 1904.

פון אַ בריוו צו פּלעווען:

״איך האָב דעם כבוד אייך איבערצוגעבן די ידיעות, וועלכע איך האָב באַקומען פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

דער פאַרטרויונגס־מענטש, וועלכן איך האָב באַאויפטראַגט איבער־צוגעבן מיין בריוו צו זיין עקסעלענץ ה׳ זינאָוויעוו, דעם רוסישן אַמ־באַסאַדאָר, האָט באַקומען פאָלגנדיקן ענטפער: ״מען האָט מיר געשריבן וועגן דעם (וועגן אַן אינטערווענץ ביים סולטאַן) פון פּעטערבורג, אָבער

ביז איצט האָב איך נאָך גאָרנישט געטאָן. און עס וועט נישט זיין לייכט צו טאָן וואָס עס איז״.

דער ענטפער פון זיין עקסעלענץ ה׳ זינאָוויעוו באַווייזט איבעריקנס די ריכטיקייט פון די באַמערקונגען, וועלכע איך האָב זיך דערלויבט איבערצוגעבן אייער עקסעלענץ. אַ געוויינלעכער שריט ביים סולטאַן האָט אַזוי ווייניק אויסזיכטן, אַז דער אַמבאַסאַדאָר האָט אפילו אים נישט גע־וואָלט אונטערנעמען.

דערמיט פאַרענדיקט זיך דאָס ״רוסישע קאַפּיטל״ אין הערצלס אַרבעט. אַלע זיינע באַמיונגען ביי פּלעווען וועגן הילף פון דער צאַרישער רעגירונג ביים סולטאַן האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט.

הערצל הייבט אָן אַ ניי קורץ קאַפּיטל: איטאַליע. ער פאָרט קיין רוים צום קעניג און צום פּויפּסט.

[ ז ]

הערצלס טרעפונג מיטן איטאַליענישן קעניג

די נעגאַטיווע שטעלונג פון פויפסט פיוס דעם צענטן

די באַמיונגען צו געווינען יעקב שיף

דער לעצטער בריוו

הערצלס טויט

20סטן יאַנואַר, 1904, אין באַן־וואַגאָן,
דערנענטערנדיק זיך צו פלאָרענץ.

אין ווין בין איך ביז צו דער לעצטער מינוט געווען זייער באַשעפטיקט.
דאַן האָב איך זיך אָפּגערוט פיר און צוואַנציק שעה אין ווענעציע.

אַ זייער בלויער מאָנטיק.

אין אָוונט האָב איך געפילט, אַז עס וועט זיין אַ נאַרישקייט אָנצוטאָן מיין סמאָקינג פאַר די אַנדערהאַלבן ענגלענדער אין גראַנד־האָטעל, און איך בין דעריבער אַוועקגעגאַנגען אין באַוערס עסטרייכישן ביר־הויז.

ווען איך בין אַריינגעקומען, האָט זיך עמעצער אַ בייג געטאָן צו מיר פון אַ ווינקל, ווו עס איז געזעסן אַ געזעלשאַפט. איך האָב אים נישט גלייך דערקענט. דאַן איז צוגעקומען צו מיר אַ קעלנער און מיך געפרעגט, צי איך בין הערצל פון ווין.

בכדי צו האָבן מנוחה האָב איך אין אָנהייב געוואָלט זאָגן, אַז ניין. אָבער איך האָב נישט געלייקנט.

דאַן איז צוגעקומען צו מיין טיש דער מאָלער און פויפסטלעכער גראַף ליפּאַי.

אויף דעם דאָזיקן אופן האָט זיך אָנגעהויבן עפּעס אַזעלכעס, וואָס וועט אפשר האָבן גרויסע קאָנסעקווענצן.

נאָך פינף מינוטן האָט ליפּאַי מיר געזאָגט: "קומט קיין רוים, איך וועל אייך פאָרשטעלן פאַרן פויפּסט".

ער האָט דאָס זיכער געטאָן פון פוסטער באַרימעריי.

איך האָב אים נישט געענטפערט, אַז "איך האָב אייך טאַקע נאַר־וואָס געוואָלט בעטן וועגן דעם", נאָר "אָ, יאָ, קען זיין, עס לאָזט זיך רעדן".

איך האָב אין די יאָרן געלערנט צו באַהערשן מיינע ערשטע באַוועגונגען.

הערצל קומט קיין רוים, ווערט אויפגענומען פון איטאַליענישן קעניג וויקטאָר עמאַנועל דעם דריטן און האָט מיט אים אַ וווּנדערלעך־אינטערעסאַנטן געשפּרעך. דער גאַלאַנטער קעניג — ווי הערצל האָט אים שפּעטער אָנגערופן — ווייזט אַרויס אַ שטאַרקע קענטעניש פון די יידישע פּראָבלעמען. ער איז אויך גוט באַהאַוונט אין דער ארץ־ישראל־פראַגע און ווייסט וועגן די פּאָליטישע שריט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. דער קעניג דריקט אויס אָפן זיין סימפּאַטיע צום ציוניזם און דערקלערט, אַז ער גלייבט אין דעם ענדגילטיקן זיג פון דער ציוניסטישער אידעע: "ארץ־ישראל וועט און מוז געהערן צו אייך. דאָס איז נאָר אַ פראַגע פון צייט" — זאָגט דער קעניג צו הערצלען.

דער קעניג האָט געוווּסט וועגן אַלע אַנטוויקלונגען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. אויך דער אוגאַנדע־קאָנפליקט איז אים געווען באַקאַנט. ער האָט אויסגעדריקט הערצלען זיין קעגנערשאַפט צום אוגאַנדע־פּלאַן און האָט געזאָגט, אַז ער סימפּאַטיזירט מיט דעם אַטענטאַט, וואָס איז אין ווינטער נאָכן אוגאַנדע־קאָנגרעס, געמאַכט געוואָרן אויף נאָרדוין אין פּאַריז דורך אַ "בייקזאָגער". אַ פאַנאַטישער רוסישער ציוניסט האָט אין דעצעמבער 1903 געפּרוּווט שיסן אויף נאָרדוין אויף אַ ציוניסטישן באַל אין פּאַריז. דער אַטענטאַט איז נישט געווען קיין ערנסטער, און נאָרדוי איז אָפּגעקומען מיט אַ מינוט שרעק. אָבער דער איטאַליענישער קעניג, וועלכער האָט זיך פאַראינטערעסירט אויך מיט דער דאָזיקער געשעעניש אין דער ציוניסטישער וועלט, האָט געזען אין דעם אַ באַזונדערע באַדייטונג.

רוים, 23סטן יאַנואַר, 1904.

היינט האָב איך געהאַט מיין אוידיענץ ביים קעניג.

ביז 10.30 האָב איך געפּטרט מיין צייט אין האָטעל. דאַן האָב איך באַפוילן מיין קוטשער צו פאָרן פּאַמעלעך און פינף מינוט נאָך עלף מיך אַראָפּלאָזן ביים קווירינאַל.

אונטערוועגנס, אין אַלט־נייעם רוים, איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק

צו בויען אין ירושלים אַ גאַס, וועלכע זאָל הייסן "די גאַס פון גלות" און זאָל האָבן די אַרכיטעקטור־סטילן פון אַלע צייטן און פעלקער, דורך וועלכע מיר זענען דורכגעגאַנגען. עס זאָלן אַרויסגעגעבן ווערן באַשטי־מונגען וועגן בויען פאַר די איינצלנע טיילן פון דער גאַס. און עס וועט באַקומען אַ פּלאַץ (אומזיסט ?) נאָר דער, וועלכער וועט זיך פאַרפליכטן צו בויען אין דעם סטיל פון זיין טייל גאַס.

פינף מינוט נאָך עלף בין איך אַריינגעפאָרן אין קווירינאַל, ביים פּאַלאַץ פון קעניג.

דער אַרויפגאַנג איז עלעגאַנט, אָבער נישט גרויסאַרטיק.

נאָך דעם לאַנגן אַרויפגיין אויף די טרעפּ האָב איך איבערגעכאַפּט דעם אָטעם אין דעם צימער פון די אַדיוטאַנטן. אַ גענעראַל און אַ קאַפּיטאַן, וועלכע האָבן זיך פאָרגעשטעלט פאַר מיר און זענען געווען זייער העפ־לעך. מיר האָבן לעבהאַפט געשמועסט — אין איטאַליעניש, אויף וויפל מיינע מיטלען האָבן מיר נישט אויסגעפעלט.

צוואַנציק מינוט נאָך עלף איז פון דעם צימער פון קעניג אַרויסגעקומען אַ גייסטלעכער, וואָס האָט געטראָגן דעם הוט פון אַ קאַרדינאַל, און גלייך נאָך דעם בין איך אַריינגערופן געוואָרן.

אין אוידיענץ־זאַל איז דער קעניג, אין מונדיר פון אַ גענעראַל, אָן אַ שווערד, אַנטקעגנגעקומען און מיר אויסגעשטרעקט די האַנט, ווי צו אַן אַלטן באַקאַנטן, שמייכלענדיק פריינדלעך. ער האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ פאָטעל : "לייגט אַוועק אייער הוט". דאַן האָט ער זיך געזעצט ענג נעבן מיר אויף דער סאָפע. דאָס, וואָס ער איז קליין אין וווקס, וויזט מיר אויס צו זיין דער ווייטיק פון דעם דאָזיקן קעניג. ער איז קלוג, זייער געבילדעט, זייער ליבנסווירדיק און זייער באַשיידן. ווען ער זעצט זיך אַוועק, וויל ער גאָרנישט מער אימפּאָנירן. ער האָט מיך געמאַכט זיך פילן זייער באַקוועם און איך האָב טאַקע געפּלוידערט מיט אים אַ גאַנצע שעה לאַנג אויף דעם בעסטן אופן. אָפט האָבן מיר גערעדט ביידע גלייכצייטיק. אַזוי לעב־האַפט איז געווען אונדזער געשפּרעך (אין פראַנצויזיש).

איך האָב אים דערציילט אַלץ, וואָס איך האָב געדאַרפט. און ער האָט גערעדט וועגן אַלע מעגלעכע זאַכן, צום ביישפּיל :

„ביי אונדז איז נישט פֿאַראַן קיין אונטערשייד צווישן יידן און קריסטן. די יידן קאָנען ווערן אַלץ. זיי ווערן אויך אַלץ. די אַרמיי, די רעגירונגס־אַמטן, אויך די דיפּלאָמאַטיע — אומעטום האָבן זיי אַ צוטריט. אין פֿאַר־לאַמענט זענען דאָ אַכצן יידן, כאָטש לויט דער צאָל פֿון דער באַפֿעלקע־רונג, וואָלט זיי געקומען בלויז איינער, אפֿשר נאָר אַ האַלבער. אין יעדן קאַבינעט זיצט אַ ייד — איצט לוצאַטי. פֿריער זענען געווען גענעראַל אַטאָלענגי און וואָלעמבאָרג. פֿון די נידעריקערע פּאָסטנס איז גאָר נישט וואָס צו רעדן. מיר זענען די איינציקע, וועלכע לאָזן צו יידן צו דער דיפּלאָמאַטיע".

„אויך אַמעריקע, סער!"

„איך מיין די אייראָפּעישע מאָנאַרכיעס. ביי אונדז זענען די יידן אין גאַנצן איטאַליענער (דער קעניג האָט אָנגערופֿן אַ גרויסע צאָל נעמען). „מען מאַכט אויך אין ערגעץ נישט קיין אונטערשייד. נאָר אין איין שטאָט: אין ליוואָרנאָ, ווייל דאָרט זענען די יידן צו רייך. אָבער מיט רעליגיע און דאָס גלייכן האָט דאָס נישט צו טאָן. דאָס אַלץ זענען נאַרישקייטן. דער הער, וועלכן איר האָט געזען אַרויסגיין, איז דער צווייטער, וועלכער איז מיך געקומען זען אין פֿיר יאָר".

דאַן זענען מיר אַריבערגעגאַנגען — איך ווייס נישט, ווי אַזוי — צו דער פֿראַגע וועגן ארץ־ישראל.

„איך קען זייער גוט פּאַלעסטינע" — האָט ער געזאָגט — „איך בין דאָרט געווען פֿיל מאָל. אויך גראָד דעמאָלט, ווען מיין פֿאָטער איז אומ־געבראַכט געוואָרן. דאָס לאַנד איז שוין זייער יידיש. עס וועט און עס מוז געהערן צו אייך. דאָס איז נאָר אַ פֿראַגע פֿון צייט. ווען איר וועט האָבן דאָרט אַ האַלבן מיליאָן יידן".

„מען לאָזט זיי נישט אַריין, סער!".

„איי, וואָס רעדט איר. מיט באַקשיש וועט אַלץ גיין.

„איך וואָלט דאָס גאָרנישט געוואָלט טאָן. אונדזער פּלאַן באַדייט: אונ־ווערסטיציעס, אויסבעסערונגען. איך וואָלט עס אָבער נישט געוואָלט אונ־טערנעמען אַזוי לאַנג, ווי דאָס לאַנד געהערט נישט צו אונדז".

ער האָט געלאַכט און באַנוצט אַן איטאַליענישן אויסדרוק — עפּעס

אַזעלכעס, וואָס האָט געמיינט צו זאָגן, אַז דאָס וואָלט געהייסן צו רעכט מאַכן יענעמס הויז.

„פריער וואָלט איך געוואָלט האָבן דעם סולטאַן פאַר דעם פּראָיעקט".

„דאָס איינציקע, וואָס ווירקט אויף אים — האָט דער קעניג געזאָגט — איז געלט. ווען איר וועט אים צוזאָגן פאַר דעם ירדן־טאָל אַ העלפט דערפון, וואָס ער וועט אַריינברענגען, וועט ער אים אייך אָוועקגעבן".

„יאָ, מיר דאַרפן אָבער האָבן אויטאָנאָמיע".

„וועגן דעם וועט ער גאָרנישט וועלן הערן. ער האָט פיינט דאָס וואָרט".

„פאַר מיר וועט זיין גענוג די זאַך אַליין, סער. מען קאָן דאָס אָנרופן, ווי מען וויל. איך וועל זיך ענדלעך דערלויבן צו זאָגן, וואָס איך וויל בעטן פון אייך, סער!".

ער האָט געלאַכט: „גוט, איך הער!".

איך האָב אים געוויזן די בריוו פון פּלעווען און פון גרויסהערצאָג פון באַדען, בכדי אים צו איבערצייגן, אַז אונדזער פּלאַן איז שוין אויף אַ וועג.

ווען ער איז ביים לייענען פּלעוועס בריוו צוגעקומען צו דעם פאַר־טרוילעכן אָרט, האָט ער געזאָגט שמייכלענדיק:

„איך וועל גאָרנישט אויסזאָגן".

ווען ער האָט איבערגעלייענט דעם גאַנצן בריוו, האָט ער זיך אָב־גערופן:

„דאָס איז אַ גרויסער דערפאָלג. עס וווּנדערט מיך, וואָס מען האָט אייך אַזאַ דאָקומענט געגעבן אין האַנט אַריין".

דעם אינהאַלט פון גרויסהערצאָגס בריוו האָט ער זיך געלאָזט איבער־זעצן, ווייל עס איז אים צוגעגאַנגען אַ ביסל שווערלעך מיט דער דייט־שער שפּראַך. ער האָט זי געלערנט בלויז פון זיין גוווערנאַנטין, און נישט באַזונדערס גענוג.

איך האָב אים אַלץ דערקלערט און האָב אים ענדלעך געבעטן:

סער, אייער פּערזענלעכע אינטערווענץ ביים סולטאַן וואָלט אונדז געקאָנט אַ סך העלפן. שרייבט אים אָן אַ בריוו!".

ער האָט געזאָגט: „איך וואָלט עס גערן געוואָלט טאָן, אָבער איך קאָן

נישט טאָן אַלץ, וואָס איך וויל. ווען איך זאָל אייך איצט עפּעס צוזאָגן און דאַן נישט האַלטן דעם צוזאָג — וואָלט איך דאָך נישט געהאַנדלט ווי אַן אָנשטענדיקער מענטש. איך מוז זיך פריער באַראַטן. רעדט אויך מיט טיטאָניץ (דעם אויסערן־מיניסטער). איך זע אים היינט אין אָוונט, וועל איך אים צוגרייטן פאַר אייער באַזוך. איך זאָג אייך צו נאָר מיין גוטן ווילן, נישט מיין טאַט".

דאַן זענען מיר ווידער אַריבערגעגאַנגען צו ארץ־ישראל. איך האָב אים דערציילט וועגן מיינע פּלענער אויף דער צוקונפט, וועגן "אַלט־ניי־לאַנד". ער האָט פאַרלאַנגט דאָס בוך, אויב מעגלעך נישט אין דייטש. אויב ער זאָל עס דאַרפן לייענען אין דייטש, וואָלט עס געווען פאַר אים אַ שווערע אַרבעט. מיר האָבן גערעדט וועגן ירדן, וועגן ים־המלח־קאַנאַל. ער האָט באַמערקט ריכטיק: "ווו וועט אָבער אַהינקומען דאָס זאַלץ?"

איך האָב געזאָגט: "טעכניקער האָבן שוין פאַרויסגעזען די גאַנצע זאַך".

דאַן האָבן מיר ווייטער געהאַלטן ביים סולטאַן.

ער האָט געזאָגט: "איך קען אים. ער איז אַ כיטרער".

איך: "אָבער פול מיט פאַרדאַכט! ער האָט מורא פאַר אַלעמען".

ער: "ער האָט מורא, אַז מען זאָל אים נישט אומברענגען. ער גע־טרויט נישט קיינעם".

און פּלוצעם האָבן מיר דאַן גאָר אָנגעהויבן רעדן וועגן שבתי צבי, וועמענס געשיכטע ער האָט געקענט. ער האָט מיר דערביי דערציילט אָט וואָס:

"איינער פון מיינע עלטער־עלטער־זיידעס, מיט עלף אָדער צוועלף דורות צוריק, אַ קאַרל־עמאַנועל, האָט קאָנספּירירט מיט שבתי צבי. ער האָט געוואָלט ווערן קעניג פון מוקדון, פון ציפּערן, און ווייס־איך־נאָך־פון־וואָס, קורץ — ערגעץ ווו אַ קעניג. ער איז געווען אַ ביסל אַ משוגענער, אָבער ער האָט געהאַט גרויסע אידעען".

דאַן האָט ער גערעדט וועגן משיחים אין אַלגעמיין (מיט אַ פאַרשטענד־לעכן חוזק) און האָט געפרעגט, צי עס זענען נאָך פאַראַן יידן, וועלכע וואַרטן אויף משיח.

„נאַטירלעך, מאַיעסטעט, אין די רעליגיעזע קרייזן און אונדזערע. אין די שטודירטע און אויפגעקלערטע איז נישט פאַראַן“.

דערביי האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ער האָט לכתחילה געמיינט, אַז איך בין אַ ראַבינער.

„ניין, ניין, סער, די באַוועגונג איז אַ נאַציאָנאַלע“. און צו זיין גרויסן פאַרגעניגן האָב איך אים נאָך דערציילט, ווי אַזוי איך האָב אין ארץ־ישראל אויסגעמיטן נישט צו רייטן אויף אַ ווייסן אייזל אָדער אויף אַ ווייסן פערד, בכדי מען זאָל מיך נישט אַריינשלעפן אין משייחשע חלומות. ער האָט געלאַכט.

וואָס נאָך? ער האָט מיר דערציילט, ווי גענעראַל אָטאָלענגי האָט אַ מאָל געוואָלט צוזאַמענברענגען אין נעאַפּאָל אַ מנין צו דאַוונען, און עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן.

ער האָט גערעדט וועגן יידן אין עריטרייע, אין כינע א״אַ. ער האָט מיר געזאָגט, ווי שטאַרק אונדזער אַלטע ראַסע אינטערעסירט אים.

„אָבער עס קומען אַהער אויך יידן, וועלכע ווערן אויפגערעגט דער־פון, אויב מען דערמאָנט בלויז דאָס וואָרט ייד. אַזעלכע יידן האָב איך נישט ליב. צו זיי רעד איך ערשט אויף אַן אמתן וועגן יידן. איך האָב גערן נאָר אַזעלכע מענטשן, וועלכע ווילן נישט אויסזען אַנדערש, ווי זיי זענען“.

וואָס נאָך? איך האָב אים דערקלערט מיין ערשטן סיני־פּלאַן. און דאַן — וועגן אוגאַנדע.

ער האָט מיר געזאָגט: „איך בין צופרידן, וואָס איר האָט אויפגעגעבן אוגאַנדע. די דאָזיקע ליבע צו ירושלים געפעלט מיר. מיר געפעלט אפילו דער אַטענטאַט אויף נאָרדוין, כאָטש ער איז דאָך געמאַכט גע־וואָרן פון אַ פאַרברעכער און פון אַ נאַר. אָבער עס ווייזט דאָך אַרויס די ליבע צו אַן אידעע. איך אַליין האָב יידן געזען וויינען ביים כותל מערבי. איך האָב עס געהאַלטן פריער פאַר אַ קאָמעדיע, ביז איך האָב עס אַליין נישט געזען. נישט קיין בעטלער, נאָר מענטשן ווי איר אַליין האָבן געוויינט“.

דאַן האָט ער גערעדט וועגן נאַפּאָלעאָנס סנהדרין, אין 1806 (איך

גלייב, אַז אין 1804). איינער אַן אָטאָלענגי, משה, פון פּאַדואַ, האָט זיך באַטייליקט אין סנהדרין.

״נאַפּאָלעאָן האָט געהאַט די אידעע צוריקצושטעלן די יידישע נאַציע, סער!״.

״ביין, ער האָט בלויז געוואָלט די צעזייטע און צעשפּרייטע יידן אי־בער דער גאַנצער וועלט מאַכן פאַר זיינע אַגענטן״.

״דעם דאָזיקן געדאַנק האָב איך אויך געפונען ביי טשעמבערליינען״.

״דער דאָזיקער געדאַנק ליגט אויף דער האַנט״ — האָט געזאָגט דער קעניג.

און ענדלעך האָב איך אויך אָנגערירט מיין פּלאַן וועגן טריפּאָלי: ״צו שיקן דעם איבערפלוס פון דער יידישער עמיגראַציע קיין טריפּאָלי, אונטער די ליבעראַלע געזעצן פון די רעגירונגס־אינסטיטוציעס פון איטאַליע״.

״נאָך אַ מאָל אין יענעמס הויז״ — האָט ער געזאָגט.

״אָבער די טיילונג פון טערקיי, מאַיעסטעט״.

״וועג? עס איז ריכטיק, אַז אַזאַ פאָלק ווי אייערס קאָן וואַרטן אויך הונדערט יאָר. אָבער איר און איך, מיר וועלן שוין דעמאָלט נישט לעבן״.

און אַזוי האָבן מיר נאָך גערעדט וועגן אַ סך פאַרשידענע זאַכן, וואָס זענען מיר שוין אַרויס פון זכרון, ווייל מיר זענען אין דעם געשפּרעך גע־שפּרונגען פון איין טעמע צו דער אַנדערער. פופצן מינוט נאָך צוועלף האָט ער זיך געזעגנט מיט מיר. ער האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל נישט פאַר־געסן אים צו שיקן מיין בוך. ״און ווען איר וועט צוריקקומען קיין רוים, לאָמיך אייך ווידער אַ מאָל זען״.

ער האָט מיך באַגלייט ביז צו דער טיר און מיר געגעבן די האַנט. ביים געזעגענען זיך האָב איך געזאָגט נאָך אַ מאָל ״איטאַליע קאָן אַ סך טאָן פאַר אונדז, ווייל דער סולטאַן האָט מורא פאַר איטאַליע״.

ער איז געבליבן שטיין פאַרטראַכט: ״איר מיינט אַזוי? מעגלעך, אַז מיר שטערן אים. — נו רעדט מיט טיטאָנין. איך קאָן אייך נישט צוזאָגן קיין באַשטימטעס. אָבער מיט אַלע טערקן, וועלכע איך וועל זען, וועל איך רעדן וועגן אייער אידעע״.



נחמן סירקין



נחום סאָקאָלאָוו



חיים ווייצמאַן צווישן ציוניסטישע עסקנים
ס'שטייען: לעאָ מאָצקין, חיים ווייצמאַן, אפרים משה ליליען
ס'זיצן: מאַרטין בובער, בערטאָלד פייוול




ביים קבר הרצל אין ירושלים

נאָך אַ מאָל האָט ער מיר געדריקט די האַנט און געשמייכלט — און איך האָב זיך געפונען אין דרויסן.

צוויי טעג שפּעטער, דעם 25טן יאַנואַר 1904, איז הערצל אויפֿגענומען געוואָרן דורכן פּויפּסט פּיוס דעם צענטן. אָבער דאָס געשפּרעך מיטן הויפּט פון דער קאַטוילישער קירך איז שוין צוגעגאַנגען אין גאַנצן אַנדערש. הערצל איז אַוועקגעגאַנגען פון פּויפּסט אַ שטאַרק אומצופרידענער.

רוים, 26סטן יאַנואַר, 1904.

נעכטן בין איך געווען ביים פּויפּסט. דער וועג איז מיר שוין באַקאַנט, ווייל איך בין עטלעכע מאָל אים שוין דורכגעפאָרן צוזאַמען מיט ליפּאַין.

איך בין געקומען צען מינוט פאַר דער צייט און האָב נישט געדאַרפט וואַרטן.

דורך פיל קליינע סאַלאָנען בין איך אַריינגעפירט געוואָרן צום פּויפּסט.

ער האָט מיך אויפגענומען שטייענדיק און האָט מיר דערלאַנגט די האַנט, וועלכע איך האָב נישט געקושט.

ליפּאַי האָט מיר געזאָגט, אַז איך מוז דאָס טאָן, אָבער איך האָב דאָס נישט געטאָן.

איך מיין, אַז דורך דעם האָב איך פאַרלוירן די גאַנצע זאַך ביי אים, ווייל יעדער וועלכער קומט צו אים, פאַלט פאַר אים אויף די קני און קושט אים, מינדסטנס, די האַנט.

דער דאָזיקער האַנט־קוש האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך זאָרגן. איך בין געווען זייער צופרידן, ווען איך בין ענדלעך פּטור געוואָרן דערפון.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ פאָטעל, אַ מין טראָן פאַר קלענערע ענינים. מיך האָט ער איינגעלאַדן צו זעצן זיך נאָענט לעבן אים, און ער האָט געשמייכלט מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט געוואַרט פריינדלעך, איך זאָל שוין אָנהייבן דאָס געשפּרעך.

איך האָב זיך אַנטשולדיקט פאַר מיין שלעכטן איטאַליעניש, אָבער ער האָט געזאָגט:

„נאָ, סעניאָר קאָמענדאַטאָרע, איר רעדט זייער גוט".

צום ערשטן מאָל האָב איך — לויט דער עצה פון ליפּאַין — אָנגעטאָן מיין טערקישע אויסצייכענונג. דערפאַר האָט מיך דער פּויפּסט כסדר טיטו־לירט: "קאָמענדאַטאָרע" (קאָמאַנדיר).

איך האָב אים קורץ איבערגעגעבן מיין ביטע. אָבער ער — אפשר אויפ־געררייצט צוליב דעם, וואָס איך האָב זיך אָפּגעזאָגט צו קושן אים די האַנט — האָט מיר געענטפערט שטרענג און קאַטעגאָריש:

"מיר קאָנען זיך נישט באַציען גינסטיק צו אייער באַוועגונג. מיר קאָנען נישט פאַרהיטן דערפון, אַז די יידן זאָלן גיין קיין ירושלים — אָבער מיר וואָלטן קיין מאָל דאָס נישט סאַנקציאָנירט. די ערד פון ירושלים, אויב זי איז נישט אַלע מאָל געווען הייליק, איז געוואָרן געהייליקט דורך דעם לעבן פון יעזוס קריסטוס. אַלס דער הויפּט פון דער קירך, קאָן איך אייך נישט ענטפערן אַנדערש. די יידן האָבן נישט אָנערקענט אונדזער האַר, דערפאַר קאָנען מיר נישט אָנערקענען דאָס יידישע פאָלק".

דער קאָנפליקט צווישן רוים, וואָס ער האָט פאַרטראָטן, און ירושלים, וואָס איך האָב פאַרטראָטן — איז דעריבער פון דאָס ניי אויפגעוויקלט געוואָרן.

איך האָב געפּרווּוט אָננעמען אַ מילדערן טאָן. איך האָב אים געזאָגט מיין באַקאַנט וואָרט וועגן עקסטעריטאָריאַליזאַציע פון די הייליקע ערטער. עס האָט נישט געמאַכט קיין שטאַרקן איינדרוק. "דזשערוואַלעמע" טאָר נישט אַריינקומען אין יידישע הענט — האָט ער זיך געהאַלטן ביים זייניקן.

"און דער איצטיקער צושטאַנד, הייליקער פאָטער?"

"איך ווייס, אַז עס איז נישט אָנגענעם, אַז די טערקן באַזיצן אונדזערע הייליקע ערטער, דאָס מוזן מיר פאַרטראָגן. אָבער באַגינסטיקן, אַז די יידן זאָלן באַקומען די הייליקע ערטער — דאָס קאָנען מיר נישט".

"אָבער, הייליקער פאָטער, די לאַגע פון די יידן איז אַ שרעקלעכע. איך ווייס נישט, צי אייער הייליקייט איז באַקאַנט מיט דעם גאַנצן בילד פון דער טרויעריקער לאַגע. מיר מוזן האָבן אַ לאַנד פאַר די פאַרפאָלגטע יידן".

"מוז דאָס זיין "דזשערוואַלעמע"? — מיר קאָנען נישט זיין דערפאַר".

גראַף ליפּאַי האָט זיך געלאָזט אָנמעלדן. דער פּויפּסט האָט אים דער־

ליבט אַריינצוקומען. דער גראַף איז געפאַלן אויף די קני, האָט געקושט דעם פּויפּסט די האַנט און האָט אים דערציילט וועגן אונדזער ווונדער־באַרער באַגעגעניש אין באַוערס ביר־הויז אין ווענעציע. ביז דער פּויפּסט האָט זיך געזעגנט מיט אונדז. ליפּאַי האָט געקניט אַ לענגערע צייט פאַר אים און האָט זיך גאַרנישט געקאָנט אָנזעטיקן פון קושן דעם פּויפּסט די האַנט. דעמאָלט האָב איך געזען, אַז דער פּויפּסט האָט דאָס ליב. איך האָב אים אָבער אויך ביים געזעגענען בלויז געדריקט די האַנט און האָב זיך פאַרבויגן. די אוידיענץ האָט געדויערט אַרום פינף און צוואַנציק מינוט.

רוים, 27סטן יאַנואַר, 1904.

נעכטן בין איך געווען ביים אויסערן־מיניסטער טיטאָני.

דאָס געשפּרעך האָט געדויערט בלויז צען מינוט, און איז אָבער געווען אויסגעצייכנט. דער גאַלאַנטער קעניג האָט שוין אַלץ איינגעאָרדנט. דער קעניג איז פּונקט אַזוי קלוג און ריטערלעך, ווי קליין געוואַקסן. ער האָט מיר נישט צוגעזאָגט קיין באַשטימטעס. אָבער טיטאָני האָט זיך דער־קלערט פאַר גרייט צו טאָן אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך. — זיכער האָט אים דער קעניג אַזוי אָנגעזאָגט. ער וועט שרייבן דעם אַמבאַסאַדאָר אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אַז ער זאָל מאַכן אַ געמיינזאַמען שריט מיט דעם רוסישן פאָרשטייער. די פּערזענלעכע אינטערווענץ פון קעניג קאָן מען אָבער ריזיקירן, נאַטירלעך, ערשט דעמאָלט, ווען מען וועט זיך האָבן פאָרויס פאַרזיכערט, אַז זי וועט אָנגענומען ווערן.

28סטן יאַנואַר, אין באַן־וואַגאָן הינטער פּיסטאַיאַ.

— — דער סך־הכל פון רוים איז דאָך אַ גוטער.

הערצל קומט צוריק קיין ווין און פירט ווייטער אַ גרויסע קאָ־רעספּאָנדענץ מיט די שטאַטסלייט פון איטאַליע, טערקיי, ענגלאַנד. ער פּרוווט אויך נאָך אַ מאָל זיך ווענדן צום צאַרישן מיניסטער פּלעווע. ער ווערט נאָך לאַנגע באַמיונגען אויפגענומען דורכן אוי־סערן־מיניסטער פון דער עסטרייכיש־אונגאַרישער אימפּעריע, גראַף אָגענאָר פאָן גאָלוכאָווסקי. אין די אַלע שריט באַמיט זיך

ווייטער הערצל צו געפינען אַ וועג, ווי אַזוי צו באַוועגן דעם סול־טאַן איינצוגיין אויף דעם פאָרשלאָג וועגן אַ יידישער מדינה אין ארץ־ישראל. מיט דעם פּראָיעקט פון אוגאַנדע פאַרנעמט זיך שוין הערצל כמעט אין גאַנצן נישט. ער אַרבעט טאָג און נאַכט צו דער־גרייכן עפּעס אויפן וועג צו דער פאַרווירקלעכונג פון דער יידנ־שטאַט־אידעע.

אָבער ביי דעם אַלעם מוז הערצל שוין זיין פאַרזיכטיקער מיט זיין אָנגעשטרענגטער אַרבעט. זיין געזונט־צושטאַנד ווערט ערגער פון טאָג צו טאָג.

נישט געקוקט אויף זיין שווערן און געפערלעכן געזונט־צו־שטאַנד, מאַכט הערצל נייע אָנשטרענגונגען און באַמיונגען. אין אַפּריל 1904 הייבט ער אָן איינעם פון די לעצטע שריט זיינע. ער בינדט אָן אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט דעם באַרימטן אַמעריקאַנער יידישן פילאַנטראָפּ און באַנקיר יעקב שיף וועגן אַ וויכטיקן ענין.

ליידער איז הערצלס אַ בריוו צו יעקב שיף געבליבן איבערגע־ריסן אין מיטן — אין איינעם מיט הערצלס לעבן.

פון זיין רייזע קיין איטאַליע איז הערצל צוריקגעקומען אין אַ גוטער שטימונג, נאָך זיינע פאַרהאַנדלונגען מיטן קעניג און מיט דער רעגירונג. אָבער זיין געזונט־צושטאַנד איז פון דער נסיעה שטאַרק פאַרערגערט געוואָרן. זיין פריינד, דער ווינער שריפט־שטעלער היינריך יאָרק־שטיינער, וועלכער האָט אים געזען אין דער צייט, איז דערשראָקן געוואָרן פון די ענדערונגען, וואָס ער האָט געפונען אין הערצלען. עס איז אים נישט צו דערקענען — האָט יאָרק־שטיינער דערקלערט — "זיינע אויגן, אָט די שפּיגלען פון זיין פיינער נשמה, זענען פינצטער געוואָרן". אָבער הערצל אַליין האָט זיך געהאַלטן מוטיק און בראַוו און האָט געקעמפט מיט זיך, נישט אַרויסצוווייזן דעם מינדסטן אויסדרוק פון די שווערע ווייטיקן, וואָס האָבן אים געפייניקט.

און גראָד אין דער דאָזיקער צייט, ווען הערצל האָט זיך אַזוי שלעכט געפילט, האָט ער באַשלאָסן צונויפצורופן דעם גרויסן אַקציאָנס־קאָמיטעט און מאַכן אַ סוף צו דעם אינערלעכן קאָנ־פליקט אין דער באַוועגונג, וואָס איז אויסגעבראָכן און האָט ווייטער אָנגעהאַלטן צוליב דעם אוגאַנדע־פּראָיעקט. דער אַקציאָנס־קאָמיטעט האָט זיך פאַרזאַמלט אין ווין, אָנהייב אַפּריל 1904, און

האָט אָנגעהאַלטן צוויי טעג. הערצלען האָט זיך איינגעגעבן צו געפינען אַ פשרה מיט די רוסישע ציוניסטן, די "ניין־זאָגער". כמעט איינשטימיק איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע אין וועל־כער עס איז אויסגעדריקט געוואָרן צופרידנקייט מיט הערצלס ווייטערדיקע שריט פאַר ארץ־ישראל. די פראַגע וועגן אוגאַנדע איז פאַקטיש אָפּגעלייגט געוואָרן ביז צום שפּעטערדיקן, זיבעטן קאָנגרעס. דער פירער פון דער אָפּאָזיציע, דר. יחיאל טשלענאָוו, האָט דערקלערט, אַז די "ניין־זאָגער" קאָנען איצט פאָרן רויק אַהיים און צוטרעטן צו דער ווייטערדיקער ציוניסטישער אַרבעט מיט אַ באַנייטן מוט. און שליסנדיק די סעסיע פון אַקציאָנס־קאָ־מיטעט, האָט הערצל זיך אויסגעדריקט: "איך האָף, אַז ביי אונדזער קומענדיקער סעסיע, וועל איך קאָנען מיטטיילן וועגן אַ גרויסן פאָרשריט אין אונדזער באַוועגונג".

אָבער דאָס איז שוין געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס הערצל האָט געדעדט פאַר די פירער פון ציוניזם. ער האָט מיט גרויסע אָנשטרענגונגען דערגרייכט זיין ציל ביי דער דאָזיקער סעסיע פון אַקציאָנס־קאָמיטעט, אָבער ער האָט באַצאָלט דערפאַר אַ טייערן פרייז מיט זיין געזונט.

נישט געקוקט אויף זיין שרעקלעכער אויסמאַטערונג און אויף זיינע ווייטיקן, וואָס האָבן אים נישט אָפּגעלאָזט, האָט ער אונטער־גענומען נייע שריט. ער האָט פאַרבונדן אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט דעם גרויסן אַמעריקאַנער יידישן באַנקיר און פילאַנטראָפּ יעקב שיף, זוכנדיק צו פאַראינטערעסירן אים מיט די פּלענער, וואָס זאָלן דערנענטערן די גרינדונג פון יידנשטאַט. ער האָט זיך אפילו געקליבן צו פאָרן קיין פּאַריז און פערזענלעך פאַרהאַנדלען מיט יעקב שיף, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געפונען אויף אַ רייזע איבער אייראָפּע.

ווין, 10טן אַפּריל, 1904.

צו יעקב שיף, פראַנקפורט.

זייער געערטער ה׳ יעקב שיף!

דורך ה׳ טה. ה. שלעזינגער אין פראַנקפורט, האָב איך געהערט, אַז איר געפינט זיך אין אייראָפּע, איך האָב אים געבעטן צו פאַרמיטלען וועגן אַ באַגעגעניש צווישן אונדז.

אין פאַרגאַנגענעם יאָר, ווען איך האָב פאַרהאַנדלט וועגן פּלאַן פון דער קאָלאָניזירונג פון על־אַריש (צפון־טייל פון סיני־האַלב־אינדזל) האָט מיר לאָרד ראָטשילד געזאָגט, אַז ער האָט צו אייך געשריבן וועגן דעם. און אפשר האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער וויל צו אייך וועגן דעם שרייבן, און שפּעטער האָט ער עס אָפּגעלאָזט, ווען פון דער זאַך איז גאָרנישט געוואָרן. מיין זכרון קאָן מיך דאָ האָבן פאַרפירט.

בכל אופן וואָלט איך געוואָלט מיט אייך רעדן וועגן די ענינים פון יידי־שער עמיגראַציע. איך האָב געהערט זייער אַ סך גוטס וועגן אייערע באַ־מיונגען לטובת אונדזערע אָרעמע ברידער. אַ רייזע קיין פּאַריז, וואָס איך האָב געפּלאַנט, וועל איך דעריבער מאַכן פריער, ווי איך האָב גערעכנט, בכדי זיך קאָנען צונויפטרעפן מיט אייך. איך האָף צו פאָרן קיין פּאַריז אין משך פון דער קומענדיקער וואָך און וועל זיך אָפּשטעלן אין האָטעל שאטאן, רי דאגו.

אויב אָבער איך וועל נישט קאָנען פאָרן אין דער קומענדיקער וואָך, וועל איך אפשר דעם 6סטן מײַ קומען קיין לאָנדאָן, ווו איר זאָלט בלייבן — ווי איך הער — ביז דעם 10טן מײַ. מיר וועלן זיך דאַן צוזאַמענקומען ביי לאָרד ראָטשילד. איך וואָלט אייך געווען דאַנקבאַר פאַר אַ גאַנץ גענויער מיטטיילונג, ווי לאַנג און אין וועלכן האָטעל איר וועט בלייבן אין פּאַריז און אין לאָנדאָן.

הערצל האָט אָבער באַלד איינגעזען, אַז די רייזע קיין פּאַריז אָדער קיין לאָנדאָן קאָן ער שוין נישט מאַכן. ער ווענדט זיך דעריבער צו לאָרד ראָטשילד אין לאָנדאָן און בעט אים דורכצו־רעדן מיט שיף: "איך בין פּלוצעם געשטערט געוואָרן צוליב אַ וויכטיקער זאַך פון פאָרן קיין לאָנדאָן" — שרייבט הערצל, פאַר־דעקנדיק די אמתע סיבה — זיין שווערן געזונט־צושטאַנד.

ווין, 29סטן אַפּריל, 1904.

פון מיין בריוו צו ראָטשילדן אין לאָנדאָן:

"איר האָט מיר געזאָגט אין פאַרגאַנגענעם יאָר, ווען איך האָב געפּלאַנט די קאָלאָניזאַציע אויפן סיני־האַלב־אינדזל, אַז איר ווילט שרייבן צו ה'

יעקב שיף אין ניו־יאָרק, אַז ער זאָל זיך באַטייליקן אין דער פינאַנצירונג, אויב עס וועט דערפון עפּעס ווערן. דער סיני־פּלאַן איז דאַן דורכגעפאַלן. אָבער ווען איך האָב מיט אַ קורצער צייט צוריק געהערט, אַז ה׳ שיף איז אין אייראָפּע, האָב איך אים געלאָזט וויסן, אַז איך וואָלט געוואָלט מיט אים רעדן. איך וואָלט אים געוואָלט אויף יעדן פאַל אויפקלערן וועגן מיינע באַשטרעבונגען, וואָס זענען אין דער עפנטלעכקייט פיל מאָל שלעכט פאַרשטאַנען געוואָרן, בכדי מען זאָל אים עווענטועל דאָך קאָנען קריגן, ווען איין טאָג וועט ווערן מעגלעך דורכצופירן אַ גרעסערן פּלאַן. ה׳ שיף האָט מיר געענטפערט אין אַ פאַרהעלטענישמעסיק ברייטוויליקן טאָן און איך האָב געהאַט בדעה מיט אים זיך איצט צוזאַמענצוקומען אין פּאַריז אָדער אין לאָנדאָן. לײדער בין איך אָבער פּלוצעם געשטערט געוואָרן, צוליב אַ וויכטיקער זאַך, צו פאָרן קיין לאָנדאָן. איך ווענד זיך דעריבער צו אייך מיט דער ביטע צו געווינען קודם־כל שיפן, — אויב ער וועט אייך באַזוכן — פאַר אַ צוזאַמענאַרבעט אין פּרינציפּ אין די יידי־שע ענינים. די פּראַקטישע פּרטים וועט ער שפּעטער, אין דער געהעריקער צייט, זיך דערוויסן דורך אייך אָדער דורך מיר״.

צוויי טעג פריער האָט הערצל געענטפערט יעקב שיפן און אים געשריבן, אַז לײדער קאָן ער נישט אַוועקפאָרן פון ווין צוליב זיינע ״פּראָפעסיאָנעלע פליכטן״. דאָס איז געווען אַן אַנדערער אויסרייד פאַר פאַרדעקן זיין קראַנקייט. הערצל האָט געשיקט צו שיפן זיין געטרייען פאַרטרויונגס־מאַן דר. ניסן קאַצענעלסאָן און האָט אים געשריבן:

ווין, 27סטן אַפּריל, 1904.

זייער געערטער הער שיף!

אייער פריינדלעכן בריוו פון בערלין, פון 21סטן אַפּריל, האָב איך מיט דאַנק באַקומען. איר זאָגט, אַז ״מיט אייער גאַנצער יכולת״ זענט איר גרייט פּראַקטיש צו העלפן אונדזערע אונטערדריקטע און אומגליקלעכע מענטשן. דאָס איז אין אייער מויל אַ גרויס וואָרט. און איך בין זייער צופרידן, וואָס איך האָב עס באַקומען. גלייבט אָבער נישט, אַז איך וויל

מאַכן עפּעס אַ נאַרישן פּרווו אַרויפצופירן אייך אויף אַלע מיינע וועגן. איך וואָלט בלויז געוואָלט האָבן אייער הילף, וואָס איך שאַץ זייער הויך אויף דעם געביט, אין וועלכן מיר זענען צוזאַמען פאַראינטערעסירט. טראַכט נישט למען השם, אַז איך וויל ביי אייך שנאָרן פאַר אונדזער אידעע. ניין, מיט נדבות קאָן מען דאָ בכלל גאָרנישט אויפטאָן. וואָס איך וואָלט געוואָלט אייך בעטן, איז צו קריגן אייער מיטווירקונג פון פאַל צו פאַל, וועלכן איר וועט שטענדיק פריער אַליין אונטערזוכן.

מיינע פּראַקטישע פאָרשלאָגן האָב איך געוואָלט אייך מאַכן פערזענלעך. ליידער האָב איך מורא, אַז נישט אין דער לויפנדיקער וואָך און אין די קומענדיקע וואָכן וועל איך קאָנען פון דאַנען אַוועקפאָרן. מיינע פּראָפעס־יאָנעלע פליכטן פאַרהאַלטן מיך .

דערפאַר אָבער, וואָס איך וואָלט געוואָלט אייך גרינדלעך אינפאָרמירן, איידער איר וועט צוריקפאָרן קיין אַמעריקע, שיק איך צו אייך איינעם פון מיינע בעסטע פאַרטרויונגס־מענטשן, דר. קאַצענעלסאָן פון ליבוי, און איך בעט אייך צו זיין אַזוי פריינדלעך און אים אויפנעמען דעם 2טן מיי אין לאָנדאָן.

ביי דער אומגעוויינלעכער באַשיידנקייט פון דעם מאַן, און ווייל איר וועט אים זען צום ערשטן מאָל, איז עס אפשר נישט איבעריק צו מאַכן אייך אויפמערקזאַם אויף זיין ווערט. ער איז אַ געלערנטער און האָט פריער געאַרבעט אַלס אַסיסטענט ביי העלמהאָלצן. נאָכן טויט פון זיין פאָטער האָט ער איבערגענומען דעם פאָטערס גרויסע געשעפטן. זיין אייגענע גינסטיקע לאַגע האָט אים נישט געמאַכט טעמפּ, אַז ער זאָל נישט פילן די ליידן פון אונדזערע אומגליקלעכע ברידער, און איך שאַץ אים אַלס איינעם פון אונדזערע בעסטע מענטשן. דעריבער האָב איך אים אויך נאָמינירט אַלס מיין פאַרטרעטער ביי דער רוסישער רעגירונג, ווען מיניסטער פלעווע האָט מיך אויפגעפאָדערט צו באַשטימען אַ פאַרטרעטער.

מיט דר. קאַצענעלסאָן קאָנט איר זיך דורכשמועסן פאַרטרויליך וועגן אַלעם. איך האָב אים איבערגעגעבן אַלע אינפאָרמאַציעס.

איך באַדויער איצט בלויז, געערטער ה' שיף, וואָס איך האָב נישט קיין מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט אייך פערזענלעך. דאָך וויל איך

האָפן, אַז מיר וועלן זיך דערנענטערן איינער מיטן אַנדערן אין אַן אַרבעט, וואָס וועט זיין פּונקט אַזוי גרויס, ווי גרויס עס איז די מאָראַלישע און מאַטעריעלע נויט, וואָס מען דאַרף העלפן.

הערצלס געזונט־צושטאַנד פאַרערגערט זיך פון טאָג צו טאָג. אַ קאָנסיליום פון דאָקטוירים פאַראָרדנט אים אַוועקצופאָרן אויף זעקס וואָכן אין דעם קור־אָרט פראַנצעסבאַד. זיין האַרץ איז זייער אָפּגעשוואַכט. אָבער אויך אין דעם דאָזיקן מצב זיינעם רוט ער נישט. ער האָט אַ נייעם איינפאַל און שרייבט צום צאַרישן מיניסטער פּלעווע. אין זיין טאָגבוך גיט ער צו אַ באַמערקונג, אַריינשרייבנדיק דעם בריוו. די באַמערקונג לייענט זיך קורץ: "צוזאַמענגעבראָכן":

פראַנצעסבאַד, 13טן מײַ, 1904. (צוזאַמענגעבראָכן).

פון אַ בריוו צו פּלעווען:

איך האָב דעם כבוד אייך מיטצוטיילן פאָלגנדיקע פאַקטן.

גאָר לעצטנס האָב איך מיין פריינד דר. קאַצענעלסאָן פון ליבוי, גע־שטעלט אין פאַרבינדונג, אין אַ ציוניסטישער אַנגעלעגנהייט, מיט זייער אַ וויכטיקן אַמעריקאַנער באַנקיר. ביי דער געלעגנהייט האָט ה׳ קאַצע־נעלסאָן זיך דערוווּסט געוויסע זאַכן, וועלכע וואָלטן, לויט מיין באַשיידע־נער מיינונג, געוועזן געוווּנג אינטערעסאַנט פאַר דער אימפּעריאַלער רעגי־רונג. איך האָב געראָטן מיין פריינד, וועלכער איז פון לאָנדאָן געקומען אַהער אָפּגעבן אַ באַריכט פון דעם געשפּרעך, אַז ער זאָל אויפן אָרט בעטן אַן אוידיענץ ביי אייער עקסעלענץ. ה׳ קאַצענעלסאָן — ווי איר זוייסט, עקסעלענץ — איז זייער אַ באַשיידענער מענטש, און ער האָט מורא אייך צו באַלעסטיקן. וואָלט מיין געזונט נישט געוועזן זייער דערשיטערט, וואָלט איך טעלעגראַפיש געבעטן ביי אייער עקסעלענץ אַן אוידיענץ פאַר מיר אַליין. אַזוי שטאַרק גלייב איך אין דעם, אַז די זאַך קאָן ווערן זייער וויכ־טיק, ווען זי וועט אַריינקומען אין אייערע הענט.

ווען איר וועט באַוויליקן די אוידיענץ פאַר ה׳ קאַצענעלסאָן, וועט ער אייך אין דער זעלבער צייט דערקלערן די אורזאַכן, פאַר וואָס איך האָב

נאָך נישט געקאָנט פאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל צו פאַרהאַנדלען מיט דער אָטאָמאַנישער רעגירונג.

הערצל גיט צו אין זיין טאָגבוך אַ באַמערקונג, וואָס דערקלערט די מאָטיוון פון זיין בריוו צו פּלעווען:

גלייכצייטיק האָב איך געשריבן צו קאַצענעלסאָנען, וועלכער וואַקלט זיך נאָך און שלעפּט אָפּ דעם ענין.

קאַצענעלסאָן האָט מיר געהאַט מיטגעטיילט, אַז יעקב שיף וואָלט געווען גרייט צו פאַרהאַנדלען וועגן אַ רוסישער הלוואה (אויפן ווונטש פון ענגלישן אויסערן־מיניסטער לאָרד לאַנסדאַון און פון דער ענגלישער רעגירונג — ווי וווּנדערלעך דאָס זאָל נישט זיין), אויב מען וועט עפּעס טאָן אין רוסלאַנד לטובת די יידן.

קאַצענעלסאָן האָט אויף דעם געענטפערט: וואָס מיר דאַרפן, האָט דר. הערצל שוין פאָרמולירט פּלעווען. ער האָט פאַרלאַנגט מיינע ״פּונקטן״, ווייל ער האָט זיי געוואָלט פאָרלייגן דעם קעניג פון ענגלאַנד, ביי וועמען ער האָט געהאַט אַן אוידיענץ. קאַצענעלסאָן האָט אים געגעבן די פּונקטן און האָט מיר געבראַכט אַהער אַ קאָפּיע.

און דאַן נאָך אַ בריוו צו יעקב שיף, אַ בריוו, וואָס האָט געהאַט אַ טראַגישן גורל. מיט דעם בריוו רייסן זיך איבער — אין מיטן און נישט פאַרענדיקט — הערצלס אַלע זעכצן פאַרשריבענע טאָג־ביכער:

פראַנצעסבאַד, 16טן מײַ, 1904.

אַ בריוו צו שיפן.

זייער געערטער ה׳ שיף!

מיין פריינד דר. קאַצענעלסאָן איז געקומען אַהער פון לאָנדאָן און האָט מיר אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן דעם אומגעוויינלעך פריינדלעכן קבלת־פּנים, וואָס ער האָט געפונען ביי אייך. דערלויבט מיר צו דאַנקען אייך דערפאַר אַמוואַרעמסטן. דר. קאַצענעלסאָן האָט מיר אויך געזאָגט, אַז ער האָט אייך געגעבן אַ קאָפּיע פון מיינע פאַרטרוילעכע אינסטרוקציעס. איך

האָב שפּעטער באַוויליקט זיין האַנדלונג, ווייל איך פאַרלאָז זיך אַבסאָלוט אויף אייער דיסקרעציע.

דאָס אַלץ איז און בלייבט געהיים, באַזונדערס פאַר די הערן פון דער יק״א. פון דער דאָזיקער זייט קאָן מען דערוואַרטן גיכער אַלץ, אַחוץ אַ ברייטוויליקייט. געוויס זענען פאַראַן צווישן די פאַרוואַלטער פון דער יק״א אויך אויסגעצייכנטע מענטשן. אָבער אַלס אַ קאָלעקטיווע פּערזאָן האָבן זיי זיך ביז איצט אַרויסגעוויזן פיינדלעך. ווען עס איז פון אונדזער זייט געקומען אַן אָנרעגונג וועגן אַ באמת גרויסער אַקציע קעגן אַ באמת גרויסער נויט. איך ווייס נישט פאַר וואָס די הערן פון הירשס געלטער האָבן בעסער ליב אַריינצולאָזן זיך אין קליינע צוועקלאָזע אונטערנעמונ־גען, וועלכע שטעלן מיט זיך פאַר אַלץ, און נאָר נישט קיין יידישע קאָ־לאָניזאַציע... וואָלט נישט געווען אַזאַ לאַגע, אַז אונדזערע מאַסן גייען אויס אין עלנט און אין שמוץ, בעת אַ מיטל זיי צו העלפן בלייבט נישט באַנוצט, וואָלט מען געקאָנט וועגן דעם מאַכן גאַנץ הומאָריסטישע באַ־טראַכטונגען, צום ביישפּיל: דער גרעסטער פיינד פון אַ צוואה איז איר אויספירער. אָדער: די קרובים פון הירש האָבן איצט וויניקסטנס די נחמה, אַז אויך די אָרעמע יידן האָבן גאָרנישט פון דעם געלט.

איבעריקנס האָב איך שוין לאַנג אויפגעהערט פאַרלירן מיין צייט וועגן דער יק״א און אירע פעלערן. די מענטשן וועלן קומען און נאָכלויפן נאָך אונדז, ווען מיר וועלן זיי שוין מער נישט דאַרפן.

וועגן מיין געדאַנקען־גאַנג ווייסט איר פון דר. קאַצענעלסאָנען און פון מיין בריוו.

דאָ רייסן זיך איבער די טאָג־ביכער.

הערצלס קוראַציע אין פראַנצענסבאַד האָט אים נישט קיין סך געהאָלפן. ער איז צוריקגעקומען קיין ווין און האָט זיך ווייטער געפילט שלעכט. דעם 3טן יוני 1904, איז ער מיט זיין פרוי און מיט זיין נאָענטן פריינד יוחנן קרעמענעצקי, מיטגליד פון ענגן אַקציאָנס־קאָמיטעט, געפאָרן קיין עדלאַך, אין די זעמערינג־בערג. ער האָט געוווסט, אַז דאָס איז זיין לעצטע רייזע. אויף זיין שרייב־טיש אין דער היים איז געבליבן ליגן אַ זייטל פּאַפּיר, אויף וועלכן

ער האָט געהאַט אָנגעשריבן אויף ענגליש: „אין מיטן פון לעבן קומט דער טויט".

דעם 1טן יולי האָט זיך הערצלס קראַנקייט פאַרשאַרפט. ער האָט אָנגעהויבן הוסטן מיט בלוט. זיין דאָקטער, זיגמונט ווערנער, איז שוין כמעט נישט אָפּגעטראָטן פון הערצלס קראַנקן־בעט. אין זיינע אָנפאַלן פון היץ האָט מען געקאָנט אַרויספילן ווי הערצלען ווייזט זיך אויס, אַז ער פרעזידירט דעם ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלכן ער האָט געשאַפן. מען האָט געהערט פון אים אויסרופן: „אָרדענונג, אָרדענונג!".

צו זיין האַרץ־קראַנקייט איז צוגעקומען אַ לונגען־אָנצינדונג. זיין מוטער און זיינע קינדער זענען אַרויסגערופן געוואָרן קיין עדלאַך.

קורץ נאָך זייער אָנקומען, דעם 3טן יולי 1904, נאָך מיטאָג, האָט הערצל אויסגעהויכט דעם לעצטן אָטעם — אין עלטער פון פיר און פערציק יאָר און צוויי חדשים.

אין זיין צוואה האָט ער געבעטן, אַז מען זאָל אים קובר זיין אין ווין נעבן זיין פאָטער „צו בלייבן דאָרט ביז דאָס יידישע פאָלק וועט אַריבערפירן מיינע ביינער קיין ארץ־ישראל".

אין דער אויסגעקעמפטער און באַפרייטער מדינת ישראל איז הערצלס צוואה געטריי און מיט טיפער פאַרערונג אויסגעפירט געוואָרן. כמעט צוויי און פופציק יאָר נאָך דעם ווי הערצל האָט אָנגעשריבן זיינע נביאישע ווערטער „אין באַזעל האָב איך געגרינדעט די יידישע מדינה" איז דער ארון מיט זיינע ביינער — דעם 16טן אויגוסט 1949 געבראַכט געוואָרן קיין ישראל. דער פאָטער פון דער יידישער מדינה רוט זיין אייביקע רו אין ירושלים, אין דער אייביקער הויפּט־שטאָט פון ישראל, אויפן „הר הרצל".

נאָר איצט הייבן מיר אָן זיך אויסצוהיילן פון דעם פאַלשן מיין, אַז מיט דעם פאָרשריט פון דער מענטשהייט וועט ממילא געלייזט ווערן די יידן־פראַגע.

יעדע פאַרבעסערונג אין דער לאַגע פון די יידן איז איצט אויסגע־שלאָסן. אויב עמעצער זאָל מיך פרעגן, פון וואַנען איך ווייס דאָס, וועל איך אים זאָגן, אַז איך ווייס אויך, וווהין עס פאַלט סוף־כל־סוף אַ שטיין, וועלכער גליטשט זיך איבער אַ משופּעדיקן פעלדז.

מיר האָבן ביז איצט נישט געהאַט קיין צוטרוי צו זיך אַליין. אין דעם טאָג, ווען מיר וועלן אָנהייבן גלייבן אין אונדז אַליין, וועט אונדזער מאָ־ראַלישע נויט זיך ענדיקן.

דער ציל צו וועלכן מיר שטרעבן — אויספירן די דערהויבענע באַרופן פון אונדזער פאָלק.

*

דער ציוניזם — איז דאָס יידישע פאָלק אונטערוועגנס.

אין באַזעל האָב איך געגרינדעט די יידישע מדינה. ווען איך זאָל דאָס זאָגן היינט אויף אַ הויכן קול, וואָלטן מיר אויף דעם אַלע געענטפערט מיט אַ געלעכטער. אפשר אין פינף יאָר אַרום, בכל אופן אין פופציק יאָר אַרום, וועט דאָס יעדער איינזען.

איך בין פאַר אַזאַ ציוניזם, וואָס בויט.

*

די אַרבעט וועט אונדז געבן דאָס ברויט פאַר אונדזער מאָרגן, די ערע פאַר אונדזער מאָרגן, די פרייהייט פאַר אונדזער מאָרגן.

גליק וועלן מיר געפינען אין געזונטער אַרבעט אויף אונדזער געליב־טער ערד.

אין טאָג, ווען דער יידישער פויער וועט ווידער נעמען דעם אַקער אין זיין פעסטער האַנט — וועט געלייזט ווערן די יידן־פראַגע.

איך האָב געטראַכט וועגן דער פאָן. אפשר אַ ווייסע פאָן מיט זיבן גאָלדענע שטערן. דאָס ווייסע וועט זיין אַ צייכן פון אונדזער ניי, ריין לעבן, און די שטערן וועלן סימבאָליזירן דעם זיבן־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, וואָס מיר וועלן איינפירן. אונטער דעם צייכן פון אַרבעט וועלן מיר אַריינגיין אין דעם צוגעזאָגטן לאַנד.

*

די פרייהייט פאַרפליכטעט אונדז. מיר מוזן זיין אַ פאָלק פון דערפינ־דער, קעמפער, קינסטלער, געלערנטע, ערלעכע סוחרים און פאַרגע־שריטענע אַרבעטער.

דער הויפּט־כלל פון מיין לעבן: ווער עס וויל ענדערן מענטשן, מוז ענדערן די באַדינגונגען פון זייער לעבן.

מאַכט אייער מדינה אַזוי, אַז דער פרעמדער זאָל זיך פילן גוט ביי אייך.

אונדזער עקספּערימענט איז פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. מיר ווילן זיין די ערשטע מיט אונדזער הומאַניטעט. אַ לאַנד פון נייע פּרוּוון זאָל עס זיין און אַ מוסטערלאַנד.

*

דער ציוניזם איז געווען דער שבת פון מיין לעבן.

בלייבן דאָ — — ביז דאָס יידישע פאָלק וועט אַריבערפירן מיינע ביינער קיין ארץ־ישראל.